מיין דאַנק די אָרגאַניזאַציעס און פריינד,
וואָס האָבן געהאָלפן צום דערשיינען פון בוך:
Literature Board Of The Australia Council

די פריינד משה און סאָניע דאָברייצער

די פריינד מרדכי און פאָלע בוטשקאָ

מיין טאָכטער טאַניע
און מיין פרוי אסתר־לאה

פריינד מיכאל שלעזינגער

ד״ר סערוש ליבערמאַן

דאָס בוך איז פרעמירט געוואָרן (פון מאַנוסקריפט)
דורכן ליטעראַרישן ראַט ביי דער אויסטראַלישער רעגירונג
פאַרן 1980־טן יאָר

דער וואַרשעווער צענטער אין מעלבורן — וואָס עקזיסטירט שוין ביי 34 יאָר (געגרינדעט אין 1947) פירט אָן אַקטיווע געזעלשאַפטלעכע טעטיקייט. ער איז געשאַפן געוואָרן אַלס הילפס־אָרגאַניזאַציע פאַר די שארית־הפליטה. איצטער פירט דער וואַרשעווער צענטער זיין טעטיקייט פאַר מאָראַלישער און מאַטעריעלער הילף פאַר מדינת ישראל און פאַר הייבן די חשיבות פון יידישן וואָרט.

דאַנק איך דעם קאָמיטעט פון וואַרשעווער צענטער פאַר דער הילף ארויסצוגעבן דאָס דאָזיקע בוך.

צום הייליקן אָנדעק פון די משפחות
שוואַרץ - גלאַזמאַן —
קרבנות פון היטלעריזם,
אומגעבראַכטע
אין וואַרשעווער געטאָ

אין אָנדענק פון מיין קוזינקע
שיינדל־לאה (סאָניע)
הערשטיין (זאָנאַבענד) ע״ה
און איר מאַן אברהם ע״ה
— געשטאָרבן אין מעלבורן
(אויסטראַליע)

## מיין סביבה אין וואַרשע



דער אַקטיוו פון טעקסטיל־פּאַראיין אין וואַרשע (1932)

מחבר: לעצטע ריי פון רעכטס, דער נייַנטער

# אינהאַלט:

## רעהאַביליטאַציע



## פאָטאָגראַפיעס דערמאָנען



## אַ „פערעביעזטשיק" דערציילט...



## פּליטים פון 1939 דערציילן...



## מאַפּע פון מיין וואַנדער־וועג

# פאָרוואָרט

אין יאַנואַר 1933 האָט שמואל שוואַרץ, דאַן 19 יאָר אַלט, צוזאַמען מיט אַ יינגערמאַן און צוויי מיידלעך (אַלע קאָמוניסטישע סימפּאַטיקער) געשוואַרצט די פּויליש־סאָוויעטישע גרענעץ. זיי זענען אַנטלאָפן פון פּוילישן אַנטיסעמיטיזם און אַרבעטסלאָזיקייט צו קומען אין אויסגעחלומטן „גן־עדן" אויף דער אַנדערער זייט, אין סאָוויעט־רוסלאַנד. דאָס איז געווען לויט זייער טיפער איבערצייגונג דאָס לאַנד פון פרייהייט, גלייכהייט און פולער באַשעפטיקונג פאַר אַלעמען.

גלייך נאָכן שוואַרצן די גרענעץ זענען זיי אַרעסטירט געוואָרן דורך די סאָוויעטישע רויטאַרמייער און זיי האָבן אדורכגעמאַכט פּילצאַליקע אויספאָרשונגען און תפיסות.

אין 1937, אין דער צייט פון סטאַלינס „רייניקונגען" ווערן זיי אַרעסטירט אַלס אויסלענדישע שונאים און שפּיאָנען. זיי זענען אַדורכגעגאַנגען אַ לאַנגע קייט פון אויספאָרשונגען: געוואָרן געשלאָגן און געפּייניקט דורך די סאַדיסטישע אויספאָרשערס, כדי זיי צווינגען זיך „מודה" זיין אין שפּיאָנאַזש.

כאָטש זיי האָבן אויסגעהאַלטן די אַלע פּייניקונגען און זיך נישט מודה געווען, האָבן זיי פאַרט באַקומען צו 10 יאָר קאַטאָרגע־לאַגער („אויסבעסערונגס אַרבעטס־לאַגער").

ס'איז כדאי צו דערמאָנען דאָס גרעסערע קאַפּיטל פונעם בוך „ביראָבידזשאַנער איזאָלאַציע" וואָס שילדערט ווי ביראָבידזשאַן האָט געפונען אַ גרויסן אָפּקלאַנג ביי דער יידישער יוגנט אין אויסלאַנד, סיי קאָמוניסטישע און אויך אַנדערע — צוליב דער אַרבעטסלאָזיקייט, אַנטיסעמיטיזם און אויך אידעאָלאָגישע טעמים. די סאָוויעטישע פּראָפּאַגאַנדע האָט צוגעזאָגט „גאָלדענע גליקן". די אויסלענדישע יוגנט איז געקומען אהין מיט גרויסע האָפענונגען און ענטוזיאַזם.

שפּעטער אָבער, אין 1937 זענען פאָרגעקומען דאָרטן די מאַסן־אַרעסטן. טויזנטער און אפשר צענדליקער טויזנטער יידן האָבן דאָרטן פאַרלוירן זייערע לעבנס. ש. שוואַרץ און זיין פרוי זענען געווען קרבנות פון דער „ביראָבידזשאַנער איזאָלאַציע". דער מחבר באַשרייבט אין בוך די שווערע איבערלעבונגען סיי פון זיך און אויך פון אַנדערע אַרעסטאַנטן, וועלכע זענען צעשלאָגן געוואָרן, געליטן הונגער, קעלט, קראַנקהייטן און דערנידעריקונגען.

די זכרונות זענען געשריבן אין כראָנאָלאָגישן סדר, איבערגעגעבן פריי פון סטיליסטישע באַפּוצונגען, געשריבן פשוט און עס איז לייכט צום לייענען.

נעמענדיק אין אַכט דעם אינהאַלט פון בוך, די שווערע צייטן וואָס ש. שוואַרץ האָט אַדורכגעמאַכט, פאַלט ער אָבער נישט אריין אין זעלבסט־רחמנות און עס פילט זיך נישט אין די באַשרייבונגען קיין פּרעטענסיעס און בייזוויליקע באַשולדיקונגען קעגן זיינע פיינט. פאַרקערט, אין זיינע ערשטע יאָרן אין רוסלאַנד האָט ער געלעבט מיט דער נאַיווער האָפענונג, אַז די סאָוויעטישע אָנפירערשאַפט וועט סוף־כל־סוף אָנערקענען זיין אומשולד און אים ווי אויך אַנדערע אומשולדיקע מענטשן באַפרייען, אַז מיט דער צייט וועט זיך אַלץ אויסקלאָרן און ער וועט ווערן אַ גלייכבאַרעכטיקטער בירגער פון דער סאָוויעטישער מלוכה. דערנאָך, ערשט שפּעטער קומט די גרויסע אַנטוישונג. דאָס איז ווייניק אויסגעדריקט אין בוך (אויסער אין אריינפיר), נאָר מען קען דאָס ארויספילן פון די עפּיזאָדן, באַשרייבונגען, וואָס באַווירקן דעם לייענער.

ש. שוואַרץ ברענגט די סיבה פאַרוואָס ער האָט געשריבן דאָס בוך: „כ׳וואָלט וועלן, אַז מיינע פשוטע באַשרייבונגען, די נאַקעטע פאַקטן, וואָס איך ברענג דאָ אין בוך, זאָלן אויפקלערן פאַר דער וועלט, וואָס דאָרטן איז פאַרגעקומען און קומט נאָך איצטער פאָר, אפשר אין אַ קלענערער פאָרם. איך האָב אין מיינע זכרונות געבראַכט פאַקטן, וואָס זענען מיט **בלוט** פאַרשריבן אין מיין זכרון. כ׳וואָלט געוואָלט באַווייזן מיט מיינע זכרונות כאָטש עטוואָס, וואָס עס טוט זיך אין יענעם „גן־עדן״. זאָלן די מענטשן, וואָס האָבן נישט געוווּסט זיך דערוויסן און די וואָס גלויבן נאָך אין דעם „גן־עדן״ זיך אויסניכטערן, אַקוראַט ווי איך האָבן זיך אויסגעניכטערט. עס האָט מיך אָבער **צו טייער** געקאָסט״.

דער מחבר האָט אין זיינע שילדערונגען פון די איבערלעבונגען פון דער ברוטאַלער אונטערדריקונג, סיי מצד דער לאַגער־אָנפירערשאַפט און אונטערוועלט און די ליידן פון די שווערע אַרקטישע קלימאַטישע באַדינגונגען האָט מיך דערמאָנט אין בערנאַרד מעלאַמודס „דער פיקסער״, כאָטש דאָס איז פאָרגעקומען אין די צאַרישע צייטן. אויך קעסטלערס מער פילאָסאָפיש בוך „פינצטערניש אין מיטן טאָג״, סאָלזשעניצינס „איין טאָג אין לעבן פון איוואַן דעניסעוויטש״ אָדער „גולאַג־אַרכיפּעלאַג״. כאָטש ש. שוואַרצס בוך האָט נישט די טיפקייט און ברייטקייט און זייער אַנגסטיקער בייזקייט, פאַרמאָגט עס אָבער די באַשיידענע מעגלעכקייטן מיט וועלכע ער אָפּעררירט אין זיינע דערציילונגען, וואָס קריצן זיך איין אין זכרון, ווייל ער איז

אָן עדות פון יענער שרעקלעכער צייט פון דער נישט ווייטער פאַר־גאַנגענהייט. דאָן האָבן מענטשלעכע לעבנס פאַרלוירן זייער ווערט און זיך מקריב געווען פאַר אַ גלויבן, וואָס האָט געזאָלט זיין אַ גאָט און עס האָט זיך נישט באַרעכטיקט.

דאָס בוך האָט אויך אַ ווערט ווי אַ היסטאָרישער דאָקומענט.

דאָס איז דאָס ערשטע בוך, וואָס איז געשריבן געוואָרן אין אויסטראַליע אויף דער טעמע פון סאָוועט־רוסלאַנד אין יענער צייט — פון פאַר דער צווייטער וועלט־מלחמה. משה אייזענבוד, אויך אַ תושב פון מעלבורן ברענגט אין זיין בוך: „געלעבט הינטער קראַטן" די הינטערקוליסן פון רוסלאַנד אין דער מלחמה־צייט. ס'זענען אויך פאַראַן ביכער וועגן די איבערלעבונגען פון די פויליש ייִדן, די פּליטים אין רוסלאַנד (פון די שרייבערס גראָסמאַן, זאַק, פערלאָוו און אַנדערע). ס'איז אָבער נאָך נישט געשריבן געוואָרן וועגן גורל פון די אידעאַליסטישע יוגנטלעכע, וועלכע האָבן געשוואַרצט די פויליש־סאָוויעטישע גרענעץ אין 1932, זייערע ליידן און איבערלעבונגען.

ש. שוואַרץ איז איינער פון אַ סך פון דעם אַזויגערופענעם דור ייִדן, וואָס האָבן אידעאָלאָגיש געזוכט צו לייזן זייערע פּראָבלעמען דורכן קאָמוניזם. ער האָט, ווי אַנדערע, שטאַרק געליטן פאַר זיינע אידעאַלן. די. וואָס האָבן נאָך די גרויסע איבערמענטשלעכע ליידן פאַרט איבערגעלעבט זענען צעשפּרייט איבער דער וועלט, אין פאַר־שידענע לענדער, ווי: אויסטראַליע, קאַנאַדע, צפון־ און דרום־אַמע־ריקע, ישראל, אייראָפּע און אַנדערע לענדער. אַ געוויסע טייל פון זיי זענען געבליבן אין רוסלאַנד.

דער מחבר ברענגט אונדז אין בוך אַ קלאָרע און דראַמאַטישע שילדערונג פון אַ דור פול מיט יוגנטלעכן אידעאַליזם, וואָס איז געוואָרן פאַרפרעמדט און אונטערדריקט. נאָר אַ קליינער טייל פון זיי האָט געהאַט דעם כוח דאָס איבערצולעבן, אדורכמאַכנדיק די שווערע ליידן און דעם שטאַרקן טעראָר — אין דעם ליגט דער ווערט פון דעם דאָזיקן בוך.

**סערזש ליבערמאַן**

## מיין סביבה אין וואַרשע



דער אַקטיוו פון קולטור־קלוב „פּראָגרעס" (1932)
מחבר: דריטע ריי פון רעכטס, דער פערטער

# אריינפיר

איך בין געבוירן געוואָרן אין וואַרשע ביי אַ פּאַלקסטימלעכער בעל־מלאכהשער פאַמיליע. מיין פאָטער, צמח־דוד, איז געווען אַ שוס־טער, אַן ערלעכער, אַרבעטסזאַמער, רעליגיעזער ייד, וועלכער האָט זיך אויסגעצייכנט מיט זיין פריילעכקייט, פאָלקסטימלעכן הומאָר און האָט זייער ליב געהאַט „דאָס ברעטל" צו דאַוונען ביים עמוד אין דער בעל־מלאכהשער שיל אויף פאַנסקע גאַס 3; מיין מאַמע, אסתר (הער־שטיין) איז געווען אַ טיפּיש־יידישע מאַמע, וואָס איז אַזויפיל באַשריבן געוואָרן אין דער יידישער ליטעראַטור. מיינע עלטערן שטאַמען פון שטעטל דזשעוויצע (דאָרטן האָט זיך געפונען „גערלאַכס" מעסער־פאַבריק). כ'האָב געהאַט אַן עלטערע שוועסטער חיה־עלקע, אַן על־טערן ברודער, שלמה, און צוויי יינגערע ברידערס מאיר און ישראל. מיינע עלטערן, מיין שוועסטער מיטן מאַן יאָסל צימערינג און דריי קינדערלעך, אויך מיינע צוויי ברידער זענען אומגעקומען אין וואַר־שעווער געטאָ. ס'זענען געבליבן לעבן פון מיין פאמיליע נאָר מיין יינגסטער ברודער ישראל, וועלכער וווינט איצטער מיט זיין משפחה אין פאַריז.

ביז 13 יאָר האָב איך געלערנט אין חדר, אין תלמוד־תורה, געווען אַ גוטער תלמיד, דאַן האָב איך, נאָך אַ גרויסן קאַמף מיטן טאַטן, אָנגע־הויבן לערנען אין דער ציש"אָ־שול אויף טוואַרדע גאַס 22. פּאַרוואַל־טער איז געווען נתן סמאָליאַר (אומגעקומען אין וואַרשעווער געטאָ). כ'בין יונגערהייט געוואָרן פאַרכאַפּט פון דער קאָמוניסטישער אידעע. מיין עלטערער ברודער שלמה, איז געווען אַ קאָמוניסט, שפּעטער אַ טראָצ־קיסט, האָט ער געהאַט אויף מיר אַ גרויסע השפּעה. נאָך לערנענדיק אין שול בין איך געווען אַ „פּיאָנער" (קאָמוניסטישער קינדער־פאַר־באַנד). כ'האָב געמוזט פאַרלאָזן די שול, אפילו נישט ענדיקנדיק די 6־טע קלאַס. כ'האָב אָנגעהויבן אַרבעטן אַלס טריקאָטאַזשניק, געוואָרן אַ מיטגליד פון וואַרשעווער טעקסטיל־פאַראיין. כ'האָב פיל געלייענט און זייער געוואָלט זיך לערנען, נאָר קיין מאַטעריעלע מעגלעכקייטן דער־צו האָב איך נישט געהאַט. כ'בין געווען טעטיק אין דער יידישער קאָמ. באַוועגונג אויפן קולטור־געביט, נישט שטאַרק אויפן פּאָליטישן געביט, אפילו אָפיציעל נישט געווען קיין מיטגליד פון קאָמוניסטישן יוגנט־פאַרבאַנד. געווען אַ מיטגליד אין קולטור־קלוב „פּראָגרעס" (אַ קאָמוניסטישע פּלאַצוווקע), אין דער פאַרוואַלטונג, אויך אין רע־

פערענטן־קרײַז אונטער דער אָנפירערשאַפט פון מלך גראַמב (פסעוו־דאָנים ג. קעניג, שפּעטער געווען רעדאַקטאָר פון דער פּאַריזער קאַמ. צײַטונג „נײַע פּרעסע"). כ'האָב געשריבן דאַן הומאָרעסקעס, פעל־יעטאָנען פאַר דער לעבעדיקער צײַטונג פון „פּראָגרעס". אויך האָב איך אָנטייל גענומען אין רעפּאָרטאַזשן־קאָנקורס פון דער „ליטע־ראַרישער טריבונע (רעדאַקטאָר י. דײַטשער) אין 1932 מיט אַ רע־פּאָרטאַזש „שטרײַק". ס'האָט מיך שטאַרק אינטערעסירט טעאַטער, האָב איך אויך אָנטייל גענומען אין דראַמאַטישן קרײַז בײַם טעקסטיל־פאַראיין אונטער דער אָנפירונג פון יעקב ראַטבוים.

ס'איז מיר אויסגעקומען פיל צו לייענען אין דער קאָמוניסטישער פּראָפּאַגאַנדע־ליטעראַטור וועגן די גוטע באַדינגונגען פאַרן אַרבעטער און פויער ווי אויך וועגן דעם יושר פון סאָוויעטישן סיסטעם. כ'האָב פיל געהערט וועגן דעם אין טעקסטיל־פאַראיין צו וועלכן כ'האָב געהערט. דער דאָזיקער פאַראיין האָט זיך געפונען אונטער אַ קאָמוניסטישער אָנפירערשאַפט מיט אַבע פלוג, אַבע קאַנטאָר, מענדל סקראַבעק און אַנדערע, האָב איך באַשלאָסן אין 1932־טן יאָר צו שוואַרצן די פּויליש־סאָוויעטישע גרענעץ.

וואָס איך האָב איבערגעלעבט אין מײַן „אויסגעבענקטן און אויס־געטרוימטן סאָוויעטישן גן־עדן" האָב איך זיך באַמיט צו באַשרײַבן פשוט, אָן באַפּוצונגען: 26 יאָר בין איך געווען אין סאָוויעטישן „גן־עדן", פון זיי 11 יאָר אין קאַטאָרגע־לאַגער (כמעט 1 יאָר גלײַך נאָכן אַריבערגיין די גרענעץ און 10 יאָר האָב איך באַקומען אין ביראָ־בידזשאַן), כ'בין אויך 3 יאָר געווען אויף פאַרשיקונג אין מאַגניטאָ־גאָרסק. אַ חוץ דעם האָב איך געלעבט 9 יאָר מיט אַ פּאַספּאָרט, אַלס געוועזענער „קאָנטער־רעוואָלוציאָנער" מיט באַגרענעצונגען אין וווין־אָרט און באַשעפטיקונג. אין 1957־טן יאָר בין איך רעהאַביליטירט געוואָרן און באַקומען פולע רעכט ווי אַ סאָוויעטישער בירגער.

נאָך לאַנגע און שווערע באַמיאונגען פון קנאַפּע 3 יאָר און אַ דאַנק דער הילף פון מײַנע פרײַנד אין פּוילן האָט זיך מיר אײַנגעגעבן צו רע־פּאַטריאירן קיין פּוילן אין 1959־טן יאָר און דערנאָך אין 1963 עמיגרירט קיין אויסטראַליע.

ס'איז פיל געשריבן געוואָרן וועגן ראַטן־פאַרבאַנד, וועגן די סאָ־וויעטישע קאַטאָרגע־לאַגערן. ספּעציעל האָבן געשריבן די ייִדישע שרײַבערס פון פּוילן, וואָס זענען געווען דאָרטן אין דער צײַט פון דער 2־טער וועלט־מלחמה (גראָסמאַן, זאַק, פּערלאָוו, האָפּער און אַנד.) — כ'האָב אָבער נאָך נישט געזען קיין באַשרײַבונג וועגן אונדזער סאַראָ־ווער גרופּע פון כמעט 1000 יונגטלעכע, וואָס האָבן געשוואַרצט די פּויליש־סאָוויעטישע גרענעץ אין יאָר 1932.

די אַלע באַשרייבונגען וועגן די איבערלעבונגען אין סאָוו. רוס־לאַנד זענען ווי אַ טראָפּן אין ים פון די לײדן, וואָס אומשולדיקע מענטשן האָבן אַדורכגעמאַכט אינעם רעזשים פון הפקר, ווו יעדער „נאַטשאַלניק" האָט זײַנע אייגענע געזעצן, זײַן אייגענער דיקטאַטור און דער מענטש איז נאָר אַ װערקצייג, אַ מיטל פאַרן אויספירן זייערע פּלענער, סיי פּאָליטישע און סיי אינדוסטריעלע.

ווער ס׳איז דאָרטן נישט געווען, דעם מענטש פון מערב, דעם וואָס האָט זײַן לעבן אַדורכגעמאַכט אין אַ לאַנד פון אַ נאָרמאַלער, דע־מאָקראַטישער אָרדענונג, וועט זײַן שווער זיך פאָרצושטעלן, אַז אַזעלכעס וואָס איך באַשרייב, קען פּאַסירן, אַז ס׳קאָן זײַן אַזאַ באַצי־אונג צו מענטשן און זיי אינגאַנצן נישט טראַקטירן, ווי לעבעדיקע מענטשן. עס איז גענוג געווען אַ נישט־באַגרינדעטער פאַרדאַכט, און מ׳מאַכט פון זיי פאַרברעכער, וואָס דאַרפן גרויזאַם באַשטראָפט ווערן סיי מיט שווערע אַרבעט, געהאַלטן ווערן אין אוממענטשלעכע באַדינגונגען פון הונגער און קעלט, וואָס אפילו א בעל־חי וואָלט נישט געקאָנט אויסהאַלטן. אָבער אַ מענטש „איז שטאַרקער פון אײַזן". מ׳שאַצט אָפּ, אַז דעמאָלט, אין די יאָרן 1937־1938, ווען ס׳זענען פאָרגעקומען די גרויסע „רייניקונגען" זענען געווען 15 מיליאָן פאַרשלאָסענע אין סאָוויעט־רוסלאַנד.

בכלל זענען פאַראַן השערות, אַז חוץ סטאַלינס משוגעת, (אַז יע־דער וואָס איז פעאיקער פון אים, וויל אים אַראָפּוואַרפן), איז געווען אַן אײַנשטעלונג ביי סטאַלינען און זײַנע מיטהערשערס, אַז „בעסער זאָלן טויזנטער פאַרדעכטיקטע ווערן פאַרשלאָסן אין די קאַטאָרגע־לאַגערן, אידער איינער קען, אפשר, ברענגען שאָדן דער ראַטנמאַכט". דאָס האָט דערפירט צו די מאַסן־אַרעסטן. ס׳זענען אויך דאָ השערות, אַז סטאַלין מיט זײַנע מיטהערשערס האָבן אויסגערעכנט, אַז דער־מיט וועלן זיי באַקומען אַ ריזיקע מאַסע אומזיסטע אַרבעטס־קראַפט פאַר נייע בויאונגען אין לאַנד. דערפאַר האָבן זיי באַשלאָסן צו „איזאָ־לירן"; פאַרשפאַרן אין 1937 נישט זיכערע עלעמענטן, ווי: געוועזענע קולאַקעס, געוו. ווייסגוואַרדייער, געוו. טראָצקיסטן, געוו. אַרעס־טאַנטן, אַלע וואָס זענען אַמאָל געווען אין אויסלאַנד. ס׳זענען אויך געוואָרן אײַנגעזעצט אַזעלכע, אויף וועלכע ס׳איז געווען מסירות, אָדער סתם רכילות. ס׳האָט זיך טאַקע אָנגעזאַמלט אַ ריזיקע מיליאָניקע מאַסע אַרעסטאַנטן.

ס׳איז בכלל אַ פראַגע פון לאָגיק: צי קען מען פאַר אַזעלכע „באַשולדיקונגען" אָדער „פאַרברעכנס" צונעמען ביי מענטשן די פריי־הייט, פאַרמשפּטן אָן אַ געריכט, אויף לאַנגע יאָרן קאַטאָרגע־אַרבעט?

מײַן „זינד" איז באַשטאַנען אין דעם, וואָס איך בין געווען פון

פוילן, אָן אויסלענדער. די גרעסטע די גראַנדיעזסטע בויאונגען אין לאַנד, אין די שווערסטע קלימאַטישע באַדינגונגען פון וויטן צפון זענען אַדורכגעפירט געוואָרן דורך די זע־קאַ, דורך די פאַרשלאָסענע.

ס'איז זיך שווער פאָרצושטעלן וויפיל אומשולדיקע קרבנות ס'האָבן געליטן לאַנגע יאָרן הונגער און פיין און זייער פיל האָבן טאָקע נישט אויסגעהאַלטן און באַצאָלט מיט זייערע לעבנס. פיל זענען אויך גליך געוואָרן דערמאָרדעט.

אָט די אַלע געהיימנישן, די צאָל פון די אומשולדיק, פאַרשיקטע, פאַרפייניקטע און דערהרגעטע — האָט אין זיך איינגענומען די סאָוויע־טישע ערד.

ווי אַזוי איך האָב אויסגעהאַלטן, אויסגעדויערט, אין וועלכן זכות? — איז מיר ביים היינטיקן טאָג שווער צו דערקלערן.

כ'וואָלט וועלן, אז מיינע פשוטע באַשרייבונגען, די נאַקעטע פאַקטן, וואָס איך ברענג דאָ אין בוך, זאָלן זיין אַ קליינער צושטייער אויפצוקלערן פאַר דער וועלט וואָס „דאָרטן״ איז פאָרגעקומען און קומט נאָך עד־היום פאָר (אפשר אין אַ קלענערער פאָרם), ספּעציעל פאַר די, וואָס ווילן עמיגרירן קיין ישראל.

איך האָב אין מיין בוך געבראַכט פאַקטן, וואָס זענען נאָר מיט בלוט געוואָרן פאַרשריבן אין מיין זכרון, ווייל קיין נאָטיצן האָב איך דאָך נישט געמאַכט און נישט געקענט האָבן.

כ'וואָלט וועלן מיט מיינע זכרונות באַווייזן כאָטש עטוואָס וואָס עס טוט זיך אין יענעם „גן־עדן״. זאָלן די מענטשן, וואָס האָבן נישט געוווּסט, זיך דערוויסן און די וואָס גליבן נאָך אין יענעם „גן־עדן״ זיך אויסניכטערן, אַקוראַט ווי איך האָב זיך אויסגעניכטערט. ס'האָט מיך אָבער צו טייער געקאָסט.

שרייבנדיק מיינע זכרונות פון יענער גרויזאַמער צייט האָב איך נאָכאַמאָל איבערגעלעבט די שרעקלעכע מאָמענטן און צייטן; נאָכאַ־מאָל אַלץ אדורכגעזויפטיקט מיט שווערע חלומות און קאָשמאַרע שלאָפ־לאָזע נעכט, וואָס האָבן זיכער געווירקט אויף מיין געזונט־צושטאַנד. נאָר דער דראַנג ארויסצוברענגען פאר דער וועלט כאָטש אַ טראָפּן פון יענעם גרויזאַמען אמת פון יענע איבערלעבונגען האָט אַלץ איבער־געוויגן. כ'האָב זיך געגעבן אַ שבועה, זייענדיק נאָך דאָרטן אין קאַטאָרגע־לאַגערן, אין די שווערסטע אוממענטשלעכע באַדינגונגען:

— וועל איך איבערלעבן, וועל איך ביי דער ערשטער געלעגנ־הייט דאָס ברענגען פאר דער עפנטלעכקייט!

מיט דעם בוך וויל איך מיין שבועה אויספירן.



**איך און מיין פרוי אין ווארשע** (1932)

# דערגרייכט דאָס גליקלעכע לאַנד

## מיר שוואַרצן די גרענעץ

סילוועסטער־נאַכט. די פּוילישע הויפּטשטאָט וואַרשע געזעגנט דאָס אַלטע 1932־טע יאָר און באַגעגנט דאָס נייע 1933־טע יאָר.

אין די רייכע שטאָט־טיילן טראָגן זיך קאָטשן און אויטאָס, אויסגעפּוצטע פּאָרלעך איילן זיך אויף די סילוועסטער־באַלן. שטאַרק־רייסנדע עלעקטרישע ליכט אין די ברייטע שטאָטישע פענצטער, ווו ס׳פינקלען שימערירנדיק מיט פאַרשידענע פאַרבן, די ליוסטרעס און זשיראַנדאָלן אין די רייכע הייזער; די גאַסן: מאַרשאַלקאָווסקע, נאָווי־שוויאַט, אַלייע יעראָזאָלימסקע און אַנדערע, דער צענטער פון וואַרשע איז העל באַלויכטן מיט פאַרשידנקאָלירטע עלעקטרישע ליכט מיט ריזיקע רעקלאַמעס.

וואַרשע, דאָס רייכע וואַרשע פרייט זיך. זיי האָבן אָדורכגעלעבט נאָך אַ רייך יאָר. אויך די אַרבעטער־קוואַרטאַלן פייערן די סילוועס־טער־נאַכט לויט זייערע מעגלעכקייטן ביי יום־טובדיקע טישן.



....אָט אין אַזאַ נאַכט האָב איך אויסגעקליבן צו פאַרלאָזן וואַר־שע, קען זיין אויף שטענדיק. זיך לאָזן אין ווייטן וועג אַהין „ווו ס׳איז נישטאָ קיין אַרבעטסלאָזיקייט, נישטאָ קיין בורזשואַזיע, און דער אַר־בעטער־קלאַס שטייט ביי דער מאַכט״ — אַזוי האָבן פאַרזיכערט די קאָמוניסטישע אומלעגאַלע אויסגאַבן. דאָס האָב איך געהערט אויף פאַרזאַמלונגען אין לינקן פּראָפעסיאָנעלן פאַראיין, אין דעם אַזוי גע־רופענעם קולטור־קלוב „פּראָגרעס״, צו וועלכן איך האָב געהערט און אין אַנדערע קאָמוניסטישע פלאַצוווקעס וואָס וואַרשע האָט פאַרמאָגט.

אונדזער גרופּע איז באַשטאַנען פון פיר יוגנטלעכע קאָמוניסטיש־געשטימטע: 2 יינגלעך און 2 מיידלעך אין עלטער פון 19־20 יאָר. מיר האָבן זיך געלאָזט אין וועג אריין, שוואַרצן די פּויליש־סאָוויעטישע גרענעץ.

צווישן דער ידישער קאָמוניסטישער יוגנט איז יענער צייט איז דאָס שוואַרצן די גרענעץ קיין סאָוויעט־רוסלאַנד געוואָרן עפּעס אַ פּסיכאָז. אַ טרוים, אַ ציל אין לעבן.

אַזאַ שטימונג (צו עמיגרירן) איז ארויסגערופן געוואָרן צוליב דער רעכטלאָזער לאַגע פון דער ידישער יוגנט אין פּוילן, פון זיין באַגרענעצט צו אַרבעטן נאָר אין דער קליין־אינדוסטריע: שוסטעריי, שניידעריי, טרי־קאָטאַזש און ענלעכע. צוליבן גרויסן אַנטיסעמיטיזם האָט מען יידן נישט צוגעלאָזט צו מלוכהשע אָדער שטאָטישע אַרבעטן. ס'זענען אויך אָפּט פאָרגעקומען אין וואַרשע אַנטיסעמיטישע אָנפאַלן, איבער־הויפּט פון די סטודענטן, באַגלייט מיט אויסהאַקן די פענצטער אין ידישע קראָמען און אויסרופן: „זשידזשי דאָ פּאַלעסטיני" (יידן פאָרט קיין פּאַלעסטינע). אַ חוץ דעם איז די אַרבעטסלאָזיקייט געווען גרויס אין דער לייכטער אינדוסטריע, ס'איז געווען זייער שווער צו באַקומען אַרבעט. מיר זענען פיל חדשים אין יאָר געווען אַרבעטסלאָז. האָט טאַקע די יוגנט זיך באַמיט צו עמיגרירן; די ציוניסטישע יוגנט האָט עמיגרירט קיין פּאַלעסטינע (קען זיין אויך צוליב אידעאָלאָגישע טעמים), אַנדערע יוגנטלעכע קיין פּאַריז, ארגענטינע, אויסטראַליע, און אַנדערע ערטער. די קאָמוניסטיש־געשטימטע יוגנט האָט פאַר־שטענדלעך, לויט זייער באַגריף, געצויגן אין גליקלעכן לאַנד, קיין סאָוויעט־רוסלאַנד. אהין צו עמיגרירן איז אויך געווען ביליקער און ווייניקער קאָמפּליצירט. דער וועג אהין האָט געפירט דורך ווילנע. דאָרטן איז געווען דער צענטראַלער פּונקט פון שמוגל אויף „יענער זייט". ס'זענען אָנגעקומען בריוו פון ווילנע פון אונדזערע וואַרשעווער חברים, פאָרן אריבערגיין די גרענעץ. זיי האָבן אונדז געגעבן קאָנ־טאַקטן, אַדרעסן.

מיר האָבן פאַרקויפט דאָס לעצטע ביסל אָרעמקייט, וואָס מיר האָבן פאַרמאָגט, כדי צו קריגן די 200־250 זלאָטעס, וואָס איז נויטיק געווען אַדורכצופירן אָט די „אָפּעראַציע". איך האָב פאַרקויפט אַן אַנ־צוג, אַ פּאָר כמעט נייע שיך וואָס איך האָב געקויפט נאָכן פאַרגאַנ־גענעם סעזאָן (איך האָב געאַרבעט ביי טריקאָטאַזש, וואָס איז געווען אַ סעזאָן־אַרבעט).

אַ דאַנק אונדזער פריערדיקע באַקאַנטשאַפט פון קלוב „פּראָגרעס" און אַנד. קאָמוניסטישע טרעפונגען, האָט אונדז דער גורל צונויפגע־פאָרט: מיך, אַ טריקאָטאַזשניק, מיין צוקונפטיקע פרוי אסתר,

אַן אַרבעטערין ביי פּאַפּירענע בייטעלעך; אברהם, אַ פּודעלע־מאַבער און די געלע סאַרע, אַ שניידערין.

כאָטש מיר האָבן זיך פריער ווייניק געקענט, האָבן מיר אָבער געהאַט איין געמיינזאַמען ווילן און ציל — שוואַרצן די פּויליש־סאָוויעטישע גרענעץ — און קומען אין אויסגעטרוימטן לאַנד.

די גאַנצע זאַך האָט געדאַרפט אַדורכגעפירט ווערן קאָנספּיראַטיוו. מיר האָבן זיך געזעגנט מיט אונדזערע עלטערן, שוועסטער, ברידער און פריינד. יעדער האָט געגומען אַ קליין רענצעלע. איך האָב גענומען מיט זיך נאָר אַ טעקע, כדי ס׳זאָל נישט זיין אויפפאַלנדיק ווי אויף אַן אומלעגאַלע רייזע. מיר האָבן געהאַט אַ פּאַראָל. דאָס הייסט, אַז אין ווילנע ביים צוג, ווען מיר וועלן אָנקומען, וועט מען אונדז אָפּוואַרטן. נאָכן איבערגעבן דעם אָפּגערעדטן פּאַראָל, וועט יענער זיך מיט אונדז פאַרנעמען און אָרגאַניזירן דאָס שוואַרצן די גרענעץ פאַר דער געהעריקער באַלוינונג.

אויפן וואַרשעווער מזרח־וואָקזאַל איז רויִשיק, טומלדיק, כאָטש ס׳איז יום־טוב, סילוועסטער־נאַכט, דאָך איז דאָ פיל פּאַרנדיקע. אַלע האָבן באַגלייטערס. מ׳קושט זיך, מ׳ווינט ביים געזעגענען זיך. אונדז — די פיר „אומלעגאַלע פּאַסאַזשירן״, געזעגנט קיינער נישט אויפן וואָקזאַל צוליב קאָנספּיראַציע. מיר באַמיען זיך צו זיין שטיל, אומבאַמערקט, אפילו נישט צו רעדן צווישן זיך. מיר קוקן זיך פאַרזיכטיק אַרום: אפשר זענען אויך דאָ פאַראַן „שפּיצלעס״ (געהיים־אַגענטן), וואָס האָבן נישט געפעלט אין וואַרשע, ספּעציעל אויף די וואָקזאַלן. אזוי האָט מען אונדז געוואָרנט. יעדן צוויטן, דריטן מענטש זענען מיר חושד, אַז ער שפּירט אונדז נאָך, אַז ער קוקט נאָך אונדז, אַז אָט־אָט מאַכט ער צונישט אונדזערע פּלענער, אונדזערע צילן, צו קומען אינעם לאַנד וווּ מיר וועלן האָבן אַ בעסער און גליקלעך לעבן. מיט אַ ביסל שרעק זענען מיר אָפּגעקומען...

מיר זענען שטיל און רואיק אריין אין צוג, וואָס האָט אונדז געפירט קיין ווילנע. כ׳קען נישט שלאָפן, כ׳פיל אַ ווייטיק אין האַרצן צוליבן צעשיידן זיך מיט מיין געבוירן־אָרט, מיט מיינע נאָענטע, עלטערן, שוועסטער, ברידער און פריינד. נאָר אַ דאַנק דער האָפענונג צו באַגעגענען אינגיכן אַ ניי גליקלעך לעבן — באַהערשט איך מיין טרויער די שטימונג ווערט שטופנווייז אַ בעסערע. ס׳וואָלט זיך וועלן שטיפן זינגען, ווי יוגנט דאַרף, ווי יוגנט פילט, נאָר מען טאָר נישט. מ׳מוז זיין שטיל, פאַרקאָנספּירירט. אויף קיין איין מינוט טאָרן מיר נישט פאַרגעסן, אַז מיר זענען אויף אַן אומלעגאַלע רייזע. ס׳קען זיין, אַז אויך דאָ זענען פאַראַן „שפּיצלעס״ און מיר קענען זיך פאַרשיטן.

לאַנג האָט געדויערט די שלאָפלאָזע נאַכט ביז... דער צוג און־

דזערער האָט זיך אַריינגעריסן מיט אַ פריילעכן געפּייפערײַ אין דער פּאַרטאַגיקער שטאָט ווילנע.

יענער, דער שמוגלער, ווייסט דעם סימן: ווי ס'איז געוואָרן אָפּגערעדט, אַז צו מיין פּאַרטפעל דאַרף זיין צוגעבונדן אַ נאָזטיכל, איך האָב טאַקע אַזוי געטאָן. מיר וואַרטן מיט אומגעדולד, אַז דער געוווּנטשענער פאַר אונדז מענטש זאָל זען דעם סימן און צוקומען צו אונדז.

מיר שטייען נעבן צוג און וואַרטן. אַרום אונדז איז אַזוי טומל־דיק, פריילעך. די געקומענע טרעפן משפחה, פריינד, מ'קושט זיך. אַ ים מיט קושן, די לופט איז פול מיט סמאַטשקעריי.

צו אונדז גייט קיינער נישט צו. אונדז באַגעגנט נישט קיינער...

מיר זענען געבליבן אַליין, נאָר מיר פיר, צוויי יינגלעך און צוויי מיידלעך. אַלע זענען זיך שוין צעגאַנגען און צו אונדז איז קיינער נישט צוגעקומען מיטן אָפּגערעדטן פּאַראָל. ס'קען ווערן אויפפאַלנדיק ווייטער דאָ צו שטיין און אַרויסרופן אַ פאַרדאַכט און זיך נאָך פאַר־שיטן. מיט אַ שווער האַרץ גייען מיר אַוועק פון פעראָן און גייען אַרויס אויפן וואָקזאַל.

דאָ וואַרט מען יאָ אויף אונדז, כאָטש נישט די, וואָס מיר דאַרפן:

— יונגערמאַן, אַ ביליקער האָטעל! — רייסט מען אונדז פון אַלע זייטן — אַ ביליקע אכסניה! יעדערער ציט אין זיין זייט, די קאָנקורענץ איז גרויס. מיר זענען אַוועק צום „ביליקן האָטעל"...

קומענדיק אויפן אָרט האָט דער אייגנטימער פון דעם „ביליקן האָטעל", משמעות, באַלד פאַרשטאַנען מיט וואָס פאַראַ „געסט" ער האָט צו טאָן, ווייל אין יענער צייט זענען אָפט געקומען אַזעלכע „פּאַסאַזשירן". ער האָט אונדז אָנגעהויבן אויספרעגן: פון וואַנען? נאָך וואָס? ווּהין דאַרפן מיר? אין אָנהויב האָבן מיר זיך געהיטן מיט אַ וואָרט. געפונען פאַרשידענע תירוצים, אַרויסדרייעניש. דערנאָך אָבער, אַז מיר האָבן געזען, לויט זיינע רייד, אַז ער פאַרשטייט און ווייסט אַלצדינג, האָבן מיר פאַר אים געעפנט אונדזערע הערצער און אים דערציילט דעם גאַנצן אמת. ער האָט אונדז באַרואיקט און געזאָגט, אַז אונדזער „מאַכער" איז מסתמא „אַריינגעפאַלן", זיך פאַרשיט, דערפאַר איז ער נישט געקומען אונדז טרעפן, נאָר ער קאָן אונדז געפינען אַן אַנדערן „מאַכער". עס פעלט נישט דאָ די מציאה. ער וויל נישט קיין סך פאַר דער טובה.

טאַקע אינגיכן, דעם זעלבן אָוונט איז געקומען אונדזער נייער „מאַכער": אַ קליין יידעלע, אָנגעטאָן אויפן קאָפּ אַ האַרטן קאַפּעליוש (אַ האַלב־צילינדער). פאַרזיכטיק האָט ער געקוקט מיט זיינע פלינקע

איגעלעך און מיט אַ גרילצנדיקער שטימע, אין אַ טיף־ליטווישן ידיש האָט ער אונדז דערקלערט די באַדינגונגען: וואָס? ווען? ווו? און וויפל דאָס וועט קאָסטן.

מיר זענען געקומען צו אַ הסכם, אַז אין צוויי טעג אַרום לאָזן מיר זיך אין וועג אריין. מיר האָבן צוזאַמען באַשטימט, אַז דאָס געלט פאַרן שוואַרצן די גרענעץ לייגן מיר איין ביי אַ באַגלייבטן מענטש, דוכט זיך, ביי אַ רב.

אונדזערע פאָטאָגראַפיעס האָבן מיר צעריסן אויף דער העלפט. איין העלפט נעמען מיר מיט זיך און די צווייטע העלפט געפינט זיך מיטן געלט. ווען דער שמוגלער וועט ברענגען די צווייטע העלפט פון די פאָטאָגראַפיעס, וואָס מיר וועלן אים געבן ביים אַריבערגיין די גרענעץ, דאַן קריגט ער דאָס געלט. מיר דאַרפן אוועקגעבן די אַנדערע העלפט פון די פאָטאָגראַפיעס דעם פירער האַרט ביי דער גרענעץ.

...אינעם באַשטימטן טאָג, נאָכן ארייַנלייגן דאָס געלט ביי א באַ־גלויבטן מענטש, איז דער „מאַכער״ געקומען נאָך אונדז און מיר זענען צוזאַמען געפאָרן קיין לידע, אַ שטעטל נעענטער צו דער גרענעץ. אין דער לידער אכסניה האָבן מיר צוזאַמען מיטן „מאַכער״ געגעסן א גוטע וועטשערע מיט ביר און ער האָט אונדז געווונטשן, אַז מיר זאָלן בשלום אַדורכגיין די גרענעץ. ער האָט דערביי צוגעג־געבן, שמייכלדיק:

— כ׳וויס נישט ווען איך וועט אויסקומען צו עסן נאָך אַזאַ וועטשערע?... איך האָב נישט געלייגט קיין ספּעציעלן אַכט אויף זיינע רייד. שפּעטער, ווען כ׳בין שוין געווען אין „גן־עדן״ איז מיר געקומען אין זינען יענע פראַזע פון אונדזער „מאַכער״ און זיין שמיי־כלע דערצו. דאַן, אָבער, אין לידער האָטעלעכל, אין דער אכסניה, ביי דער לעצטער וועטשערע אין פוילן, האָב איך נאָר געזען איין ליכטיקן ציל פאר זיך — גיכער שוין דערלעבן אַנצוקומען אויף יענער זייט גרענעץ, אין גליקלעכן לאַנד.

מיר האָבן זיך מיטן „מאַכער״ געזעגנט און נאָך אונדז האָבן געדאַרפט קומען אַנדערע וויטער אַדורכצופירן די אָפּעראַציע, טאָקע די אמתע שמוגלערס דורך דער פויליש־סאָוויעטישער גרענעץ.

... ביינאַכט האָט מען אונדז אויפגעוועקט. גיך האָבן מיר זיך אָנגעטאָן, גענומען אונדזערע רענצלעך און פעקלעך. אין דער נאַכט־פינצטערניש האָבן מיר אפילו נישט געזען דעם בעל־עגלה, אַ פאַר־וויקלטער אין שמאַטעס צוליב דעם פראָסט אין דרויסן. מיר האָבן נאָר געהערט זיין פאַרדעמפטע שושקעדיקע שטימע:

— גיכער, גיכער, די צייט שטייט נישט.

מיר זענען אריינגעקראָכן אין א פור, אָן אויסגעבעטע מיט שטרוי. אַ שטיקל צייט, אַן ערך צווי שעה זענען מיר געפאָרן, מסתמא נענטער צו דער גרענעץ. ווידער האָבן מיר זיך אָפּגעשטעלט אין אַ ידישע אכסניה. מ'האָט אונדז פאַרמאַכט אין אַ ווינקל־צימער, ס'האָט אפילו נישט אויסגעזען ווי אַ צימער. אַקוראַט ווי דאָרטן וואָלטן קיינער נישט געווען.

די באַלעבאַטים האָבן אונדז געוואָרנט זיך צו פאַרהאַלטן שטיל. זיי האָבן אונדז געזאָגט, אַז דאָ וועלן מיר דאַרפן וואַרטן ביז שפּעט אין דער נאַכט. מיר קענען דערווייל שלאָפן. ס'איז גוט צו זאָגן שלאָפן. צי איז דען מעגלעך צו שלאָפן? מיר טאָרן נישט רעדן צווישן זיך, נאָר שושקען זיך, אויב עמעצער וויל עפּעס זאָגן. אַזוי האָבן מיר פאַרבראַכט ביז שפּעט אין דער נאַכט.

אויף אונדזער מזל — האָט אונדז געזאָגט דער באַלעבאָס פון דער אכסניה — איז אויסגעפאַלן אַ פינצטערע נאַכט, אָן אַ לבנה, וואָס איז גינסטיק צו שוואַרצן די גרענעץ, אין קעגנפאַל וואָלטן מיר געדאַרפן וואַרטן אויף אַ צווייטע נאַכט.

אין מיטן דער נאַכט האָט מען אָנגעקלאַפּט אין טיר, געהייסן זיך שנעל צוגרייטן. איצטער האָט מען גערעדט צו אונדז נישט אין ידיש, נאָר אין אַן אַנדערער שפּראַך, עפּעס אַ שלעכטן פּויליש. ווי מיר האָבן זיך שפּעטער דערוווּסט איז דאָס געווען ווייסרוסיש. מיר האָבן אָבער פאַרשטאַנען זיינע עטלעכע ווערטער, אַז מיר זאָלן זיך פאַרהאַלטן שטיל, רואיק און אויפמערקזאַם אויספירן זיינע אָנווייזונגען און באַפעלן. ער האָט אויך געפרעגט, צי מיר האָבן נישט קיין קאַלאָשן, כדי מען זאָל נישט אַזוי שטאַרק הערן אונדזערע טריט ביים גרענעץ־פּאַס.

מיר האָבן זיך אריינגעזעצט אין אַ פור, אַן אויסגעבעטע מיט שטרוי, און זיך געלאָזט אין וועג אריין נענטער צו דער גרענעץ.

מיר זענען צוגעפאָרן צו אַ וואַלד. מיר האָבן געהערט אַ שטילע, שעפּטשנדיקע קאָמאַנדע פון אונדזער פירער ארויסצוקריכן פון וואָגן. די פור איז אוועקגעפאָרן. ביים ראַנד פון וואַלד זענען מיר געבליבן זאַלבעפינף. ס'האָט זיך אָנגעהויבן דער געפערלעכער וועג, שוואַרצן די גרענעץ. מיר גייען מיט שטילע טריט: פאָרויס אונדזער פירער, אַ הויכער, ברייטפּלייציקער חברהמאַן, אויפן קאָפּ אַ הויך פוטערן היטל, וואָס מאַכט אים נאָך העכער און מיר נאָך אים. אונדזערע בליקן זענען געווענדט, אָנגעשפּיצט אויף אונדזער פירער: לויט זיין סימן מיט דער האַנט, אָן אַ שאָרך, אָן אַ וואָרט אַרויסצורעדן, פאַלן מיר אויף דער ערד, אין שניי, אָדער מיר באַהאַלטן זיך אונטער די בימער־שטאַמען.

אונדזער שמוגלער קוקט זיך פאַרזיכטיקייט ארום. ער קוקט אַרויס פון אונטער אַ בוים־שטאַם, אָדער הייבט אויף זיין קאָפּ פון שניי. מיר פאָלגן נאָך ווי זיין הויך היטל הייבט זיך אויף, באַוועגט זיך און ער גיט אונדז צייכנס וואָס מיר דאַרפן טאָן.

כ׳פיל נישט די פראָסט פון דער ווינטערדיקער יאַנואַר־נאַכט, מיינע באַקן פלאַמען, ס׳איז הייס. כאָטש מ׳האָט אונדז געוואָרנט, אַז דאָס שוואַרצן די גרענעץ איז אַ וועג פול מיט געפאַרן, אַז אויב מ׳וועט אונדז כאַפּן שמעקט עס מיט קלעפּ און תפיסה, האָב איך גייענדיק נישט געפילט די געפאַר. כ׳האָב געפילט די שטרעבונג צו דערגיין וואָס גיכער צום ציל. כ׳בין צענדליקער מאָל געקראָכן אויף אַלע פיר, איינגעהאַלטן דעם אָטעם, ווען ס׳האָבן זיך געהערט טריט, מסתמא פון די גרענעץ־זעלנער און לייכטער אָפּגעאָטעמט, ווען דאָס איז אַדורך.

אַזוי זענען מיר געגאַנגען דעם געפערלעכן וועג אַן ערך צוויי שעה, וואָס האָבן ביי אונדז אויסגעזען ווי אַן אייביקייט. ביז מיר זענען אַרויס פון וואַלד אויף אַ פריי פעלד, אויף אַ לאָנקע.

אונדזער פירער האָט אונדז מיט דער האַנט אָנגעוויזן אויף אַ פייערל פונדערווייטנס, ס׳האָט אויסגעזען ביי 200 מעטער פון אונדז, און געזאָגט, אַז ווייטער קען ער מיט אונדז נישט גיין. מיר זאָלן זיך האַלטן אין דער ריכטונג פון פייערל וועלן מיר דערגיין ביז דער סאָוויעטישער זייט, דאָרטן איז דער גרענעץ־פּאָסטן. ער האָט געבעטן מיר זאָלן אים געבן די סימנים, די אַנדערע העלפט פון די פּאָטאָ־גראַפיעס, ווי ס׳איז געווען אָפּגערעדט.

מיר האָבן אים שטאַרק געבעטן ער זאָל אונדז פירן נאָך אַ שטיקל וועג. מיר האָבן אים אָפּגעגעבן אונדזערע לעצטע פּוילישע זלאָטעס. נאָך וואָס דאַרפן מיר איצט פּויליש געלט? האָט ער אונדז צוליב געטאָן און אונדז געפירט נאָך א 20 מעטער און איז אַוועק אין דער פינצטערניש פון דער נאַכט.

מיר זענען געבליבן אליין, זאַלבעפערט, צוויי יינגלעך און צוויי מיידלעך, אין אַ פינצטערע יאַנואַר־נאַכט אויף אַן אומענדלעכער לאָנ־קע. אַ פּאָר סעקונדעס פריער, ווען דער שמוגלער איז געווען מיט אונדז, האָבן מיר זיך געפילט זיכער, אָן זאָרג, אַ געניטע האַנט האָט אונדז געפירט. ווי נאָר דער שמוגלער איז אוועק האָבן מיר זיך געזען, ווי שאָף אָן אַ פּאַסטעך. מיר זענען אַ שטיקל וועג געגאַנגען ווייטער אין דער ריכטונג צום אָריענטיר־פונקט, אין דער ריכטונג פון אָנגעוויזענעם דורכן פירער, פייערל. דאָ איז אָבער געשען אַ נישט־פאַרשטענדלעכע זאַך: עס איז פאַרשוווּנדן פאַר אונדזערע אויגן דאָס פייערל, עס איז פאַרפאַלן געוואָרן. מיר האָבן דאָס, דעם אָר־

יענטיר־פּונקט דייטלעך געזען, ווען דער שמוגלער איז געווען מיט אונדז, ס׳האָט דאָך אויסגעזען אַזוי נאָענט און איצטער איז עס נישטאָ.

צי זענען מיר אַראָפּ אין אַ טאָל און דאָס פּייערל האָט זיך געפונען אויף אַ הויכקייט? צי האָבן מיר, אין אויפרעגונג, געביטן די ריכטונג? — שווער פעסטצושטעלן. מיר געפינען זיך אין אַ שווערע לאַגע: נישטאָ דאָס פּייערל, דער אָריענטיר־פּונקט פון אונדזער ווייטערדיקן וועג. וווּאַהין זאָלן מיר גיין, אין וועלכער ריכטונג? מיר זענען פיר מענטשן און יעדערער פון אונדז געדענקט גענוי, אַז דער שמוגלער האָט געוויזן אַן אַנדער ריכטונג: איינער געדענקט אויף רעכטס, אַ צווייטער געדענקט אויף לינקס, איינער קען שווערן, אַז נאָר פאָרויס, אַנטקעגן איז די געהעריקע ריכטונג פון אונדזער ווייטערדיקן וועג; וועמען קענען מיר פרעגן? די געדיכטע נאַכטיקע פינצטערניש? מיר זענען אין אַ גרויסער פאַרלעגנהייט. מ׳האָט אונדז געוואָרנט, אַז דער פּויליש־סאָוויעטישער גרענעץ־פּאַס איז נישט גלייך, ער האָט זיג־זאַגן, מיר קענען גיין גלייך מיטן נייטראַלן פּאַס און קומען צוריק צו דער פּוילישער זייט.

— וווּאַהין זאָלן מיר גיין, אין וועלכער ריכטונג? — גייען מיר פאָרויס, נישט האָבנדיק קיין באַשטימטע ריכטונג. וואָס דען קענען מיר טאָן? ס׳איז אַ פראָסטיקע יאַנואַר־נאַכט, מיר מוזן זיך באַוועגן, גיין פאָרויס. צו אונדזער אויסזיכטלאָזיקייט, שלעכטער שטימונג, קומט נאָך צו די קעלט, די בייסיקע, וואָס נעמט אַדורך דאָס לייב. אונדזער אָנטאָן: די לייכטע מאַנטלען, שטיבלעטן, אָדער די מיידלערישע טופעלעך זענען גאָרנישט צוגעפּאַסט פאַר אַזאַ פראָסט, נאָך דערצו אויפן פרייען פעלד, ווו די פראָסט איז נאָך שטאַרקער מיט אַ ווינט. קלאַפּן אַ פוס אין אַ פוס זיך צו דערוואַרעמען טאָרן מיר נישט, מ׳מוז זיין שטיל. קען זיין, אַז די פּוילישע גרענעץ־וועכטער זענען נאָענט און זיי קענען דערהערן. מיר גייען אַלץ פאָרויס, כאָטש מיר וויסן נישט גענוי צי מיר גייען נענטער צום ציל, אָדער פונעם ציל? אַ מידקייט נעמט אונדז אַרום. ס׳וואָלט זיך וועלן צוזעצן, זיך אָפּרוען אַביסל. מיר גייען דאָך שוין אַ היפּשע צייט. טאָר מען, אָבער, נישט. מ׳קען נאָך, חלילה, איינדרימלען און פאַרפרוירן ווערן. מיר מוזן גיין, כאָטש ס׳איז נישטאָ קיין כוח. ס׳איז שוין זיכער פאַרביי עטלעכע שעה, די ווינטער־נאַכט איז אַ לאַנגע, די פינצטערניש איז נאָך אַלץ אַ געדיכטע. פון איין זייט איז עס אונדזער גליק, מ׳זעט אונדז נישט, און פון דער צווייטער זייט איז עס אונדזער אומגליק. מיר זעען גאָרנישט — נישט קיין וועג, נישט קיין סימן פון קיין ישוב. מיר גייען אַלץ ווייטער, גיין, מיר גייען נישט, נאָר מיר קריכן, שטעלן קוים איבער די פיס צוליב דער מידקייט. אונדזערע מיידלעך זענען

שוין אינגאַנצן אָפּגעשוואַכט, בעטן זיך אָפּצורוען, מער קענען זיי שוין נישט גיין. אויף אַ פּאָר מינוט זעצן זיי זיך צו. די מענער דער־לויבן זיך נישט אויף אַזאַ פאַרגעניגן, כאָטש זיי האַלטן זיך קוים אויף די פיס. מיר פילן אָבער, אַז אונדזערע פיס האַקן זיך אונטער און מיר, די מענער, וועלן אויך נישט קענען אויסהאַלטן און מוזן זיך צוזעצן אָפּרוען און דאָס, פאַרשטייען מיר, איז געפערלעך. הייבן מיר אויף די מידלעך פשוט מיט גוואַלט און גייען ווייטער דעם אומבאַשטימטן וועג.

די צייט גייט לאַנגזאַם, אָבער רוקט זיך פאָרט פאָרויס. די נאַכט גוססט שוין, זי הויכט שוין אויס איר שוואַרצע נשמה. שוין אינגיכן וועט אָנהייבן גרויען דער טאָג. ווי אַ נס, נישט באַוווּסט פונוואַנען און ווי אַזוי האָט זיך פּלוצים צוריק באַוויזן דאָס פאַרלוירענע פּייערל. אַזוי ווי מיר האָבן נישט געוווּסט ווי אַזוי דאָס פּייערל איז פאַר־פאַלן געוואָרן, אַזוי האָבן מיר נישט געוווּסט ווי אַזוי עס האָט זיך צוריק באַוויזן: קען זיין, אַז מיר זענען די גאַנצע צייט געגאַנגען אויף אַ נידעריקן פלאַך און איצטער זיך אויפגעהויבן אויף אַ בערגל? אפשר האָבן מיר צופעליק געביטן די ריכטונג? דאָס איז שווער פעסט־צושטעלן. ס'איז נאָר וויכטיק, אַז מיר האָבן צוריק פאַר אונדזערע אויגן דעם אָריענטיר־פּונקט, דאָס פּייערל.

דאָס מיינט, אַז מיר זענען נאָענט צו די סאָוויעטן, אָדער טאַקע שוין אויף דער סאָוויעטישער זייט. מיר דאַרפן מער נישט זיין שטיל, מיר האָבן נישט וואָס מורא צו האָבן. דאָס פּייערל, דער געפונענער אָר־יענטיר־צייכן גיסט אַריין אין אונדז נייע כוחות: ס'איז פשוט אויס־געוועפּט געוואָרן די מידקייט — מיר גייען דאָך צום ציל. דער ציל איז דאָך נאָענט! מיר פאַרגיכערן אונדזערע טריט און דערנענטערן זיך אַלץ מער און מער צום פּייערל. מיר זענען שוין אינגאַנצן נאָענט.

מיט פרייד הייבן מיר אָן צו שרייען דאָס איינציקע רוסישע וואָרט, וואָס מיר קענען — טאָוואַרישטשי! (חברים!).

עס דערנענטערן זיך צו אונדז צוויי פיגורן. דורך דעם קנאַפּן אָנהייב טאָג־ליכט קענען מיר נישט זען זייערע פּנימער, נאָר לויט די שפּיצן פון זייערע רויט־אַרמייאישע שליאָמען (היטלען) דערקע־נען מיר, אַז דאָס זענען סאָוויעטישע זעלנער, גרענעץ־וועכטער צו וועלכע מיר זענען געגאַנגען, וועלכע מיר האָבן אַזוי געזוכט אַ גאַנצע נאַכט מיט אַזויפיל שרעק און שוועריקייטן.

ספּאָנטאַניש רייסט זיך אַרויס ביי אונדז אַ פריידיק געשריי:

— אונדזערע! אונדזערע, סאָוויעטישע!

זיי, די סאָלדאַטן, לייגן גאָרנישט קיין אַכט אויף אונדזער פרייד. שטאָל־ערנסט, מיט אָנגעשטעלטע ביקסן אויף אונדז, שרייען זיי:

— רוקי וו׳ווערך! (די הענט אין דער הויך!).

דאָס איז געווען פאַר אונדז אינגאַנצן אומגעריכט. ווי מיט אַ שאַרפן מעסער האָט עס אָפּגעשניטן אונדזער פרייד. אונדזערע פריינד זאָלן זיך אַזוי שלעכט צו אונדז באַציען? מיר שטייען געפּלעפּטע, מיר פאַרשטייען נישט זייערע רוסישע ווערטער און ווייסן נישט פאַרוואָס שרייען זיי אַזוי שטאַרק אויף אונדז? פאַרוואָס צילן זיי אויף אונדז מיט די ביקסן? דערשראָקענע שטייען מיר, פאַרלוירענע. די סאָל־דאָטן ווייזן אונדז מיט באַוועגונגען, אַז מיר דאַרפן אויפהייבן אונ־דזערע הענט אין דער הויך. מיר טוען דאָס.

— „ארושיע יעסט? (געווער האָט איר?) — פרעגן זיי.

מיר פאַרשטייען נישט די פראַגע און מיינען, אַז מסתמא פרעגן זיי וועגן דאָקומענטן, פעסער און מיר ענטפערן:

— „יעסט! יעסט! (מיר האָבן!...)

די זעלנער באַטאַפּן אונדז, נישטערן, זוכן דאָס צוגעזאָגטע געווער און... געפינען נישט. זיי הייבן זיך אָן כעסן:

— „גדזשיע אָרוזשיע”? (ווו איז דאָס געווער?) — פרעגן זיי בייז.

מיר זענען אינגאַנצן זיכער, אַז דאָס וואָרט „אָרוזשיע” מיינט דאָקומענטן און מיט אויפגעהויבענע הענט ווייזן מיר מיט די קעפּ אויף די קעשענעס. גיך האָט זיך דאָס מיספאַרשטענדעניש אויפגעקלערט.

זיי, די גרענעץ־וואַך סאָלדאַטן, האָבן צוגענומען אונדזערע דאָקו־מענטן און אונטער אויסגעשטרעקטע ביקסן זענען מיר אַוועקגעפירט געוואָרן צום האַראָדאָקער גרענעץ־פּונקט.

# איבער תפיסות

## (אומצאָליקע אויספאָרשונגען)

דער גרענעץ־פונקט פונעם קליינעם שטעטל האָראָדאָק איז געוועזן איינגעהילט אין שלאָף. דער דיזשורנער רויטאַרמייער האָט געכראָפּעט, ליגנדיק אויף אַ באַנק און עס איז אים גאָרנישט לייכט געוועזן אויפצוּוועקן. מיט גרויס פאַרדרוס, וואָס מ'האָט איבערגעריסן זיין געשמאַקן שלאָף, האָט ער אַרויסגעלאָזט אַ דרייגאָרנדיקן „מאַט" (אין דער מאַמען אריין). אגב איז דאָס געוועזן דער ערשטער „מאַט", וואָס איך האָב געהערט אויף דער סאָוויעטישער ערד און נישט פאַרשטאַנען זיין אינהאַלט און באַדייט. שפּעטער האָב איך דאָס געהערט זייער אָפט און ספּעציעל אויף מיין חשבון.

— שליאַוּטסאַ, ניע דאַיוּט ספּאַט"! (שלעפן זיך ארום, גייען איבער דער גרענעץ, לאָזן נישט שלאָפן!) און באַשמאָלצן מיט אַ „מאַט". מיט אומווילן האָט ער זיך אויפגעהויבן פון דער באַנק און אין איילעניש געעפנט צוויי תפיסה־קאַמערן: איינע פאַר די מענער, די צווייטע פאַר די פרויען. ער האָט אונדז אריינגעלאָזט, גיך פאַרקלאַפּט, פאַרשלאָסן, אפּנים זיך געאיילט צו ענדיקן דעם איבערגעריסענעם שלאָף. דער קאַמער איז געוועזן איינגעהילט אין פינצטערניש. דורכן קליינעם, פאַרקראַטעוועטן פעצטערל, הויך ביים באַלקן, האָבן זיך אריינגעריסן די ערשטע שטראַלן פון דער מאָגערער פאַרטאָג־ליכט. כ'האָב זיך צוגעזעצט אויף די נאַרע־ברעטער, און דערפילט אַ גוואַלדיקע מידקייט. דער קערפּער איז געווען שווער, ווי אָנגעגאָסן מיט בליי. דאָס דורכגעמאַכטע פאַר דער לעצטער נאַכט, די גאַנצע איבערלעבונג, די שרעק פון „שוואַרצן" די גרענעץ מיט אַלע אירע אַדורכגעלעבטע שעהן און מינוטן, האָבן אויסגעזען ווי דאָס וואָלט פאָרגעקומען לאַנג, לאַנג צוריק, נישט ערשט אין דער פאַרגאַנגענער נאַכט. די פיזישע און אויך די גייסטיקע אויסגעשעפּטקייט האָט מיך צוגעשמידט צום האַרטן געלעגער און דער שלאָף האָט מיך ארומגענומען מיט זיינע ווייכע, וואַרעמע הענט.

לאַנג שלאָפן האָט מען מיך נישט געלאָזט. כ'האָב מיט כוח אויפגעריסן מיינע אויגן. פאַר מיר איז געשטאַנען אַ בראַוּוער רויטאַרמייער און מיך געוועקט:

— „ווסטאַוויט״ (אויפשטיין!).

מן־הסתם האָט ער מיך לאַנג געוועקט, ווייל ס׳איז מיר געווען שווער זיך צו באַפרייען פון מיין שלעפעריקייט. כ׳האָב זיך געמוזט אויפהייבן און גיין מיט אים צום „נאַטשאַלניק״ (אָנפירער).

...ביי אַ ביוראָ־טישל, אונטער אַ גרויסן פּאָרטרעט פון סטאַלינען, איז פאַר מיר געזעסן דער גרענעץ־עלטסטער: אַ יינגער מיליטערמאַן מיט אַקוראַט פאַרקעמטע טשאַפּלין־וואָנסעלעך. געבן אים איז געזעסן אַ צווייטער, אַן איבערזעצער פון פויליש. ס׳האָט זיך אָנגעהויבן די „סלעטסטווע״ (אויספאָרשונג). ערשטנס האָט ער געפרעגט מיין נאָמען, פאַמיליע־נאָמען, דעם טאַטנס־נאָמען, אויטאָביאָגראַפיע. דערנאָך זענען געקומען אַנדערע פראַגן — אַ מבול פון פראַגן. ווער האָט מיך געשיקט אַהער? צוליב וועלכן ציל בין איך געקומען? מיט וועמען אין פוילן בין איך פאַרבינדן? צו וועלכער קאָנטער־רעוואָלוציאָנערער אָרגאַניזאַציע האָב איך געהערט אין פוילן? צי בין איך געקומען מיט שפּיאָנאַזש־צילן?

איך האָב געענטפערט אויפריכטיק. דערציילט וועגן מיין עקאָנאָמישער לאַגע אין פוילן, אַלס אַרבעטער און אויך אַלס ייד, וועגן אַנטיסעמיטיזם דאָרטן. כ׳האָב אָנגעגעבן די סיבות פאַרוואָס כ׳האָב געשוואָרצט די גרענעץ, אַז צו קיין שום קאָנטער־רעוואָלוציאָנערער פּאַרטיי האָב איך קיינמאָל נישט געהערט. פאַרקערט, כ׳האָב סימפּאַטיעס צום ראַטנפאַרבאַנד, אַז איך וויל ערלעך אַרבעטן, כ׳וויל, כ׳וויל, כ׳וויל...

— „זנאַיעם ווסיאָ!״ (מיר ווייסן אַלץ!) — רייסט ער מיר איבער מיינע רייד מיט אומצוטרוי און אַ שעלמיש שמייכעלע שטרייכט אונטער זיין פאַרדאַכט. אַלע מיינע ענטפערס ווערן פאַרשריבן אין מיין „דיעלע״ (פאָרמולאַר), כ׳האָב אונטערגעשריבן. דער בראַוווער רויט־אַרמייער פירט מיך צוריק אין מיין קאַמער. באַלד האָט מען אברהם׳ען אויך געפירט אויף דער אויספאָרשונג. אין דער קאַמער האָט שוין אויף מיר געוואַרט מיין פרישטיק: אַ שטיקל ברויט מיט אַ טעפּל טיי, וואָס האָט מיך דערקוויקט. כ׳האָב זיך צוגעלייגט אויף די נאַרע־ברעטער צו פאַרענדיקן דעם איבערגעריסענעם שלאָף, נאָר שלאָפן קען איך נישט. עס עקבערט מיר אין געדאַנק די „אויספאָרשונג״. דער אומבאַגרידעטער חשד, שפּיאָנאַזש, קאָנטער־רעוואָלוציע... אַזעלכע שרעקלעכע ווערטער, אַזאַ שרעקלעכע באַשולדיקונג.

אברהם איז צוריקגעקומען פון דער אויספאָרשונג. אויך ביי אים איז געווען די זעלבע פּראָצעדור, די זעלבע פראַגן, דער ענלעכער פאַרדאַכט. איז צרות רבים — חצי נחמה. ס׳הייסט אַלעמען

פרעגט מען אַזוי, אַלעמען איז מען חושד. מסתמא, אַזאַ אופן פון אויס־פרעגן. מ׳דאַרף זיך נישט איבערנעמען. מ׳מוז זיך טרייסטן, אַז אינ־גיכן וועט זיך אַלץ אויסקלאָרן. כ׳וועל דערוויזן מיין אומשולד, דער־וויזן מיינע אויפריכטיקע כוונות. ווי אַזוי? ווען? האָב איך נישט געוווּסט און נישט געקענט זיך פאַרנאַנדערקלייבן. כ׳האָב זיך באַמיט נישט אריינצופאַלן אין פאַניק און כ׳האָב אויך אברהמען געטרייסט נישט אריינצופאַלן אין א בהלה.

נאָך מיטאָג האָט מען מיך און אברהמען אַרויסגעפירט פון קאַמער. פאַרן טויער פון אונדזער קליינער תפיסה האָבן שוין גע־וואַרט אונדזערע צוויי מיידלעך פון דער גרופּע. אַלע פיר זענען מיר געווען צוגעגרייט צו אַן עטאַפּ.

צוויי רויטאַרמייער, רייטנדיק אויף פערד, האָבן שוין גענומען אונדזערע „דיעלעס". מיין „דיעלע" האָב איך דערקענט אין זייערע הענט: צוויי געלע האַרטע טאָוולען, אינמיטן דער אויפשריפט „דיעלע ש. שוואַרץ" און צווישן די טאָוולען געפינען זיך די בויגנס פּאַפּיר מיט פאַרשידענע פראַגן און מיינע ענטפערס אויף דער אויס־פאָרשונג. אַט די „דיעלע" האָט מיך שוין באַגלייט אומעטום, וווּהין מען האָט מיך געפירט, געשיקט. פון דעם מאָמענט אָן, זינט איך האָב באַטרעטן די סאָוויעטישע ערד, האָב איך פאַרלוירן די שליטה איבער זיך און כ׳האָב נישט געטאָן וואָס איך האָב געוואָלט טאָן און נישט גע־גאַנגען וווּהין כ׳האָב געהאַלטן פאַר נויטיק צו גיין; כ׳האָב געקריגן אי־בער זיך אַ באַלעבאָס, די נקווד. כ׳בין געוואָרן זייער אייגנטום און זיי האָבן מיך געפירט און געשיקט און אומעטום האָט מיך באַגלייט מיין „דיעלע" ווי דאָס וואָלט געווען אַ שטיק פון מיין איך, ווי איך וואָלט אָן דעם נישט געקענט לעבן. נאָך יעדע פון די אומצאָליקע אויספאָרשונגען זענען צוגעקומען נייע בויגנס אין מיין „דיעלע", זי איז געוואָרן דיקער. און מערקווירדיק: וואָס מער איך בין געוואָרן אויס־געמאָגערט פון הונגער און נויט, אַלץ מער איז מיין „דילע" געוואָרן פולער, פעטער פון די צוגעקומענע בויגנס אויף די אויספאָרשונגען.

דאָס האָב איך זיך אַלץ דערוווּסט שפּעטער, נאָך פיל וואָגלענישן און אומצאָליקע אויספאָרשונגען. היינט איז, אָבער, מיין ערשטער עטאַפּ, נאָך דער 1־טער אויספאָרשונג. היינט גיי איך דעם 1־טן וועג אונ־טער די אויסגעשטרעקטע ביקסן פון „קאָנוואָי" (באַוואָפנטע וואַך) ווי אַ פאַרברעכער.

אונדזערע באַוואָפנטע באַגלייטערס, די וואַך, פאָרן אויף פערד און אונדז, די אַרעסטאַנטן, טרייבט מען צופוס. דער וועג איז נאָר 12 קילאָמעטער. זענען מיר געגאַנגען מיטן שליאַך, באַוואַכט דורך

צורי רויטאַרמייער־רייטער פון גאָראָדאָק ביז זאַסלאַוו, צום ראַיאָנעם צענטער, צו אַ נייער אויספאַרשונג.

כ׳האָב נישט צוגעלאָזט קיין שלעכטע געדאַנקען, אין אַלעם געזוכט אַ באַרעכטיקונג. אמת, כ׳בין דאָך באַגאַנגען אַ פאַרברעכן, אַדורכגעגאַנגען אומלעגאַל די גרענעץ. זייער ר׳עכט איז מיך חושד צו זיין, מיך צו פאַרשן. צי מוזן זיי אָבער אונדז טרייבן 12 קי־לאָמעטער צופוס? אין געדאַנק האָב איך געזוכט זיי צו פאַרענטפערן. אפשר איז אַקוראַט נישט געווען קיין פרייע פערד און וואָגן? לאַנג האָט זיך געצויגן דער וועג. צווישן זיך רעדן האָט מען נישט געטאָרט, אָבער טראַכטן האָט קיינער נישט געקענט פאַרווערן.

ווען די זון האָט זיך נידעריק אַראָפּגעלאָזט און באַרויטלט דעם האָריזאָנט־ראַנד, האָבן זיך באַוויזן די קאָנטורן פון זאַסלאַווער ראַ־יאָנער צענטער — אונדזער ערשטער עטאַפּ האָט זיך געענדיקט.

ווידער אַ תפיסה, שוין אַ גרעסערע. פאַרשלאָסענע טירן, באַ־וואַכט. ווידער אויספאַרשונגען, פראַגן, אָן אַ שיעור פראַגן. פרישע בויגנס פאַפּיר באַרייכערן, מאַכן דיקער מיין „דיעלע״.

דריי טעג האָט געדויערט דאָס פאַרמירן אַן עטאַפּ פון זאַסלאַוו קיין מינסק — אין דער תפיסה פון דער הויפּטשטאָט פון דער ווייסרו־סישער רעפּובליק.

אין פאַרקראַטעוועטע וואַגאָנען, אונטער אַ שטאַרקע וואַך, ווי גרויסע פאַרברעכערס, האָט דער צוג אונדז געבראַכט קיין מינסק.

אויפן וואָקזאַל האָט שוין אויף אונדז געוואַרט „דער שוואַרצער וואָראָן״ (אַ פאַרמאַכטער שוואַרצער אויטאָ מיט קראַטן צו פירן אַרעס־טאַנטן). געפירטע דורך דער נאַכט־פינצטערניש, האָבן מיר די שטאָט מינסק ניט געזען.

דער „שוואַרצער וואָראָן״ האָט אונדז אויסגעשפּיגן נעבן אַ הוי־כער פירשטאָקיקער געביידע פון רויטע ציגל מיט העל־באַלויכטענע פענצטער, און אַ ברייטן פאַראַדנעם איינגאַנג, מיט אַ שיינעם גרויסן אויפשריפט: נקווד פון דער ווייסרוסישער רעפּובליק.

די געביידע איז געווען שטאַרק באַוואַכט. אונדזער גרופּע ווערט צעטיילט: די מענער באַזונדער און די פרויען באַזונדער. דורך קאָ־רידאָרן, דורך אַ קליינעם הויף, אויף שטיגן, אַזש אויפן 4־טן שטאָק האָט מען אונדז, מענער, אַריינגעפירט אין אַ לאַנגן קאָרידאָר אין וועלכן ס׳האָבן זיך אויסגעטיילט די אייזערנע, געשמידטע טירן. ס׳האָט זיך גלייך געוואָרפן אין די אויגן, וואָס די זייטן פון די לאַנגע קאָ־רידאָרן זענען געווען באַזעצט מיט עלטערע אַרעסטאַנטן אויף פולע זעק. ווי מיר האָבן זיך שפּעטער דערוווּסט, זענען דאָס געווען קו־

לאַקעס, וואָס זענען אין יענער צייט פון דער קאָלעקטיוויזאַציע אין 1933 אַרעסטירט געוואָרן מאַסנווייז. מיט זיי זענען געווען פול נישט נאָר די קאַמערן, נאָר אויך די קאָרידאָרן. באַלד האָט זיך געעפנט, מיט אַ גרילץ, אַן אײַזערנע טיר און מ׳האָט אונדז, מיך מיט אברהמען אַרײַנגעשטופּט אין דעם (אַזוי אויך פולן) תּפיסה־קאַמער און די טיר האָט זיך האַסטיק פאַרקלאַפּט.

ביי דער קאַרגער ליכט פון קליינעם, פאַרקראַטעוועטן פענצטערל איז שווער געווען זיך פאַנאַנדערצוקלייבן ווו איך געפין זיך. אַ שאַר־פער געשטאַנק פון דער „פּאַראַשע״ (שטינק־פאַס, אין דעם פעסל ווערט אַ גאַנצן טאָג דורך אַלע אַרעסטאַנטן דערליידיקט דער מענטש־לעכער געברויך) און מענטשלעכן שוויס, האָט אַ שלאָג געטאָן אין דער נאָז אַריין. נאָך אַ ווײַלע, ווען די אויגן האָבן זיך אַביסל צוגע־וווינט צו דעם קאַרגן ליכט האָב איך געזען אַ פולע, אָנגעפּאַקטע קאַמער מיט אַרעסטאַנטן אָנגעטוענע אין שמוציקע אונטערוועש צוליב דער גרויסער היץ און דושנעקייט.

באַלד האָב איך געטראָפן באַקאַנטע יאַטן פון וואַרשע, וואָס האָבן עטלעכע טעג פאַר מיר געשוואַרצט די גרענעץ. עטלעכע מינוט פרייד, האַנט־דרוקן, פראַגן: ווען? וואָס? און וואָס ווייטער? ווי גייט עס דאָ? וואָס זענען די אויסזיכטן?

די ערשטע גרוסן פון „נייעם לעבן״ זענען גאָרנישט קיין דער־פרייענדיקע: אַ תּפיסה מיט אַ געפערלעכער ענגשאַפט, אָן לופט צום אָטעמען. אין די קאַמערן געפינען זיך פינף־זעקס מאָל אַזויפיל אַרעסטאַנטן, ווי ס׳וואָלט געדאַרפט זיין: הונגער, אומאויפהערלעכער הונגער, דורשט, שטאַרקער געשטאַנק, אייזערנע דיסציפּלין — די ערגסטע אַרעסטאַנטסקע באַדינגונגען, וואָס ס׳קען נאָר זיין. אייניקע פון אונדזערע יאַטן זענען געזעסן אין די פּוילישע תּפיסות. זענען „יענע״ תּפיסה־באַדינגונגען דאָך געלד, אַ גן־עדן, אַנטקעגן אָט די באַדינגונגען.

ווי לאַנג וועט דאָס געדויערן? — דאָס איז אַלץ אומבאַוווּסט. וואָס וואַרט אויף אונדז דערנאָך? — דאָס איז אַלץ אין נעפּל. ווער ווייסט ווען דאָס וועט זיך אויסקלאָרן? איך פּרוּוו זיי טרייסטן, ווי גע־ווײַנטלעך: זאָרגט נישט, פאַרלירט נישט דעם מוט; די שווערקייטן וועלן אַדורך און ס׳וועט נאָך זיין גוט. מ׳וועט זיך פאַנאַנדערקלייבן אין אונדזערע ענינים, אַלץ אויספאָרשן און אונדז זיכער באַפרייען. מיר וועלן לעבן ווי פרייע סאָוויעטישע בירגער. נאָר די יאַטן זענען עפּעס פּעסימיסטיש געשטימט. אייניקע האָבן אינגאַנצן פאַרלוירן די האָפענונג אויף בעסערס.

זיי באַקענען מיך מיט עטלעכע „ניעדאַבעזשטשיקעס" (נישט דער־לאַפּענע), פרייע סאָוויעטישע בירגער, וואָס האָבן געוואָלט אַריבער־לויפן די גרענעץ קיין פּוילן און מ'האָט זיי געכאַפּט. דערפאַר הייסן זיי „נישט־דערלאַפּענע". מיר האָבן באַקומען דעם נאָמען „פּערע־ביעזשטשיקעס" (איבערלויפער). כאָטש איך פאַרשטיי נישט אַזוי גוט זייער שפּראַך ווייסרוסיש (כ'העלף זיך אַרויס מיט פּויליש), קען איך מער־ווייניק פאַרשטיין זייערע דערציילונגען. שרעקלעכע זאַכן דער־ציילן זיי, די „ניעדאַביעזשטשיקעס". זיי גיבן אונדז איבער וואָס פאַראַ טייערן פּרייז און וויפל קרבנות ס'האָט געקאָסט די צוואַנגס־קאָלעק־טיוויזאַציע. די גרויזאַמע, ממש מערדערלעכע מיטלען וואָס זענען אָנגעוואַנדן געוואָרן דורך די מאַכטהאָבער ביים „ראַסקולאַטשעוועין". פיל פּויערים, וואָס האָבן גאָרנישט געהאַט קיין פאַרמעגן, וואָס האָבן אפילו פאַר דער רעוואָלוציע קיין פּויערים נישט באַשעפטיקט אויף זייערער פעלדער, זענען געוואָרן אָנערקענט אַלס קולאַקעס, ווייל זיי האָבן געהאַט 2 קי, אָדער צוליב רכילות און מסירות אויף זיי. די מאַכט־אָרגאַנען האָבן ביי זיי אַלץ צוגענומען, זיי פאַרשיקט, פאַרמשפּט אויף לאַנגע יאָרן תּפיסה, לאַגער. דער הונגער אין לאַנד איז גרויס, די לעבנס־באַדינגונגען זענען שרעקלעכע, דער טעראָר אַ מערדער־לעכער. זיי, די „ניעדאַביעזשטשיקעס" וואָלטן געוועזן גליקלעך צו זיין אין פּוילן, האָט זיך דאָס זיי נישט איינגעגעבן.

דאָס איז אַלץ געוואָרן דערציילט אין דער שטיל, געהיים, ס'זאָל דאָס, חלילה, קיין פרעמד אויער נישט הערן, ווייל אין תּפיסה זענען אויך פאַראַן אונטערטראָגערס, מוסרים. אונדז, די נייַ־געקומענע אין לאַנד האָבן זיי געגלייבט, געטרויט, אַז מיר וועלן זיי נישט אויסגעבן. אויך האָבן זיי געוואָלט זיך אַביסל אָראָפּרעדן פון האַרצן. איך האָב זיי דאַן נישט געגלייבט און זיי באַטראַכט אַלס קולאַקישע זינדלעך, וואָס פון זיי רעדט אַרויס דער האַס צו דער ראַטנמאַכט צוליב זייערע קולאַקישע עלטערן. שפּעטער, שוין זייענדיק אויף דער פריי, האָט מיר דאָס לעבן, די גרויעווירקלעכקייט, איבערצייגט אין דער אמתדיקייט פון זייערע רייד.

...מען רופט מיך אויף אַ פאַרהער, אויף אַן אויספאָרשונג. אין קאָרידאָר אָטעם איך אָפּ פרייער. ס'פרישט מיך אָפּ אַ ביסל פון דעם געשטאַנק אין קאַמער. דורך לאַנגע קאָרידאָרן, דורכן קליינעם הויף פירט מען מיך אין דער צווייטער געביידע צום אויספאָרשער. דאָרטן שטעלט מען ווידער די זעלבע פראַגן, דער זעלבער נוסח. דאָסמאָל איז פאַראַן א יידישער איבערזעצער. ער גיט מיר צו פאַרשטיין, אַז כ'זאָל זאָגן דעם אמת, דעם גאַנצן אמת, וועט זיין בעסער פאַר מיר. איך זאָג דען נישט דעם אמת? ס'קומען נייע פראַגן: וועמען פון די

„פערעביעזשטשיקעס", וואַרשעווער, פון דער צעלע, קען איך פון דער היים? וואָס רעדט מען אין קאַמער? ווער פון מיינע באַקאַנטע וואַרשעווער, זענען פון רייכע פאַמיליעס? ווער האָט געהערט צו קעג־נערישע פּאַרטייען? איך דערצייל אויפריכטיק, אַז עטלעכע פון קאַמער קען איך פון וואַרשע. כ'קען זיי פון גאַס, פון פּראָפעסיאָנעלן פאַריין, פון קולטור־קלוב. זיי זענען אַרבעטער, ווי איך. זיי ווילן ערלעך אַר־בעטן אין ראַטנפאַרבאַנד ווי איך.

— „זנאַיעם!" (מיר ווייסן) — איז זיין באַמערקונג מיט אַ שעלמיש שמייכעלע. גיך פאַרענדיקט זיך דער פאַרהער.

מ'ברענגט מיך ווידער צוריק אין דער תפיסה־צעלע, אין דער שרעקלעכער ענגשאַפט, אין היץ און געשטאַנק. הונגער, אומאויפהער־לעכער הונגער מאַטערט מיך אַ קיילעכדיקן מעת־לעת. די 30 דעקאַ ברויט, די פּייקע פאַרן טאָג, איז עפּעס אַ ליימיקע מאַסע, וואָס הייסט נאָר ברויט, עפּעס אַ געמיש פון קלייען מיט וואַסער, וואָס גיט נישט קיין שום זאַטקייט. אינדערפרי באַקום איך דאָס טעפּעלע טיי מיט אַ שטיקעלע צוקער. אויף מיטאָג די „באַלאַנדע" (פּאַמאַיע־זופּ) פון פאַרפוילטע קרויט (נאָר די אויבערשטע, גרינע בלעטער) געקאָכט מיט שטינקנדיקע פיש. יעדן טאָג דאָס זעלבע „געקעכטס". דער גע־שטאַנק פון דער זופּ איז שטאַרקער פון דעם „פּאַראַשע"־עיפּוש אין דער קאַמער.

די ערשטע טעג, ווי הונגעריק כ'בין נישט געווען, האָב איך די אַזויגערופענע „באַלאַנדע" נישט געקענט עסן, אָבער צו אַלעם געוווינט מען זיך צו. דער הונגער צווינגט צו אַלעם זיך צוגעוווינען אויך צו אַזאַ באַשפּייזונג. כ'פיל אַן אומאויפהערלעכן, נאַגנדיקן הונ־גער. דער איינציקער ציל אין לעבן עפּעס אָפּעסן, עסן, צו קריגן כאָטש אַביסל מער זופּ, אפשר וועט דאָס אביסל שטילן דעם הונגער. ביים מיטאָג שטיי איך מיט הונגעריקע, אויסגעגלאָצטע אויגן מיט דער־וואַרטונג ביי די ניי־געקומענע אַרעסטאַנטן אין קאַמער, וואָס זענען נאָך נישט אַזוי אויסגעהונגערט און קענען נאָך נישט עסן די שטינקנ־דיקע „באַלאַדע", צו קריגן, אפשר, פון עמעצן אַ ביסעלע זופּ. ס'איז דאָ פיל אַזעלכע וואַרטנדיקע, כ'עס די פאַרשטינקענע פיש פון די זופּ מיט די ביינער צוזאַמען און קיין ביין בלייבט מיר נישט שטיין אין האַלדז און כ'האָב דערפון הנאה ווי פון בעסטן געריכט אין דער וועלט... אַלץ אָפּטער זע איך חלומות פון מיין היים אין וואַרשע, מיינע עלטערן, אונדזער לעבנס־שטייגער. מיר האָבן טאַקע אָרעם געלעבט, אָבער קיין ברויט האָט ביי אונדז קיינמאָל נישט געפעלט. מחשבות, איינע שוואַרצער פון דער אַנדערער, קריכן אין קאָפּ אַריין: צי דאָס דאַרף הייסן דאָס פרייע לאַנד? צי אַזוי דאַרף מען פאַרשן

און דערצו פייניקן מיט הונגער? ס'איז דאָך גאָרנישט לאַנג ווי איך בין אַוועק פון פוילן, סך־הכל 2 וואָכן און ווי פּאַטאָל מיין לאַגע האָט זיך געענדערט. זייענדיק נאָך אין פוילן, האָב איך געטראַכט, כ'בין אַרבעטסלאָז פיל חדשים אין יאָר, דער אַנטיסעמיטיזם איז גרויס און כ'בין געקומען צום באַשלוס, אַז איך האָב נישט וואָס צו פאַר־לירן, אַז איך וועל אויסבעסערן מיין לאַגע מיטן שוואַרצן די גרענעץ קיין סאָוויעט־רוסלאַנד. כ'האָב זיך נישט געקענט פאָרשטעלן, אַז איך קען יאָ פאַרלירן אַזאַ זאַך, וואָס ווען מ'האָט דאָס — שאַצט מען דאָס נישט שטענדיק אָפּ ווי געהעריק. און אַז מען פאַרלירט דאָס, זעט מען ערשט ווי אומגעהויער טייער דאָס איז געווען—די פרייהייט. כ'האָב נישט דערשאַצט און זיך נישט פאָרגעשטעלט, אַז איך וועל אָנווערן אַזאַ טייערע זאַך, וואָס ס'איז נישטאָ אויף דער וועלט קיין פּרייז צו באַצאָלן דערפאַר — די פרייהייט. כ'האָב זיך אויך נישט געקענט פאָרשטעלן, אַז כ'קען דאָס פאַרלירן אויף לאַנגע, לאַנגע יאָרן...

שרעקלעכע געדאַנקען קריכן אין קאָפּ. כ'פּיל זיך ווי אַ מויז, וואָס איז אריינגעפאַלן אין אַ פּאַסטקע, אָן אַ מעגלעכקייט זיך צוריק פון דאָרטן אַרויסצורייסן און אויך אָן אַ מעגלעכקייט דאָרט צו לעבן. דער הונגער, דער נאַגנדיקער הונגער, רופט אַרויס די שוואַרצסטע געדאַנקען, אָבער דער שכל־הישר שטעלט זיך אַנטקעגן, ער זוכט אַ באַרעכטיקונג, אַ האָפענונג אויף בעסער, אַז אַלץ, אַלדאָס שלעכטע וועט אַדורך, אַז די איצטיקע לאַגע איז צייטווייליק, מ'וועט אויס־פאָרשן, ס'וועט זיך אויסקלאָרן, מ'וועט אונדז איינגיכן ארויסלאָזן, באַפרייען...

אַ קנאַפּן חודש זענען מיר געווען אין דער מינסקער תפיסה, אין די שרעקלעכע באַדינגונגען פון גרויסער ענגשאַפט און הונגער. די אַזויגערופענע „אויספאָרשונג" האָט זיך פאַרענדיקט. מ'האָט אונדז, די „פּערעביעזטשיקעס" אַריבערגעפירט פון פּערטן שטאָק אין אַנדערע קאַמערן, אויפן ערשטן שטאָק, אין דער אָפּטיילונג פאַר די אַרעסטאַנטן, וואָס זייער אויספאָרשונג האָט זיך שוין פאַרענדיקט, אין „קאַראַנטין".

דאָ איז טאַקע געווען אַ לייכטערער רעזשים, אַ בעסערע באַצי־אונג, אַביסל מער „פרייהייט": מ'האָט געמעגט שפּאַצירן איבערן קאָ־רידאָר, אין דער צעלע זענען געווען ווייניקער אַרעסטאַנטן, נאָר „פּערעביעזטשיקעס". אין קאַמער איז געווען אַ ראַדיאָ־הילכער, וואָס האָט אַ גאַנצן טאָג נאָר געלויבט, ווי גוט און ווי ווויל ס'איז אין סאָ־וויעט־רוסלאַנד און דעם הילכער האָט מען נישט געטאָרט אויס־שליסן. דאָס האָט אויסגעזען, ווי אַן איראָניע אויף אונדזער קלאָגע־דיקער לאַגע. לויט אַ קאָמאַנדע, אויסגעשטעלט אין ריייַען, זענען מיר

געגאַנגען אין דער „סטאָלאָווע" (גאַרקיך), א שיינער זאַל, גרויסע טישן מיט ווייסע טישטעכער געדעקט. די ווענט זענען דעקאָרירט מיט גרויסע פּאָרטרעטן פון סטאַלינען, קאַלינינען און אַנדערע פירערס פון דער פּאַרטיי און רעגירונג.

אויף די גרויסע, שיינע טישן שטייען שיסעלעך מיט עפּעס אַ שמוציקע פליסיקייט, נאָך אַן ערגערע „באַלאַנדע", שיטערער, וואַסערדיקער, ווי דאָרטן אין דער פריערדיקער קאַמער בשעת דער „אויספאָרשונג". אויך ברויט גיט מען אונדז מיט 10 דעקאַ ווייניקער — נאָר 200 גראַם אַ טאָג. קען זיין, אַז דאָס באַקומענע ביסל „פרייהייט" דאַרף קאָסטן די 100 גראַם ברויט און די פאַרערגערטע באַשפּייזונג. מיר קענען אָבער ביי די קולאַקעס וואָס זיצן אין קאָרידאָר אויף די זעק, קויפן אַ שטיקל ברויט פאַר אַ העמד, פאַר אַ פּאָר הויזן; זיי, די קולאַקעס, האָבן אין זייערע זעק ברויט און סאַלע (חזיר־פעטס), וואָס די משפחה ברענגט פאַר זיי. דער האַנדל, דער אויסטויש, גייט אָן אין פולן ברען. אונדזערע יאַטן נוצן אויס די געלעגנהייט און טוישן אויס אויף ברויט וואָס ס'איז נאָר מעגלעך, כדי עפּעס אָפּצועסן.

אונדזער אזויגערופענע „קאַראַנטין" האָט נאָר געדויערט 3 טעג, ביז עס איז געוואָרן צוגעגרייט אַן עטאַפּ פון „פערעביעזטשיקעס" צו דער נייער אויספאָרשונג — צום ספּעציעלן אויספאָרשונגס־אַרבעטס־לאַגער פאר „פערעביעזטשיקעס" — סאַראָווסקי לאַגער נקווד.

## „סאַראָווסקי לאַגער נקוּוד" (1933)

איבער צוויי וואָכן זענען מיר געפאָרן מיטן עטאַפּ פון דער מינ־סקער תפיסה ביז דעם סאַראָוועוער לאַגער. מ׳האָט אונדז געפירט אין פאַרקראַטעוועטע תפיסה־איזנבאַן־וואַגאָנעס. די באַשפּייזונג איז באַשטאַנען פון טרוקענע שפּייז: אַ שטיקל סוכאַר (געטריקנט ברויט) און עטלעכע געזאַלצענע כאַמסא (קליינע פישלעך). נאָכן עסן די גע־זאַלצענע שפּייז ווילט זיך שטאַרק טרינקען, און קיין וואַסער איז נישטאָ. דער הונגער מאַטערט שוין נישט אַזוי שטאַרק, ווי דער אומ־געהויערער דאָרשט. צוליבן דאָרשט פאַרגעסט מען אַ ביסל אין הונגער.

רוסלאַנד איז באַרימט מיטן ווערטל: „קיפּיאַטאָק בעזפּלאַטנאַ נאַ קאַזשדעי סטאַנצי" (געקאָכטע וואַסער אומזיסט אויף יעדער סטאַנ־ציע). דאָס גליק צו טרינקען אומזיסט געקאָכטע וואַסער האָבן נאָר פרייע מענטשן, אָבער נישט מיר. אַרעסטאַנטן, ווי מיר זענען, מוזן וואַרטן ביז די באַוואָפנטע וואַך, אונדזערע היטערס, זאָלן באַווילִיקן צו פירן עמעצן נאָך וואַסער. איך וואָלט, דוכט זיך, פון זיך אוועק־געגעבן דאָס לעצטע (וואָס האָב איך דען, מ׳שטיינסגעזאָגט?) פאַר אַ טרינק, פאַר אַ ביסל וואַסער. אין האַלדז איז טרוקן, כ׳פּיל, אַז די קישקעס זענען אויך פאַרטריקנט, אויף די ליפּן פילט זיך כסדר געזאַלצנס. נאָר אַ טרינק, נאָר אַ ביסל וואַסער קען מיר העלפן.

אונדזערע תפיסה־וואַגאָנען ווערן געשטעלט, ווען מיר קומען אויף אַ סטאַנציע, ווייט פון וואָקזאַל, אין אַ טופּיק, אויף אַ ווינקל־ליניע, אויך ווייט פון דער „קיפּיאַטילקע" (אָרט פון געקאָכטע וואַסער). באַוויליקט שוין דער „קאָנוואָי" צו נעמען איינעם פון יעדן וואַגאָן — דווקא אַ קרימינעלן (דעם סאַמע גליקלעכסטן, ער וועט זיך שוין אָנטרינקען) צו ברענגען 2 עמערס וואַסער פאַר אַ וואַגאָן. וואָס פאַראַ באַדייטונג האָבן דען 2 עמערס פאַר איבער דרייסיק גוואַלדיק דאָר־שטיקע אַרעסטאַנטן? קען דען דאָס טעפּעלע צוגעטיילטע וואַסער שטילן דעם שרעקלעכן דאָרשט? יעדערער פילט, אז ער וואָלט גע־קענט אַן עמער וואַסער אויסטרינקען איינער אליין. די קומענדיקע מאָלצייט איז דאָך דאָס זעלבע געזאַלצנס, די כאַמסאַ. דאָס קליינע שטיקל סוכאַרע, די טעגלעכע ברויט־נאָרמע, האָב איך אינדערפרי נאָך אויפגעגעסן, אפילו נישט באַמערקט ווו ס׳איז אהינגעקומען, קייעט מען דאָס געזאַלצנס און מ׳גייט אויס פון דאָרשט.

איבער צוויי וואָכן האָבן מיר זיך געשלעפּט מיטן עטאַפּ, מער געשטאַנען, ווי געפאָרן, אין דער ענגשאַפט און אין די איבערגעפּולטע, פאַרקראַטעוועטע תפיסה־וואַגאָנעס. צום סוף זענען מיר פאָרט אָנגעקומען צום אָנגעצייכנטן פּונקט, צום ציל — אין סאַראָווער לאַגער נקודה, ערגעץ אין מאָרדאָווסקער געגנט, מיטל־וואָלגער קרייז.



דער גורל האָט געוואָלט, אַז איך זאָל קומען אויפן זעלבן אָרט, וואָס איז מיר אַזוי שטאַרק געפעלן געוואָרן אין סאָוויעטישן פילם, וואָס איז אין 1932־טן יאָר דעמאָנסטרירט געוואָרן אין פּוילן מיטן נאָמען „הימלאָזע" — אין פּויליש — „בעזדאָמני" (אין רוסיש האָט דער פילם געהייסן „דער וועג־שיין אין לעבן").

אין אָט דעם פילם ווערט געוויזן, ווי די הימלאָזע קינדער־יתומים פון נאָך דער ערשטער וועלט־מלחמה און נאָך דער רעוואָלוציע פון 1917־טן יאָר, די גנבימלעך, קליינע שלעפּערס, ווערן מיט גרויס זאָרג און אויפמערקזאַמקייט איינגעאָרדנט אין די קינדערהיימען דורך די סאָוויעטישע מאַכט־אָרגאַנען. דאָס אָרט פון דער האַנדלונג אין דעם פילם, דאָס אָרט פון די קינדערהיימען, ווו די איבערדער־ציאונג קומט פאָר איז טאַקע דער סאַראָווער מאָנאַסטיר. ס'ווערט געוויזן אין פילם ווי אַזוי די גנבימלעך און שלעפּערס ווערן פאַר־וואַנדלט אין פּראָדוקטיווע מענטשן. זיי בויען אַ שמאָל־ליניקע אייזנבאַן און אַרבעטן אין וואַרשטאַטן. אָט דער פילם האָט מיר געגעבן דעם לעצטן באַווייז אין דער ריכטיקייט פון מיין אויסוואַל, פון מיין דעציזיע צו פאָרן קיין ראַטנפאַרבאַנד.

איך האָב דאַן געטראַכט: אויב די ראַטנמאַכט באַציט זיך מיט אַזויפיל זאָרג און אויפמערקזאַמקייט צו די הימלאָזע, פאַרברעכערישע קינדער, וועט זיכער אויך פאַר מיר זיין די זאָרג, פאַר אַן אַרבעטער, אַן אַנטלאָפענעם פון קאַפּיטאַליזם, וועלכער וויל ערלעך אַרבעטן פאַרן ראַטנפאַרבאַנד.

כ'בין טאַקע געפאָרן מיט דער זעלבער שמאָל־ליניקער אייזנבאַן, וואָס די הימלאָזע קינדער האָבן געבויט. אָבער די „זאָרג" צו מיר איז געווען אינגאַנצן אַן אַנדערע: ארומגערינגלט מיט אַ מיליטערישער וואָך מיט אויסגעשטרעקטע ביקסן, מיט געשרייען צו היטן די אָרדענונג, צו פינף אין אַ רייע, ווי די ערגסטע פאַרברעכער, האָט מען אונדז געטריבן צו די אייזערנע, באַוואַכטע טויערן פון אונדזער נייער תפיסה — דער סאַראָווסקער מאָנאַסטיר. כ'האָב גלייך

פאַרשטאַנען ווי גרויס ס'איז דער כוח פון פראָפּאַגאַנדע אין דעם לאַנד, ווי ווייט עס איז דער „אמת" פון סאָוויעטישן פילם אין פאַר־גלייך מיט דער גרויער ווירקלעכקייט.

די קיילעכדיקע דעכער פון דעם געוועזענעם מאָנאַסטיר האָבן געבלאַנקט פאַר מיינע אויגן. דער פּלאַץ איז געווען אַרומגעגאַרטלט מיט די זעלבע הויכע מאָנאַסטיר־ווענט, ווי אין צאַרישן רוסלאַנד. ס'זענען נאָר געווען אויפגעשטעלט הויכע אָבסערוואַציע־טורעמס אַכטונג צו געבן, אַז קיינער זאָל נישט וואַגן צו אַנטלויפן.

אינגיכן, נאָכן אויספילן די נייטיקע פאָרמאַליטעטן, האָט מען אונדז צעשיקט אין אונדזערע נייע וווינונגען, אין די גרויסע, קאַלטע מאָנאַס־טיר־געביידעס. ס'האָט זיך אָנגעהויבן פאַר מיר אַ ניי אַרעסטאַנטסקע לעבן. אויף ווי לאַנג? אויף חדשים, צי יאָרן? — דאָס איז אַלץ פאַר מיר אומבאַוווּסט. כ'קען נישט פרעגן ביי קיינעם. מ'וועט סיי־ווי נישט ענטפערן. אין בעסטן פאַל וועל איך הערן אַ בייזן געשריי:

— שווייג! וועסט אַליין זען, וועסט זיך דערוויסן!

מיר זענען דאָך אַרעסטאַנטן. זינט כ'האָב באַטרעטן די סאָוויע־טישע ערד, האָב איך נישט איבער זיך די דעה. איך בין אין „זייערע" הענט. נישט איך גיי, נישט איך פאָר ווו איך וויל — נאָר כ'ווער געשיקט און געפירט. ווער ווייסט אויף ווי לאַנג? כ'בין געוואָרן אַן אַרעסטאַנט אָן אַ משפט, אָן אַ געריכט. ווי לאַנג וועט זיך דאָס אַזוי ציען די אַזויגערופענע „אויספאָרשונג"? חדשים, אָדער אפשר גאָר יאָרן?

כ'האָב זיך באַלד איבערצייגט, אַז דער סאַראָווער לאַגער איז אויך אַ תפיסה. אמת, מ'קען ארומגיין אויפן פּלאַץ פון לאַגער, פון וואַנט צו וואַנט, פון פּאַרקן צו פּאַרקן, מער שטח, ווי אין דער תפיסה־קאַמער, כ'בין אויף דער פרישער לופט. דערפאַר אָבער מוז מען שווער אַרבעטן: אויספילן שווערע, גרויסע אַרבעטס־נאָרמעס. אין תפיסה האָבן מיר באַקומען דאָס בידנע שטיקל ברויט בחינם, אָן אַר־בעט. אין דער נייער תפיסה, אין סאַראָווער לאַגער, מוז מען שווער אַרבעטן, אויסאַרבעטן, פאַרדינען דאָס שטיקל ברויט, מאַכן אַ באַ־שטימטע צאָל אַרבעט, אַן אַרבעטס־נאָרמע.

סאַראָוו איז געווען אַ ספּעציעלער לאַגער פאַר „פּערעביעזטשי־קעס". איבער 4000 אַזויגערופענע אַריבערלויפער'ס פון אַרום די סאָוויעטישע גרענעצן האָבן זיך געפונען אין דעם לאַגער. אַ געמיש פון פאַרשידענע נאַציאָנאַליטעטן: עסטאָנער, ליטווינער, לאַטוויער, דייטשן, רומענער, פינער, יידן און אַנדערע. יידן פון פוילן, ווי אויך פון רומעניע, ליטע, עסטאָניע. די גרעסטע צאָל אין לאַגער זענען

געווען פינער — ביי 1500, יידן איבער 1000. די פינער האָבן דער־קלערט, מיט זייער צעבראָכענעם רוסיש, די סיבה פאַר וואָס זיי זענען געקומען קיין סאָוויעט־רוסלאַנד. אין אַלעם האָבן זיי באַשולדיקט דעם ראַדיאָ: אין דעמאָקראַטישן פינלאַנד האָט דער ראַדיאָ יעדן טאָג איבערגעגעבן ווי גוט און ווי ווויל ס'איז דאָס לעבן אין איינציקן פּראָלעטאַרישן לאַנד אויף דער וועלט, ווו ס'איז נישטאָ קיין אַרבעטס־לאָזיקייט און עס הערשט פרייהייט און גערעכטיקייט.

פאַרשטענדלעך, אַז די פינער האָבן געגלויבט אָט די שטאַרקע פּראָפּאַגאַנדע און זיי האָט געלאָקט צו לעבן אין אַזאַ גליקלעך לאַנד. האָבן זיי איינגעפּאַקט זייער האָב און גוטס, דאָס אויפגעלאָדן אויף זייערע אייגענע מאָטאָר־שיפלעך און אין דער פינצטערניש פון דער נאַכט זענען זיי דורכן פינישן איינגוס אַדורכגעשווומען גלייך קיין לענינגראַד, אין גליקלעכן לאַנד. זיי זענען דורך די סאָוויעטישע „פריינד" נישט געוואָרן אויפגענומען מיט קיין „פרייד און באַגייסטע־רונג", ווי זיי האָבן געמיינט און אויסגערעכנט. נאָכן אַרעסט אין לע־נינגראַד און נאָך שטרענגע אויספאַרשונגען, באַשולדיקונגען אין שפּיאָ־נאַזש האָט מען ביי זיי צוגענומען זייערע מאָטאָר־שיפלעך, זייער פריי־הייט און פאַרשיקט אַהער, אין סאַראָווער אויספאַרשונגס־לאַגער. די גרויסע צאָל יידן אין לאַגער — איבער 1000, דערקלערט זיך דער־מיט, וואָס די קאָמוניסטישע אידייע און די סאָוויעטישע אַגיטאַציע האָט שטאַרק אַפּעלירט צו דער יידישער יוגנט פון יענער צייט.

ארום סאַראָוו, נישט ווייט פון לאַגער, האָבן זיך געצויגן גרויסע, קילאָמעטערדיקע וועלדער, וועלכע האָבן געוואָרט אויף אַרבעטס־הענט, פון די ביימער צו מאַכן בוי־מאַטעריאַלן. איז טאַקע די הויפּט־אַרבעט אין סאַראָוו געווען די וואַלד־אַרבעט, אויפן ברעטער־זאַוואָד, אויפן טאַרטאַק. פאַר די פינער, אין זייער גרעסטער מערהייט וואַלד־אַר־בעטער פון דער היים, איז אָט די אַרבעט געווען זייער צוגעפּאַסט. זיי האָבן לייכט אויסגעפירט אפילו די שווערע אַרבעטס־נאָרמעס, פאַרדינט די גרעסטע פּייקע ברויט פון 800 גראַם און דערצו אַ פּרע־מיע אַ שטיקל געפּרעגלטע פיש. די יידישע יינגלעך, דאַקעגן, אין גרעסטן טייל שניידערס און שוסטערס, וואָס האָבן קיינמאָל נאָך נישט געאַרבעט אין וואַלד, נאָר אפילו נישט געזען פריער קיין וואַלד־אַר־בעט, האָבן, פאַרשטענדלעך, די נאָרמעס נישט געקענט אויספילן. זיי האָבן באַקומען אַ קלענערע פּייקע (פּאַרציע) ברויט 500־600 גראַם. מיר האָבן שווער געאַרבעט אַ גאַנצן טאָג. 10 שעה איז געווען אונדזער אַרבעטס־טאָג און באַקומען אַ הונגער־באַשפּייזונג. אפילו פון דער „גרויסער" פּייקע איז מען אויך נישט געווען זאַט. צוליב זייער נישט־דערפאַרנקייט אין דער וואַלד־אַרבעט, האָבן טייל פון די יידישע יאַטן

איבערגעלאָזט זייערע יונגע לעבנס אונטער די הויכע, אומגעפאַלנע ביימער — געווען אַזעלכע אומגליקס־פאַלן.

צוליב מיין שוואַכן פיזישן געבוי און געזונט בין איך דורך דער מעדיצינישער קאָמיסיע נישט געוואָרן באַשטימט אויף וואַלד־אַרבעט. אין וואַלד האָט מען געשיקט נאָר די ערשטע און די צווייטע קאַטעגאָריע. איך בין געוואָרן אָנערקענט דורך דער מעד. קאָמיסיע מיט דער צווייטער אָ.ער.־קאַטעגאָריע, וואָס טויג נאָר צו אַרבעטן אויף דער לאַגער־טעריטאָריע, אין דער ווירטשאַפט. פאַר אַזעלכע ווי איך, כאָטש די אַרבעט איז טאַקע געווען לייכטער, איז אָבער די באַשפּייזונג געווען אַ פּיל ערגערע, אַקוראַט ווי אַן אַרעסטאַנט, וואָס אַרבעט ביי לייכטערע אַרבעט נויטיקט זיך נישט אין דער געהעריקער באַשפּייזונג.

די גאַנצע אויפמערקזאַמקייט פון דער לאַגער־אַנפירערשאַפט איז געווען פאַר די וואַלד־אַרבעטער, פאַר די וואָס האָבן אויסגעפילט דעם אינדוסטריעלן פּלאַן, פאַר די „יחסנים”. די פינער זענען גע־ווען געוווינט פון דער היים צו שווערע אַרבעט; צו וואַלד־אַרבעט, אָבער זיי זענען אויך געווען געוווינט גוט צו עסן, צו זיין זאַט. אַרבעט אין וואַלד פאַר זיי האָט נישט געפעלט, אָבער די 800 גראַם ברויט, די גרעסטע פּייקע, און די זופּ פון די גרינע קרויט־בלעטער, וואָס איז געווען כמעט בלויז וואַסער, האָט נישט געקענט מאַכן זאַט זייערע גרויסע, שטאַרקע קערפּערס. זענען זיי טאַקע גיך, דורך אַ קורצער צייט געוואָרן אָפּגעשוואַכט און עס האָט זיך אָנגעהויבן ביי זיי אַ שטערבלעכקייט. צו זעקס, אפילו אַכט פינער אַ טאָג זענען אָוועק־געשטאָרבן. זיי האָבן גאָרנישט לאַנג געקרענקט. ערשט נעכטן, אָדער אייערנעכטן האָב איך אים געזען, דעם פינער, געהערט רעדן זיין שלעכטן, געבראָכענעם רוסיש און היינט איז ער שוין נישטאָ — אָוועקגעשטאָרבן. זיי האָבן נישט געצאַנקט, נאָר ראַפּטעם געוואָרן פאַרלאָשן פון דעם שטאַרקן ווינט, וואָס האָט געהייסן הונגער. די שטערבלעכקייט צווישן די פינער איז געווען באַדייטנדיק גרעסער ווי צווישן אַנדערע נאַציאָנאַליטעטן אין לאַגער. אַ מאָדנע זאַך, די יידישע יאַטן, אין זייער גרעסטער מערהייט, שוואַכערע פון די פינער, זענען געווען אויסהאַלטעוודיקער פון זיי. ס'האָט זיך באַקומען, ווי בשעת אַ שטאַרקן שטורעם־ווינט ווערן פעסטע דעמבעס אומגעוואָרפן, אַרויסגעריסן פון שטורעם מיטן וואָרצל, אָבער קליינע ביימעלעך ווערן געבויגן אויף רעכטס און אויף לינקס דורכן ווינט, דאָך בלייבן זיי איבער, דויערן אויס. אונדזערע ייִנגלעך, אויך מיידלעך, האָבן אין פּוילן נישט געהאַט קיין גרויסע זאַטקייט אין דער היים, האָבן זיי דאָ, אין לאַגער, געהאַט אביסל וויניקער, וואָס האָט געהייסן

הונגער. אויך ייִדישע ייִנגלעך האָבן איבערגעלאָזט זייערע יונגע לעבנס אין סאַראַטאָווער לאַגער — אונדזער ערשטער טעם פון סאָוויעטישן „גן־עדן".

סאַראַוו, אַרומגערינגלט מיט וועלדער, מיט זיין גוטער, שמעקנ־דיקער וואַלד־לופט, האָט ווי אויף צולהכעיס אַרויסגערופן אַ גוטן אַפּעטיט און מיט וואָס אים צו שטילן איז נישט געווען.

די אָנפירערשאַפט פון לאַגער האָט אונדז גערופן אויף פאַר־זאַמלונגען, אַגיטירט פאַר דער סאָוויעטן־מאַכט, מ'האָט געוויזן פּאַטריאָטישע פילמען (וועלכע פילמען דאַרט זענען דען נישט פּאַטריאָטיש?) געגעבן צו לייענען אַ סך צייטונגען, זשורנאַלן, נאָר נישט געגעבן קיין גענוגנדיקע שפּייז, עסן.

דער פאַרשטייער פון ק.וו.טשע. (קולטור־דערציערישער אָפּטיי־לונג) אַ רומענער, אויך אַן אַרעסטאַנט, קאַשמיר האָט ער געהייסן (אַ פלאַמיקער רעדנער), איז אָפּט געקומען צו אונדז מיטן „נאַטשאַל־ניק" פון ק.וו.טשע וואַלזשעסקא (דעם לאַגער־נאַטשאַלניקס פרוי) און אונדז אַגיטירט, דערציילט וועגן גליקלעכן לעבן אין ראַטנפאַרבאַנד.

די ייִדישע ייִנגלעך און מיידלעך, איבערהויפּט פון וואַרשע, האָבן געשאַפן אַ דראַמאַטישן קרייז אונטער דער אָנפירונג פון מאירקע שוכמאַכער (שפּעטער איז ער געווען אַ סטודענט פון דער מאָסקווער ייִדישער טעאַטער־שול. אין 1937 געוואָרן אַרעסטירט און אומגעבראַכט). זיי האָבן אין וואַרשע אויך געשפּילט צוזאַמען. מיר האָבן באַשלאָסן צו שטעלן דוד בערגעלסאָנס „דעם טויבן". כמעט אַלע האָבן די פּיעסע גע־שפּילט אין וואַרשע, רעזשיסירט פון י. ראָטבוים. לויט דער האַנדלונג אויף דער סצענע איז פאָרגעקומען א סעודה ביי שמעון ביקן (דער באַלעבאָס פון דער מיל) אין שטוב. די לאַגער־אָנפירערשאַפט האָט פאַר דעם צוועק, פאַר דער סעודה, אויסגעטיילט 1 קילאָ ברויט און אויך אביסל קיכעלעך. דאָס איז געווען אַ גרויס געווינס אין אונ־דזערע באַדינגונגען. ס'ווערט פאָרגעשטעלט אויף דער סצענע, ווי ס'קומט אַן אַרבעטער־דעלעגאַציע צום באַלעבאָס, צו ביקן, טאַקע בשעת דער סעודה, און פאָדערן העכערע לוינען, בעסערע באַדינגונ־גען. איך האָב געשפּילט אין דער אַרבעטער־דעלעגאַציע, דעם רעוואָ־לוציאָנער. איך כאַפּ אַ קוק צו די טישן, באַשטעלטע מיט די שטיק־לעך ברויט און קיכלעך און דאָרטן האַלט מען אין איין פרעסן. זיי האָבן זיך צוגעכאַפּט צום פרעס, ווי די הישעריקן, טאַקע ווי הונגע־ריקע, גאָרנישט ווי, לויט דער האַנדלונג, ביי אַ גבירישן טיש. איך זע, אַז אינגיכן וועט פאַר מיר גאָרנישט בלייבן, אפילו קיין קרישקע. דאָ דאַרף איך דאָך רעדן, לויט דער האַנדלונג, צו ביקן האַרבע

רייד, דראָען, פּאָדערן. דער הונגער לאָזט מיך אָבער נישט רוען. כ'האָב דאָך געהאָפט, אַז ס'וועט קומען די פּאָרשטעלונג, וועל איך אויך עפּעס קענען אָפּעסן און דאָרטן, אויף די טישן, בלייבט שוין גאָרנישט. מיינע דערוואַרטונגען און האָפענונגען ווערן דאָך אויסגע־רונען. כ'האָב נישט אויסגעהאַלטן און אַ געשריי געטאָן צו די רייכע, ביקס, געסט:

— משה, לאָז מיר אויך עפּעס איבער!

איניקע, וואָס האָבן קיינמאָל נישט געשפּילט אויף דער בינע, ווי העניעק וואָלף, זענען געוואָרן „אַרטיסטן", כדי עפּעס אָפּצועסן. אין יעדער פאָרשטעלונג, צי עס איז יאָ געווען נויטיק לויטן טעקסט פון דער פּיעסע, צי נישט, האָבן מיר אומבאַדינגט אַריינגעפירט אַ סעודה, אַזוי, אַז אין יעדע פּאָרשטעלונג האָבן מיר געהאַט עפּעס אָפּצועסן. די ק.וו.טשע. האָט געפירט אַן אינטענסיווע אַרבעט צווישן אונדז. פון די גאָר איבערגעגעבענע אַקטיוויסטן איז געווען העניעק סאָלאָווייטשיק, אַ ווילנער יידישער שרייבער, אַ געוועזענער מיטגליד פון „יונג־ווילנע". ער איז געווען רעדאַקטאָר פון דער וואַנט־צייטונג און געשריבן אַרטיקלען, אַז די „פּערעביעזטשיקעס" דאַרפן בעסער אַרבעטן, העכערן די פּראָצענטער און אַרויסווייזן זייער ליבע צו דער סאָוויעטישער מלוכה, די איינציקע פּראָלעטאַרישע מדינה אין דער וועלט. נאָר די גרויסע אַגיטאַציע און קולטור־אַרבעט האָט נישט געקענט פאַרדעקן די שרעקלעכע לעבנס־באַדינגונגען אין לאַגער: די שווערע קאַטאָרגע־אַרבעט, הונגער און קעלט. אונדזערע וווינונגען האָבן זיך געפונען אין די גרויסע מאָנאַסטיר־געביידעס, ספּעציעל ווינטער־צייט איז דאָרטן געווען זייער קאַלט. די דריי־גאָרנ־דיקע נאַרעס (פּריטשעס) זענען געווען געדיכט באַוווינט מיט אַרעס־טאַנטן. דאָס „בעטגעוואַנט" איז באַשטאַנען פון אַ דינעם קאָץ און אַ מאַטראַץ קאָרג אָנגעפילט מיט שטרוי. איבערהויפּט פלעג איך צום שלאָפן אַראָפּרוקן די וואַטענע הויזן נידעריקער זיי זאָלן פאַר־דעקן די פיס, אָנועקלייגן די „טעלעגרייקע" (וואַטענע רעקל) אויף דער קאָלדרע. מיר זענען געשלאָפן אין אָנטועכץ. דאָס אַלץ האָט נישט געהאָלפן, אַלצאיינס האָט די קעלט אין דער גרויסער מאָנאַס־טיר־געביידע געפונען אַ וועג צו מיר, מיך אויפגעוועקט, געיאָגט עטלעכע מאָל אין דער נאַכט דערליידיקן דעם מענטשלעכן געברויך. נישט־אויסגעשלאָפענע, אַדורכגעפרוירענע און הונגעריקע האָט מען אונדז געטריבן צו דער אַרבעט אונטער אַ שטאַרקער באַוואָפנטער וואַך. אַזוי טאָג־טעגלעך.

אינגאַנצן אומגעריכט פאַר אונדז, איז איינגיכן געקומען אַ קאָ־מיסיע פון דער צענטראַלער נקווד פון מאָסקווע, אויסצופאָרשן אונדזער

לאַגע און די לעבנס־באַדינגונגען. דאָס איז צושטאַנד געקומען, ווי מיר האָבן זיך שפּעטער דערוווּסט, צוליב דעם וואָס די פינער פון אונדזער לאַגער האָבן געשיקט בריוו אהיים. ס'איז נישט פעסטגעשטעלט צי די בריוו זענען געשיקט געוואָרן דורך דער לאַגער־פּאָסט און זיי זענען נישט ווי געהעריק געוואָרן צענזורירט, אָדער די בריוו זענען געוואָרן געשיקט מיט דער הילף פון די פרייע בירגער, די אַרבעטס־אָנפירער אין וואַלד? אַ פאַקט איז, אַז די בריוו זענען אָנגעקומען קיין פינלאַנד. אין די בריוו האָבן אונדזערע פינישע אַרעסטאַנטן געשריבן, אַז די שטערבלעכקייט ביי זיי איז אַ גרויסע, ס'זענען שוין פאַראַן עטלעכע הונדערט טויטע. זיי האָבן באַשריבן ווי אַזוי מ'טרייבט זיי צו דער אַרבעט און אויב עמעצער באַהאַלט זיך, שלעפּן די באַוואַפנטע וועכטער, מיט שטיקעס פון די ביקסן זיי אַרויס פון הינטער די בעטן; אַז נאָך אַ שווערן אַרבעטס־טאָג באַקומט מען אַ הונגער־באַשפייזונג. זיי האָבן אויך באַשריבן די שווערע, אוממענטשלעכע וווינונגס־ און לעבנס־באַדינגונגען. די משפּחות פון אונדזערע פינלענדישע אַרעסטאַנטן האָבן איבערגעגעבן די בריוו אין די רעדאַקציעס פון די צייטונגען, ווו זיי זענען געוואָרן געדרוקט. דאָס האָט אויפגערודערט די עפנטלעכע מיינונג אין פינלאַנד און ס'זענען פאָרגעקומען דעמאָנסטראַציעס פאַר דער סאָוויעטישער אַמבאַסאַדע אין העלסינקי מיט פאָדערונגען צו באַפרייען זייערע ברידער אין ראַטנפאַרבאַנד. (דאָס האָבן מיר זיך שפּעטער דערוווּסט פון די פינלענדער שוין זייענדיק אין מאַגניטאָגאָרסק), דאָס האָט אויפגערודערט די עפנטלעכע מיינונג נישט נאָר אין פינלאַנד.

די סאָוויעטישע מאַכטהאָבער האָבן געמוזט ראַטעווען זייער פּרעסטיזש אין אויסלאַנד, זיי האָבן זיך געמוזט ריינוואַשן. דאָס האָט געהייסן, אַז מ'האָט געמוזט געפינען די „שולדיקע אין סאַבאָטאַזש". אָט דאָס איז געווען די סיבה פאַרוואָס ס'איז געקומען די קאָמיסיע פון מאָסקווע אויסצופאָרשן.

דריי מעת־לעת האָבן זיי געפאָרשט, אומעטום געקוקט, אונדזערע וווינונגען, די קיך, אויסגעפרעגט די אַרעסטאַנטן, די לאַגער־אָנפירערשאַפט און דער עראָפּלאַן האָט אויף זיי געוואַרט. נאָכן ענדיקן די אויספאָרשונג מיט פיל אָנגעשריבענע בויגנס פּאַפּיר, זענען זיי אָפּגעפלויגן אהיים, קיין מאָסקווע. ווי מיר האָבן זיך שפּעטער דערוווּסט האָט מען באַלד ארויסגערופן קיין מאָסקווע אונדזער לאַגער־נאַטשאַלניק, וואָלזשיסקי. ער האָט שוין גוט פאַרשטאַנען מיט וואָס דאָס שמעקט, אַז ער וועט זיין „דאָס כפּרה־הינדל", כאָטש ער האָט אויסגעפירט די דירעקטיוון פון צענטער ווי שטענדיק, אָבער דאָס־מאָל האָט געליטן דער סאָוויעטישער פּרעסטיזש. מ'האָט דערציילט,

אַז ער איז קיין מאָסקווע נישט דערפאָרן און באַגאַנגען זעלבסטמאָרד, זיך דערשאָסן.

אינגיכן איז טאַקע אין לאַגער פאָרגעקומען אַ ריזיקע ענדערונג צום בעסערן. אונדזערע באַדינגונגען האָבן זיך אַזוי געענדערט ווי פון טאָג צו נאַכט.

ס׳איז אינגיכן אָנגעקומען א נייער לאַגער-נאַטשאַלניק, אַ געוועזענער קאָמוניסטישער דעפּוטאַט פון פּוילישן סיים, אַ פּאָליטישער אימיגראַנט. טייל פון אונדזערע יאַטן האָבן אים געקענט פון דער היים. (אין 1937 האָבן די סאָוויעטן אים דערמאָרדעט).

פון דער מאָנאַסטיר-געבידע, וואָס איז פריער געווען אונדזער ווױנונג, האָט מען געמאַכט שפּייכלערס פון פּראָדוקטן. דאָרטן האָט מען פאַרגרייט קאַרטאָפל, קרויט, וואָס מ׳האָט געפירט בייטאָג און ביינאַכט. מיר האָבן באַקומען בעסערע, מענטשלעכע באַדינגונגען. פאַרפעלקער, לויט די דאָקומענטן, האָבן באַקומען דירות, צו צוויי פאַרפעלקער אין אַ צימער. די באַשפּייזונג האָט זיך דראַסטיש פאַרבעסערט. פאַר דער אַרבעט איז געוואָרן געצאָלט מיט אַ נאָרמאַלן געהאַלט, ווי אויף דער פריי. פאַר אַ גרעסערער פּראָדוקציע האָט מען מער פאַרדינט. דאָס געקעכץ וואָס דער נאַטשאַלניק האָט אַליין יעדן טאָג קאָנטראָלירט אין קיך האָט זיך אויך פאַרבעסערט. אונדזער לאַגער-קראָם איז געוואָרן באַזאָרגט מיט פּראָדוקטן, אפילו בעסערע ווי ביי די פרייע בירגער. אויך די באַציאונג פון דער לאַגער-אָנפירערשאַפט האָט זיך געענדערט צום בעסערן. אָט די געשעענישן האָבן מיר געגעבן אַ מעגלעכקייט איבערצולעבן דעם סאַראָווער לאַגער, כאָטש נישט ווייניק פון אונדזער חברה האָבן דאָרט איבערגעלאָזט זייערע יינגע לעבנס...

די נייע, אויסגעבעסערטע באַדינגונגען אין לאַגער האָבן מיר צוגעגעבן מוט און פאַרשטאַרקט די האָפענונג אויף אַ בעסערע צוקונפט, אויף אַ בעסער לעבן, ווייל פריער האָבן מיר שוין אינגאַנצן פאַרלוירן די האָפענונג אויף בעסערס, עטלעכע יאַטן אונדזערע האָבן, אין די פריערדיקע באַדינגונגען, געפּרוווט צו אַנטלויפן צוריק קיין פּוילן. נאָר 2 יאַטן האָט זיך דאָס איינגעגעבן און זיי זענען צוריקגעקומען קיין וואַרשע. דאָס האָבן מיר זיך דערוווּסט שפּעטער. אַנדערע האָט מען געכאַפּט און זיי האָבן באַקומען אורטיילן צו פיל יאָרן „אַרבעטסט-לאַגער“.

דער עיקר זענען די אויספאָרשונגען אין סאַראָווער לאַגער צווישן די אַרעסטאַנטן פאָרגעקומען דורך אויספרעגן איינעם אויפן אַנדערן, אויף חברים און באַקאַנטע פון דער זעלבער שטאָט. בכלל האָט מען

אונדז גאַרנישט „געפּאַרשט״, נאָר פון אונדז געפאָדערט מער אַר־בעט, מער פּראָדוקציע.

ס׳זענען געווען מיינונגען ביי אונדז, ביי די „פּערעביעזטשיקעס״, אַז מיר זענען טאַקע שולדיק; מיר זענען אומלעגאַל אַריבערגעגאַנגען די גרענעץ; משפּט מען אונדז, ווי אין דער גאַנצער וועלט.

זאָל זיין אַ געריכט. מיר ווילן זיך פאַרטיידיקן, דערציילן וועגן די באַדינגונגען, וואָס האָבן אונדז געשטויסן דערצו. (כ׳האָב אין געדאַנק געהאַט צוגעגרייט מיין פאַרטיידיקונגס־רעדע). כ׳וועל דער־ציילן וועגן מיין גוטן ווילן ערלעך צו אַרבעטן. זאָל דאָס געריכט משפּטן, אורטיילן! כ׳וויל וויסן וואָס פאַרא שטראָף איך דאַרף אָפּ־קומען, אָפּזיצן פאַר מיין פאַרברעכן (אין פּוילן האָט מען דערפאַר גע־געבן 3 חדשים). פאַרוואָס זאָל דאָ נישט זיין, ווי אין דער גאַנצער וועלט? כ׳בין געקומען צו אייך, אין סאָוויעט־רוסלאַנד, לאָזט איר מיך אריין? — גיט מיר אַזיל־רעכט! אויב נישט, שיקט מיך צוריק! נישט ווי אונדזער לאַגע איצטער: נישט מען פרעגט אונדז גאַרנישט, נישט מען זאָגט אונדז גאַרנישט, נאָר צוגענומען די פרייהייט, ווער ווייסט אויף ווי לאַנג, אריינגעזעצט אין תפיסה, אין קאַטאָרגע־לאַגער, אונטער אַ שטרענגער וואַך, און מ׳טרייבט אויף שווערע אַרבעט און מ׳גיט נישט צו עסן צו דער זאַט.

שפּעטער אָבער, ווען ס׳האָבן זיך פאַרבעסערט אונדזערע באַ־דינגונגען, האָבן זיך אויך פאַרבעסערט די שטימונגען...

לאַנג האָט שוין דער סאַראַווער לאַגער נישט עקזיסטירט. ס׳האָט מסתמא אויסגעמאַכט צו טייער די פּראָדוקציע צוליב די נייע פאַר־בעסערטע לעבנס־באַדינגונגען...

איינגיכן זענען געקומען „ווערבאַוטשיקעס״ (פאַרשטייער) פון די אוראַלער מעטאַל־זאַוואָדן און מען האָט אונדז פאַרקויפט, ווי בהמות אויפן מאַרק, צו דער אַרבעט אויף אוראַל, אַ געגנט מיט גרויסע מע־טאַל־זאַוואָדן, קיין נאַדיעזשינסק, מאַגניטאָגאָרסק, ניזשני־טאַגיל און אַנדערע. איך און מיין פרוי זענען אריינגעפאַלן אין מאַגניטאָגאָר־סקער עשאַלאָן. כ׳האָב זיך באַפרייט פון לאַגער, פון דער באַוואָפנטער וואַך (כמעט אַ יאָר זענען מיר געווען אין סאַראָוו), נאָר כ׳בין ניט פריי, נישט קיין פרייער מענטש. עס פירט אונדז אַן אַנדערע וואַך, נישט קיין מיליטערישע, נאָר אַ ציווילע (מסתמא אויך אַ באַוואָפנטע). קיין שום דאָקומענטן האָבן מיר נישט מיט זיך. אונדזערע „דיעלעס״ (פאָרמו־לאַרן) געפינען זיך ביי די „ווערבאַוטשיקעס״, וואָס פירן אונדז און זיי זענען פאַר אונדז פאַראַנטוואָרטלעך.

מיר האָבן איבערגעלאָזט אין סאַראָוו דעם נאָמען זע־קאָ (פאַר־

שלאָסענער, אַרעסטאַנט) און מיר פאָרן איצט אויף „וואָלנע וויסילקע״ (פרייע פאַרשיקונג).

וואָס הייסט דאָס אַזוינס? ווי אַזוי פאַרשטייט מען דאָס?

אויב פריי, פאַרוואָס פאַרשיקט?

מיר האָבן נאָך אַלץ נישט קיין שום רעכט צו דעצידירן וועגן אונדזער לעבן, נאָר מען פירט אונדז און מען שיקט אונדז. ווי אַזוי וועט אויסזען די אַזויגערופענע „פרייע פאַרשיקונג?״ — דאָס איז אַלץ פאַר מיר אומבאַוווסט.

דאָס לעבן אַליין, די גרויע ווירקלעכקייט, וועט שוין זיכער געבן אַן ענטפער אויף די אַלע פראַגן. יעדנפאַלס פאַרשטיי איך, אַז „וואָלנע־וויסילקע״ מיינט עפּעס צווישן פאַרשלאָסענע און פרייע בירגער, פון איינס, דערווייל אָוועק און — צום צווייטן, פריי זיך, נישט דערגאַנגען.

אַדיע, סאַראָווער לאַגער, מאַגניטאָגאָרסקער פאַרשיקונג אויפן לעבנס־האָריזאָנט.

# מאַגניטאָגאָרסקער פאַרשיקונג

ווי זיס ס׳איז כאָטש אַ ביסעלע פרייהייט. מיר זענען, פאַרהעלט־נישמעסיק, פריי. אמת, מיר קענען נישט גיין, נישט פאָרן ווו מיר ווילן, מיר מוזן נאָר פאָרן מיטן עשאַלאָן. מיר האָבן נישט מיט זיך קיין פאַספּאָרטן, ווי פרייע בירגער, אָבער קיין באַוואָופּנטע וואַך איבער זיך, וואָס זאָל אונדז היטן און מיט אונדז קאָמאַנדעווען, ווי מיר זענען שוין געווען „געוווינט״ פאַר דער לעצטער צייט, האָבן מיר נישט. ווען דער צוג האָט זיך אָפּגעשטעלט אויף אַ סטאַנציע האָבן מיר געהאַט דאָס רעכט אַראָפּצוגיין אומגעשטערט כדי צו קויפן גע־באַקענע פּלעצלעך, אָדער אַ שיסעלע געקאָכטע קאַרטאָפל ביי די פּויערים. מיר האָבן אויך די פּריווילעגיע צו נעמען „קיפּיאַטאָק״ וויפל דאָס האַרץ גלוסט נאָר. כאָטש אַ ביסעלע פרייהייט, ווי זיס דאָס איז נאָך אַ קנאַפּ יאָר תפיסה און לאַגער. דאָס גיט דאָך צו נייע האָ־פענונגען, אַז מיר וועלן, אינגיכן האָבן פולע פרייהייט און גלייכבאַ־רעכטיקונג, ווערן בירגער פון לאַנד, ווערן ריינגעוואַשן פון שווערע באַשולדיקונגען, וואָס זענען געהאַנגען איבער אונדז ווי אַ געשפּענסט. מיר האָבן דאָס טאַקע אויסגענוצט און אויף אַ סטאַנציע האָב איך מיט מיין פרוי זיך פאָטאָגראַפירט, טאַקע אין אונדזער איצטיקן הולך, אין די וואַטענע הויזן, די אַלטע וואַטענע „פופייקעס״ (לייבלעך). די פאָטאָגראַפיעס האָבן מיר באַלד אַוועקגעשיקט אהיים קיין וואַרשע צו אונדזערע עלטערן. ווי מיר האָבן זיך שפּעטער דערוווּסט, האָבן אונ־דזערע פאָטאָגראַפיעס קיין גרויס פאַרגעניגן נישט פאַרשאַפט אין דערהיים. אונדזער נעבעכדיקער אויסזען, נאָך תפיסה און לאַגער, אונדזער לאַגער־הולך, האָבן אָן ווערטער, אויסגעזאָגט אונדזער „גוטן״ מצב. דאָס האָבן מיר נישט געקענט זען, ווייל מיר זענען געווען איבערגליקלעך מיטן ביסעלע פרייהייט. דאָס האָבן אָבער אונ־דזערע עלטערן און משפחה יאָ געקענט זען.

...נאָך אַ רייזע פון איבער 10 טעג זענען מיר אָנגעקומען, אין 1934, קיין מאַגניטאָגאָרסק, אַ שטאָט אויף אוראַל. ס׳האָט זיך נאָר גערופן אַ שטאָט, נאָר אין דער אמתן איז עס געווען זייער ווייט פון זיין א שטאָט אין אונדזער באַגריף. דאָס איז געווען אַ בויאונג פון דער מעטאַל־אינדוסטריע. די ערשטע דריי דאָמנעס פון גרויסן מעטאַל־קאָמבינאַט זענען שוין געווען פאַרטיק און געאַרבעט. מיר האָבן

די געקענט זען פונדערווייטנס מיט די הויכע קוימענס, וואָס פון זיי האָט געשלאָגן אַ געדיכטער רויך.

אונדזערע פירערס האָבן אונדז איבערגעגעבן צו די נייע באַלע־באַטים, דער אַדמיניסטראַציע פון מאַגניטאָגאָרסקער זאַוואָד. אויף ווי לאַנג? ווער קען דאָס וויסן?



ס׳האָבן זיך אָנגעהויבן ביי אונדז נייע פּראָבלעמען: זיך איינ־אָרדנען אויפן נייעם אָרט, געפונען אַרבעט, פאַרדינען אויף אויס־האַלטן זיך, אויף פּרנסה. ביז איצטער האָבן מיר אָט די זאָרגן נישט געהאַט. „זיי״, אונדזערע מאַכטהאָבער האָבן שוין געזאָרגט פאַר אונדז אין לאַגער מיט אַרבעט און אויסהאַלטונג. כאָטש אַז אַך און וויי איז געווען צו דער אַרבעט און דער אויסהאַלטונג. די מערסטע פון אונדז, ייִדישע „פּערעביעזטשיקעס״ האָבן אין דער היים געאַרבעט ביי ייִדישע פאַכן: שוסטערס, שניידערס, טריקאָטאַזשניקעס א״א (איך האָב אין וואַרשע געאַרבעט ביי טריקאָטאַזש). דאָ, אין מאַגניטאָגאָרסק, האָט זיך געפאָדערט נאָר איינצלנע פון אָט די פאַכן. האָט מען געמוזט זיך איבערקוואַליפיצירן. מיין פרוי האָט באַקומען אַרבעט אַלס קאָנדוקטאָרשע אויפן שטאָטישן אויטאָבוס. ס׳איז אויך געווען אַ מעגלעכקייט אָנצוקומען לערנען. אַזוי ווי איך האָב אין וואַרשע געענדיקט 6 קלאַסן פון דער ייִדישער פאָלקס־שול, האָט מען מיר פאַרגעלייגט אָנצוקומען אין צוגרייי־טונגס־קורס פון פּעדאַגאָגישן אינסטיטוט. אונדזערס אַ באַקאַנטער פון וואַרשע, צעלמיינסקי איז טאַקע אָנגעקומען אהין לערנען. (געוואָרן אומגעבראַכט אין 1937־טן יאָר). איך בין געשטאַנען פאַר אַ שווערן פּראָבלעם: זיך גיין לערנען אויף אַ סטיפּענדיע אויף אפשר 6 יאָר, (אַ יאָר צוגרייטונגס־קורס און דערנאָך דער אינסטיטוט אויף 4־5 יאָר). כ׳האָב געדאַרפט מאַכן אַ שווערע דעציזיע, כאָטש ס׳האָט זיך זייער גע־וואָלט לערנען. דאָס איז דאָך אייגנטלעך געווען איינע פון די סיבות, וואָס האָבן מיך באַוויגן צו לויפן קיין רוסלאַנד. כ׳האָב אָבער געמוזט נע־מען אין אַכט די באַדינגונגען אין וועלכע כ׳האָב זיך געפונען. ערשטנס האָב איך זיך געמוזט אָפּגעבן אַ חשבון, אַז דאָס סטיפּענדיע־געלט קען נישט סטייען אויף חיונה. צווייטנס איז מיין פרוי שוין געווען שוואַנגער, אינגיכן דאַרף געבוירן ווערן אַ קינד און די פאַמיליע וועט זיין אָפּהענגיק אויסשליסלעך אויף מיין אויסהאַלט. אַ חוץ דעם האָב איך אויסגערעכנט, אַז נאָכן ענדיקן דעם אינסטיטוט, נאָך 5־6 יאָר, וועל איך מוזן בלייבן דאָ נאָך עטלעכע יאָר אָפּצואַרבעטן פאַרן לערנען, און דאָס האָט זיך שטאַרק נישט געוואָלט בלייבן אין דעם

העק אזויפיל יאָרן. אָט צוליב די אַלע סיבות האָב איך געמוזט רעזיג־נירן פון גיין לערנען אין פעדאַגאָגישן אינסטיטוט, כאָטש כ׳האָב עס אַזוי שטאַרק געוואָלט. כ׳האָב געפּלאַנט, אַז שפּעטער, ווען כ׳וועל שוין האָבן בירגערשאַפט, וועל איך ביי דער ערשטער געלעגנהייט, זיך גיין לערנען אין דער ידישער אונטעררריכטס־שפּראַך אין בירא־בידזשאַן. דערווייל האָב איך געמוזט זאָרגן וועגן פּרנסה. כ׳האָב זיך געדאַרפט איבערקוואַליפיצירן. כ׳בין אַוועק זיך לערנען אַלס מעטאַל־טאָקער. דאָס איז געווען אַ קורצער קורס, ביי אַ האַלב יאָר, דערנאָך פּראַקטישע אַרבעט. ביים לערנען באַקומט מען שוין דעם דורכשניטלעכן געהאַלט פון אַן אַרבעטער.

מיר האָבן באַקומען דירות אין 5־טן באַראַק. דער באַראַק איז אַ נידעריקע, לאַנגע הילצערנע געביידע. אינמיטן איז דאָ אַ קאָרידאָר און פון ביידע זייטן זענען די צימערן. פּאַרהייראַטע, ווי איך, האָבן באַקומען איין צימערל פאַר אַ פאַרפאַלק און פריילידיקע האָבן עטלעכע יינגלעך אָדער מיידלעך געקריגן איין צימער. די קיך איז געווען אַן אַלגעמיינע פאַרן גאַנצן באַראַק. אונדזערע מעבל זענען באַשטאַנען פון אַ בעט, איינע אָדער צוויי טאַבורעטקעס (בענקלעך), אַ טומבעטשקע (שענקל) און אַ טישל. פאַר די קליידער (וואָס האָבן מיר דען געהאַט משטיינסגעזאָגט?), האָבן מיר אריינגעקלאַפּט עטלעכע טשוועקעס אין וואַנט און פאַרדעקט מיט אַ ליילעך. דאָס האָט געהייסן אונדזער שאַנק. דער קלאָזעט איז געווען אין דרויסן. איין קלאָזעט פאַר אַ באַראַק.

ס׳וואָלט פאַרנומען צופיל אָרט זיך אָפּצושטעלן אויספירלעכער אויף אונדזערע קלאָגעדיקע לעבנס־באַדינגונגען, אָבער דער צושטאַנד און אויסזען פון קלאָזעט איז יאָ ווערט אָפּצומשלען: איבער אַ גרוב איז געווען פון ברעטער (פאַרשטענדלעך נישט געהובלעוועטע) אויפ־געשטעלט אַ ביידל, אָפּגעטיילט מיט אַ ווענטל באַזונדער פאַר מענער און פאַר פרויען. די באַראַק־איינוווינער האָבן אָפּט דערליידיקט דעם מענטשלעכן געברויך (אין אָוונט אָדער אין דער נאַכט־פינצטערניש) נישט דערגייענדיק צום געהעריקן אָרט... אויך באַלעבאָסטעס האָבן דאָרטן אויסגעגאָסן זייער פּאָמעשאַף ארום דעם קלאָזעט (ספּעציעל ווינטער־צייט ווען דער פראָסט דערגרייכט ביז 35 גראַד). ס׳איז געווען אַן אמתע גליטש. מ׳האָט געקענט זיך לייכט אויסגליטשן, דעם קאָפּ צעברעכן ביז מ׳איז צוגעקומען צום קלאָזעט. אינעווייניק איז אויך דער גאַנצער ארום געווען פאַרפרוירן. אין דער עפּענונג, ווו ס׳איז געוואָרן דערליידיקט דער מענטשלעכער געברויך איז אויך געווען אַלץ פאַרפרוירן העכער פון דער עפענונג, ווי אַ „באַרג" מיט אַ שפּיץ. מ׳האָט באַדאַרפט זיין אַן אמתער אַקראָבאַט אַדורכצוגיין די

אַרומיקע גליטש, זיך דערקלייבן אויפן „באַרג״. אונדזערע ווינונגס־באַדינגונגען דאָ, אין מאַגניטאָגאָרסק, האָבן זיך נישט קיין סך פאַר־בעסערט אין פאַרגלייך מיטן לאַגער.

מיר האָבן אָבער דאָ נישט געהאַט קיין דראַט־פאַרצוימונגען ארום אונדזער זאַנע, אויך נישט קיין הויכע אָבסערוואַציע־טורעמס און נישט קיין באַוואָפנטע וואַך. דערפאַר האָבן מיר געהאַט אַנדערע „פאַרצוי־מונגען און באַגרענעצונגען״. מ׳האָט אונדז געקרוינט מיטן נאָמען „פרייע פאַרשיקטע״, דאָס האָט געהייסן, אַז מיר געפינען זיך אונטער מלוכהשער אויפזיכט, אונטער דער אויפזיכט פון דער נקווד. קיין פּאַספּאָרטן האָבן מיר נישט באַקומען, נאָר ציַיגענישן, וואָס יעדן חודש דאַרפן מיר זיי בייטן. מ׳האָט אונדז געמאָלדן, אַז מיר אונטער־ליגן דער אויסלענדישער אָפּטיילונג פון דער נקווד. אַלע אונדזערע אָנגעלעגנהייטן פון אַרבעט, דירה, איינאָרדנונג האָבן געמוזט אדורכ־גיין דער אינסטאַנץ. אָן דער דערלויבעניש פון דער נקווד האָבן מיר נישט געקענט טוישן דעם אַרבעטס־פּלאַץ און וועגן ערגעץ פאָרן איז דאָס בכלל געווען פאַרבאָטן. אונדזער תפיסה, אונדזער לאַגער האָט זיך אַביסל אויסגעברייטערט אויף עטלעכע קילאָמעטער. אמת, מיר האָבן געקענט קויפן אין די געשעפטן פון מאַגניטאָגאָרסק, אויב ס׳איז נאָר געווען סחורה. אָבער די קליינע פאַרדינסטן האָבן אונדז נישט שטענדיק דערלויבט צו פיל איינצוקויפן.

...ס׳איז אדורך אַ שטיקל צייט און ביי אונדז איז געבוירן גע־וואָרן אַ זון. מיר האָבן אים געגעבן אַ מאָדערנעם נאָמען, וואָס האָט געפּאַסט צו אונדזער געמיט־צושטאַנד און אונדזערע האָפענונגען: רעמי (רעוואָלוציאַ מיראַ — וועלט־רעוואָלוציע). ליידער האָט אונדזער זון נישט מער געלעבט ווי אַנדערהאַלבן יאָר. אונדזער שווערער לעבנס־מצב, ווי אויך די שלעכטע סאַניטאַרע און מעדיציניש̇ע באַדינגונגען, די נישט־גענוגנדיקע דערנערונג האָבן צו דעם דערפירט. פון מיין געהאַלט אַליין איז אונדזער פאַמיליע געווען שווער אויסצוקומען. ווען רעמי איז שוין אַלט געווען אַ יאָר איז מיין פרוי אַוועק צו דער אַרבעט. מיר האָבן זיך געגוג געמאַטערט דאָס יאָר. דערפאַר האָבן מיר באַשלאָסן, אַז מיין פרוי מוז גיין צוריק צו דער אַרבעט, כדי כאָטש אַביסל אויסצובעסערן אונדזער מאַטעריעלע לאַגע. דאָס קינד האָבן מיר אָפּגעגעבן אין דער „יאַסלע״ (אַנשטאַלט פאַר קליינע קינדער) אויף אַכט שעה, אויף דער צייט פון אַרבעטס־טאָג.

עטלעכע חדשים איז אַלץ געגאַנגען נאָרמאַל. אין איינעם אַ טאָג, ווען מיר האָבן רעמין געבראַכט אהיים פון דער „יאַסלע״, האָבן מיר גלייך באַמערקט, אַז דאָס קינד איז קראַנק. מיט וואָס זיי האָבן דאָרטן דאָס קינד אָנגעקאָרמעט, האָבן נאָר זיי, אין דער „יאַסלע״ געקענט

וויסן. ער האָט געהאַט אַ בלוטיקן „פּאָנאָס״ (דיזענטעריע). מיט יעדן טאָג איז געוואָרן אַלץ ערגער. קיין פּאַסיקע מעדיקאַמענטן אים צו היילן, די געהעריקע מעדיצינישע הילף, איז נישט געווען אין דעם העק, אפילו אביסל רייז, וואָס זאָל קענען פאַרבעסערן דעם לויזן מאָגן האָבן מיר נישט געקענט קריגן. ס׳האָט גאַרנישט לאַנג גע־דויערט און מיר האָבן אונדזער זון פאַרלוירן. דאָס לעבן האָט געמוזט ווייטער אָנגיין...

אין די אָוונטן האָב איך זיך געלערנט רוסיש, פון צייט צו צייט באַזוכט דעם קלוב פון די „פּערעביעזשטשיקעס״. זייער אַקטיוו אין דער געזעלשאַפטלעכער אַרבעט איז געווען דער אָנפירער פון קלוב הענעך סאָלאָוויטשיק, אַ יידישער שרייבער פון „יונג־ווילנע״. אין דער וואַנט־צייטונג פון קלוב זענען געווען שאַרפע אַרטיקלען קעגן די, וואָס האָבן געבעטן הילף ביי זייערע עלטערן פון פּוילן: אייניקע האָבן באַקומען געלט־איבערווייזונגען פון פּוילן און געקויפט פּראָדוקטן אין „טאָרגסין״ — אַ ספּעציעל געשעפט פאַר אויסלענדישער וואַלוטע. אין אַנדערע געשעפטן האָט מען אַזעלכע פּראָדוקטן נישט געקענט קריגן. די וואַנט־צייטונג האָט אויך געפירט אַ קאַמף קעגן ספּעקולאַנטן, (אַזעלכע וואָס האָבן טיילוויז אויסגעטוישט די פּראָדוקטן אויף אַנ־דערע פאַר זיי נויטיקע זאַכן), קעגן סימולאַנטן (אַזעלכע, וואָס ווילן נישט אַרבעטן). הענעך סאָלאָוויטשיק איז אויך געוואָרן אַ מיטגליד אין מאַגניטאָגאָרסקער שרייבער פאַראיין. ער איז געוואָרן געשיקט אַלס דעלעגאַט פון מאַגניטאָגאָרסק, אין 1934, אויפן ערשטן צוזאַ־מענפאָר פון די יידישע שרייבער אין מאָסקווע. דאָס האָט אים, אָבער, נישט געראַטעוועט און אין 1937־טן יאָר האָבן זיי אים אומגעבראַכט.

מאַגניטאָגאָרסק געפינט זיך אויפן אוראַל, וואָס גרעניצט זיך מיט סיביר. דער קלימאַט איז אַ קאַלטער, דערצו נאָך מיט שטאַרקע ווינטן. דאָס געהעריקע אָנטועכץ פאַר אַזעלכע וועטערן האָבן מיר נישט געהאַט, אויך די באַהייצונג איז געווען נישט־גענוגנדיק סיידן ס׳האָט זיך איינגעגעבן ביי דער באַן־סטאַנציע צו ׳געפינען׳ (צו גנבענען) אַביסל קוילן. נישט געקוקט אויף דעם אַלעם איז די שטימונג געווען אַ גוטע, אַ מונטערע. דאָס איז געווען אַדאַנק דעם ביסל פרייהייט, וואָס מיר האָבן איצטער באַקומען. מיר זענען געווען פול מיט האָפענונגען אויף בעסערע צייטן. איך האָב זיך אינטענסיוו געלערנט און געאַרבעט אַלס מעטאַל־טאָקער ביז ס׳איז געקומען דער לאַנג־דערוואַרטעטער טאָג פון מלוכהש־טעכנישן עקזאַמען. אין דעם עקזאַמען איז געווען אָפּ־הענגיק די הויכקייט, די שטופע פון מיין קוואַליפיקאַציע און אויך, פאַרשטענדלעך, די הייך פון מיין געהאַלט — דער פאַרדינסט פאַר דער אַרבעט. דער מייסטער פון טאָקער־צעך, סעמיאָן פּראָלאָוויטש

איוואַנאָוו, איז געווען אַן ערלעכער און אויך האַרציקער מענטש. ער האָט מיט מיר געלעבט אין גוטע באַציאונגען. מיר האָבן אָפט גע־שמועסט וועגן פאַרשידענע זאַכן, זיך געטיילט מיט אונדזערע פּראָב־לעמען (אויף וויפל מ׳קען זיך דאָרטן טיילן מיט עמעצן), אפילו פּערזענלעכע. ער האָט מיך פליסיק געגרייט צום עקזאַמען. ער האָט געזען, אַז איך בין אַ גוטער אויפמערקזאַמער שילער און כ׳בין שטאַרק פאַראינטערעסירט גוט צו באַהערשן זיין לערע. סעמיאָן פּראַ־לאָוויטש האָט מיך געלערנט אַלץ וואָס אַ מעטאַל־טאָקער דאַרף קענען, כדי גוט אָפּצוגעבן דעם עקזאַמען.

כ׳בין געווען יונג, פליסיק און פאַראינטערעסירט צו באַהערשן די אַרבעט און אויך צו פאַרדינען מער. ס׳איז געקומען דער טאָג פון עקזאַמען. אַ קאָמיסיע פון דריי ספּעציאַליסטן, צווישן זיי מיין מיי־סטער איוואַנאָוו, שטעלן מיר פאַרשידענע פראַגן וועגן טאָקער־פאַך. איך ענטפער דרייסט. כ׳בין גוט צוגעגרייט. אמת, מיין רוסיש־רעדן איז נישט אַזוי גוט, אָבער דער אינהאַלט פון מיינע ענטפערס, פיל איך, באַפרידיקט די קאָמיסיע־מיטגלידער. דער רעזולטאַט איז טאַקע געווען זייער אַ גוטער, כ׳האָבן באַקומען „אָטליטשנאָ״ (אויסגעצייכנט). דאָס האָט מיר צוגעגעבן מוט און נייע האָפענונגען אויף דער צוקונפט. מיין מייסטער איוואַנאָוו, האָט מיר שפּעטער דערציילט בסוד, אַז ער האָט געהאַט אַ שווערן קאַמף מיט דער קאָמיסיע, וואָס האָבן נישט געוואָלט מיר שטעלן „אויסגעצייכנט״, כאָטש זיי זענען מסכים געווען, אַז איך האָב זייער גוט אָפּגעגעבן דעם עקזאַמען. זיי האָבן דאָס מאָ־טיווירט דערמיט, אַז אַן אויסלענדער, אַ „ספּעץ־פּערעסעלעניעץ״, דערצו נאָך אַ ייד, דאַרף נישט זיין קיין „אויסגעצייכנטער״ פון טעכ־נישער בילדונג. מיין מייסטער, אָבער, האָט זיי דערוויזן, אַז וויכטיק איז ווי אַזוי איך האָב געענטפערט און ער האָט טאַקע געזיגט, און מיט טריאומף האָט מיר איוואַנאָוו דערלאַנגט די צייגעניש, שפּעטער, ווען איך האָב געוואָלט אַרויספאָרן פון מאַגניטאָגאָרסק איז גאָר דער „אויסגעצייכנט״ געווען פאַר מיר אַ שטערונג...



...אַן ערך דריי יאָר צייט האָט געדויערט די מאַגניטאָגאָרסקער פאַרשיקונג. ס׳האָט געהייסן, אַז מ׳פאַרשט נאָך אַלץ, צי מיר זענען געווונטשענע עלעמענטן פאַר דער סאָוויעטישער מלוכה. מיר ווערן „איבערדערצויגן״ מיר זאָלן זיין אויף דער געהעריקער הייך צו זיין סאָוויעטישע בירגער (מסתמא זענען די סאָוויעטישע בירגער „פּאָליטיש זייער רייף״).

דורך דער צייט האָבן זיך אין אויסלענדישן אָפּטייל פון דער נקווד, צו וועלכער מיר האָבן געהערט, אָפּט געביטן די „נאַטשאַל־ניקעס" (אָנפירערשאַפט). מיר האָבן, פאַרשטענדלעך, נישט געקענט וויסן די סיבות. יעדן חודש, ווען מיר זענען געקומען טוישן אונדזערע ציגענישן האָבן מיר געטראָפן נייע „נאַטשאַלניקעס".

מיר האָבן געפילט, אַז עפּעס קאָכט זיך אַרום אונדז און וועגן אונדז, נאָר ווי אַזוי ס'וועט אויסזען דאָס „מאכל" האָבן מיר נישט געקענט וויסן. ווייזט אויס, די נקווד, האָט אַלץ נישט געקענט באַשליסן ווי אַזוי צו האַנדלען לגבי אונדז: אָדער אונדז געבן די זעלבע פּריווי־לעגיעס וואָס די סאָוויעטישע בירגער, אָדער פאַרשאַרפן די דיסציפּלין לגבי אונדז? מיר זענען דאָך געווען אין זייערע הענט און זיי האָבן אַלץ געקענט טאָן מיט אונדז, לויט זייער איינזען, לויט דעם „פּאָליטישן קלימאַט" אין לאַנד. אין איינקלאַנג מיט דער אָנגע־נומענער „ליניע" זענען גלייך געשיקט געוואָרן די געהעריקע נאַ־טשאַלניקעס. מיר האָבן גאַנץ גוט געוווּסט, אַז ס'ווערט דאָרטן פאַר־שריבן אין אונדזערע אַקטן, „דיעלעס", וואָס מיר טוען: סיי אין דער היים, סיי ביי דער אַרבעט. אַ חוץ די אינפאָרמאַציעס פון דער אָנפי־רערשאַפט אויפן זאַוואָד ביי דער אַרבעט, אויך אינפאָרמאַציעס פון באַראַק־אויפזעער, פון קלוב־אָנפירער, האָט נאָך די נקווד געהאַט אירע געדונגענע אינפאָרמאַטאָרן פון צווישן אונדז. דאָס האָבן מיר אַלץ זייער גוט געוווּסט, כאָטש ווער זיי, די אינפאָרמאַטאָרן זענען, האָבן מיר, פאַרשטענדלעך, נישט געקענט וויסן.

אין 1935־טן יאָר זענען פון צווישן אונדזערע חברה פאַרגע־קומען אַ גאַנצע ריי אַרעסטן אין צוזאַמענהאַנג מיטן אַטענטאַט אויף קיראָוון, וואָס איז אין יענער צייט צעבלאָזן געוואָרן דורך די מאַכט־האָבער, ווי א מאָרד פון די „שונאים פון פאָלק", די קאָנטער־רעוואָ־לוציע און ס'זענען פאָרגעקומען פיל אַרעסטן איבערן גאַנצן לאַנד. שפּעטער זענען געווען השערות, אַז דאָס איז געווען סטאַלינס אַ שטיקל אַרבעט צו באַזייטיקן זיינעם אַ „קאָנקורענט" פאַר מאַכט און אויך אַ תירוץ צו פאַרשטאַרקן דעם טעראָר.

נאָכן ווערן אַן „אָטליטשניק" האָט זיך מיין אויטאָריטעט אויפן זאַוואָד געהויבן, אויך מיין געהאַלט האָט זיך פאַרגרעסערט, אָבער נישט אויף אַזוי פיל, אַז ס'זאָל באַפרידיקן אונדזערע פאַמיליע־באַ־דערפעניש, נאָר האָפענונג האָט עס צוגעגעבן אויף בעסערע צייטן.

אונדזערע „פאַרזאָרגערס" און אָנפירערס האָבן אונדז געהאַלטן אין איין צוזאָגן, אַז פאַר גוטע אַרבעט און גוטע אויפפירונג וועלן מיר זיך דערדינען צו ווערן סאָוויעטישע בירגער, צו ווערן באַפרייט פון דער

פרייער פאַרשיקונג. פאַרשטענדלעך, אַז מיר האָבן זיך באַמיט און געשטרעבט צו ווערן פרייע מענטשן. און דאָס האָט געהייסן — בירגער פון גרויסן ראַטנפאַרבאַנד.

דער לאַנג־געגאַרטער טאָג פון ווערן אַ סאָוויעטישער בירגער איז פאַר מיר געקומען. איך בין געווען צווישן די ערשטע צוואַנציק „ספעץ־פערעסעלענצעס", וואָס זענען געוואָרן באַשטימט דורך אונ־דזער אָנפירערשאַפט צו באַקומען סאָוויעטישע בירגערשאַפט. דאָס איז געוואָרן אַדורכגעפירט פייערלעך. אונדזער קלוב, ווו ס'איז פאַר־געקומען די פייערונג פון צוטיילן די סאָוויעטישע בירגערשאַפט איז געווען שיין דעקאָרירט, אַן אָרקעסטער האָט געשפּילט פריילעכע מאַרשן; אַ קאָמיסיע פון דער נקווד איז געזעסן ביים טיש אויף וועלכן ס'איז געווען אַ רויט טישטעך. ס'האָט זיך געפילט א יום־טובדיקייט אין זאַל, א שמחה. דער „נאַטשאַלניק" פון אויסלענדישן אָפּטייל פון דער נקווד האָט געלייענט פון אַ פּאַפּיר:

„פאַר גוטע אַרבעט און אויפפירונג ווערט שמול דאַווידאָ־וויטש שוואַרץ אַראָפּגענומען פון ספּעציעלן „אוטשאָט" (רעכענונג) פון דער נקווד און ער באַקומט סאָוויעטישע בירגערשאַפט". דער אָר־קעסטער שפּילט אַ פריילכען מאַרש, די פאַרזאַמלטע אין זאַל אַפּלאָ־דירן; ס'איז אַ גליקלעכער מאָמענט אין מיין לעבן!

נאָך 20 „פערעביעזטשיקעס" האָבן געהאַט די זכיה אין דעם אָוונט, אין דער ערשטער פּאַרטיע, צו קריגן בירגערשאַפט. מיין פרוי האָט דאָס מאָל נישט באַקומען. באַקומענדיק דאָס טייערע פּאַפּירל, אַז איך בין שוין אַ פרייער בירגער, ענטפער איך, שטייענדיק אויף דער בינע:

— אַ דאַנק, איך בין זייער צופרידן, וואָס די סאָוויעטישע מאַכט געטרויט מיר! איך וועל אויך ווייטער באַרעכטיקן דעם צוטרוי.

אַזאַ איז שוין דער סטאַנדאַרטנער ענטפער ביים באַקומען דאָס גליקלעכע קוויטל. אין אַ חודש אַרום האָט אַ צווייטע גרופּע באַקומען בירגערשאַפט.

געמישטע געפילן און געדאַנקען קומען אין מיין קאָפּ: ביי פיר יאָר האָבן געדויערט מיינע ליידן ביז איך בין געוואָרן אַ סאָוויעטישער בירגער. צי איז דאָס שוין דער סוף פון מיינע ליידן? ביי פיר יאָר האָט מען מיך „געפאַרשט" צי כ'בין נישט קיין שפּיאָן, קיין פאַר־ברעכער. זיי האָבן נאָך פיר יאָר מיטן געבן מיר די בירגערשאַפט, באַשטעטיקט, אַז איך בין אַן ערלעכער מענטש. מיט מיין אַרבעט און אויפפירונג האָב איך דאָס דערוויזן; כ'בין גליקלעך; כ'קען

איצטער אָנהייבן אַ ניי לעבן, לויט מיין ווילן און איינזען; איך בין דאָך אַ פרייער בירגער!

באַלד נאָכן באַקומען דעם סאָוויעטישן פּאַספּאָרט האָב איך גלייך אָנגעהויבן מאַכן באַמיאונגען אַוועקצופאָרן פון מאַגניטאָגאָרסק קיין ביראָבידזשאַן, כדי אָנצוקומען לערנען אויף דער יידישער שפּראַך און זיך אויסלעבן צווישן יידן.




פּראָפּאַגאַנדע־פּלאַקאַט וועגן ביראָבידזשאַן
אין די דרייסיקער יאָרן

# ביראָבידזשאַנער „איזאָלאַציע״

## איך פאָר קיין ביראָבידזשאַן

די אַגיטאַציע, דער רויש אַרום דער נייער אויטאָנאָמער געגנט ביראָבידזשאַן איז געווען גרויס. ס׳איז נישט קיין קלייניקייט: די ייִדן ווערן גלייכבאַרעכטיקט, קריגן אַן אייגענע טעריטאָריע, ווי אַנדערע פעלקער פון פילנאַציאָנאַלן ראַטנפאַרבאַנד.

נאָך זייענדיק אין פוילן, אין יאָר 1932, האָב איך געטרוימט, געחלומט צו קענען קומען אַהין, אין דער ייִדישער אויטאָנאָמער געגנט פון גליקלעכן לאַנד.

ביראָבידזשאַן האָט אין אייגענעם לאַנד, אין ראַטנפאַרבאַנד, נישט אַזוי געלאָקט, נישט אַזוי גערעדט צום האַרצן, ווי אין אַנדערע לענדער, ווו ס׳האָבן זיך געפונען ייִדן און ספּעציעל אין פוילן.

אין יענע יאָרן, בעת דער אַנטשטייאונג פון ביראָבידזשאַן, 1929־30, זענען אַ סך סאָוויעטישע ייִדן געווען נישט שלעכט איינגעאָרדנט אין אוקראַינע, ווייסרוסלאַנד, קרים און אפילו אין מאָסקווע. עס זענען געפאָרן קיין ביראָבידזשאַן דער עיקר געשיקטע פון דער פּאַרטיי, אָדער די יעניקע, וועמען ס׳האָט נישט „אָפּגעגליקט״ אין צענטער. זיי זענען געפאָרן זוכן גליקן, זוכן אַ לייכטער שטיקל ברויט, אַ בעסער לעבן. מ׳האָט דאָך אַזויפיל צוגעזאָגט, אַגיטירט וועגן די גלענצנדיקע מעגלעכקייטן און באַדינגונגען.

ביי דער ייִדישער יוגנט אויסער ר״פ, ביי די קאָמוניסטיש־געשטימטע פון פוילן, האָט ביראָבידזשאַן געפונען אַ ברייטן אָפּקלאַנג, מיטגעריסן. די הויפּט־סיבה: די גרויסע אַרבעטסלאָזיקייט און דער שטאַרקער אַנטיסעמיטיזם. זיי האָבן געזען אין ביראָבידזשאַן זייער אויסלייזונג, דאָס צוקונפטיקע גליק.

אין פוילן האָט דער „אַגראַיד" געהאַלטן אין איין אָרגאַניזירן אַ גרעסערע עמיגראַציע קיין ביראָבידזשאַן, נאָר דערפון איז גאָר־נישט ארויסגעקומען. דאַקעגן פון פראַנקרייך, בעלגיע, דייטשלאַנד, אַרגענטינע, אורוגוויי, אויך פון ישראל (דאַן פּאַלעסטינע) זענען גע־וואָרן ווערבירט גרעסערע גרופּן ייִדן קיין ביראָבידזשאַן. ווי גרויס איז געווען זייער ענטוזיאַזם! ווי גרויס זענען געווען די האָפענונגען! ספּעציעל ביי דער פּאַריזער גרופּע: פּאַרשמייעטע, פאַרשוויצטע, זע־נען זיי געלאָפן איבער די וואַגאָנען, געשריגן, געטומלט, געזונגען ביז הייזעריק ווערן. עפּעס אַ קליינקייט, אַזאַ גליק, זיי פאָרן דאָך קיין ביראָבידזשאַן! פון ערגעץ האָט זיך גענומען אַ שטיק רויטער טיך, אַ שטעקן און אַ רויטע פאָן האָט שוין געפלאַטערט איבערן וואַגאָן־דאַך.

דער וועג איז געווען פול מיט פרייד, געזאַנג. ביים איבער־טרעטן די שוועל פון גליקלעכן לאַנד האָט די פרייד נישט געהאַט קיין ברעג, קיין אָפּשטעל. אייניקע האָבן נישט געקענט צוימען זייער באַגייסטערונג און זיך ארומגעכאַפּט קושן מיטן ערשטן באַגעגנטן רויטאַרמייער פון דער גרענעץ־וואַך און אַריינגעכאַפּט דערפאַר אַ פעטן „מאַט" — אַ וואָרענונג, אַז דער „טאָווארישטש קראַסנאַ־אַרמייעץ" וועט... שיסן.

ווי אַן עמער קאַלט וואַסער אויף די צעהיצטע, פון באַגייסטערונג קעפּ, האָט געווירקט די גרויע ווירקלעכקייט. זיי האָבן זיך גלייך גע־כאַפּט, אַז דער חלום איז מיילנוויט פון אמת, אַז די צוזאָגן זענען נאָר געווען אויפן פּאַפּיר. זיי האָבן געטראָפן אין ביראָבידזשאַן אַ פּוסטע, נישט באַוווינטע טייגע אָן שום באַדינגונגען פאָרן מענטשלעכן לעבן. אויף יעדע פראַגע פון די אימיגראַנטן וועגן סחורות, מכשירים און נויטיקע שפּייז־אַרטיקלען, איז געווען אַן ענטפער: „בודיעט" (ס'וועט זיין); „טרודנאָסטי" (שוועריקייטן).

פאַר די אומצופרידענע, וואָס האָבן נישט פאַרשטאַנען דעם „סאָוויעטישן לעבנס־שטייגער", אז מען טאָר נישט רעדן און זיי האָבן יאָ גערעדט, ארויסגעוויזן זייער אומצופרידנקייט, האָט זיך גלייך גע־פונען אַן אַנדער אָרט — אין תפיסות און לאַגערן. אַ וואַרשעווער בחור, ליבערמאַן, געקומען פון פּאַריז, אַנקוקנדיק די טייגע מיט די בלאָטעס און מיט די טויזנטער און אפשר מיליאָנען קליינע פלי־געלעך, קאָמאַרן און מאשקאַ, וואָס בייסן און זויגן דאָס בלוט און יעדע זאַך וואָס מען באַדאַרף פעלט. אויך שפּייז־פּראָדוקטן איז נישטאָ גענוג. אין די ברעזענטענע פּאַלאַטקעס, וואָס דאַרפן פאַרטרעטן דירות, יאָגט דער ווינט און באַשיצן זיך, ווי געהעריק פון רעגן, היץ אָדער קעלט איז אויך נישטאָ מיט וואָס. עס בושעווען קראַנקהייטן מיט

טויט־פאַלן — און ווען ליבערמאַן האָט געזען אַט די לעבנס־באַדינ־גונגען, האָט ער געפרעגט ביי דער אַנפירערשאַפט:

— קיין אַנדערן טויט פאַר ייִדן האָט איר נישט געפונען ווי בירָאָבידזשאַן?... האָט מען אים דערפאַר „באַזאָרגט" מיט 10 יאָר לאַגער, כדי ער זאָל פאַרשטיין וואָס מ'מעג און וואָס מ'טאָר נישט רעדן אין „פרייען" לאַנד.

דאָס האָב איך זיך אַלץ דערוווּסט שפּעטער, שוין זייענדיק אין בירָאָבידזשאַן. דאַקעגן אין פּוילן אין יענער צייט, אין וואַרשע, ווען די אַגיטאַציע פאַר בירָאָבידזשאַן איז געווען זייער גרויס, האָב איך געטרוימט:

— ס'זאָל מיר נאָר אָפּגליקן צו קומען אין דער ייִדישער אויטאָנאָמער געגנט, וועל איך זיך לערנען אויף דער ייִדישער שפּראַך און זיך אויסלעבן צווישן ייִדן.

בירָאָבידזשאַן איז געווען איינע פון מיינע הויפּט־צילן, וואָס כ'האָב געהאַט אין 1932 שוואַרצנדיק די פּויליש־סאָוויעטישע גרענעץ. נאָר ווי באַלד כ'בין אריבער די גרענעץ און אָנגעקומען אין געגאַרטן לאַנד, האָב איך אָנגעוווירן איבער זיך די דעה. כ'בין געוואָרן אַ „פאַר־דעכטיקטער אין שפּיאָנאַזש", דערנאָך אַ פאַרשיקטער — אַלץ אין דער וועלט, נאָר נישט קיין מענטש, קיין פרייער מענטש.

און דאָך האָב איך דערלעבט. נישט אַלע האָבן געהאַט דאָס גליק דאָס צו דערלעבן. ס'איז געקומען די צייט צו פאַרווירקלעכן מיין פּלאַן, ווען וועלכן כ'האָב אַזויפיל געטראַכט פאַר די קנאַפּע 4 יאָר תפיסה, לאַגער, פאַרשיקונג און זייערע נאָרמאַלע באַגלייטערס: הונ־גער, נויט און פּיין...



נישט לייכט איז מיר אָנגעקומען זיך צו באַפרייען פון דער אַרבעט אין מאַגניטאָגאָרסק. אויף מיין אומגליק (דאַן האָט עס אויס־געזען פאַר מיר אַ גליק) האָב איך אָפּגעגעבן דעם טעכנישן עקזאַמען אַלס מעטאַל־טאָקער אויף „אויסגעצייכנט" און לויטן באַפעל פון די־רעקטאָר פון קאָמבינאַט ווערן „אויסגעצייכנטע" נישט באַפרייט פון דער אַרבעט אָן זיין, דעם דירעקטאָרס, אייגנהענטיקער שריפטלעכער דערלויבעניש. כ'האָב געהאַט אַ לויפעניש פון איין אָפּטייל צום צווייטן; דורך דער גאַנצער ביוראָקראַטיע און זיך קוים דערשלאָגן צום דירעקטאָר פון קאָמבינאַט. ווו כ'האָב, מיט שווערע מי, באַקומען די דערלויבעניש באַפרייט צו ווערן פון דער אַרבעט.

נאָך אַ וואָך וואַרטן, האָב איך באַקומען אַ באַן־בילעט קיין

מאָסקווע און פון דאָרטן האָב איך זיך געדאַרפט ווערבירן דורכן „קאָמזעט״ קיין ביראָבידזשאַן.

דער 10 מעת־לעת וועג, די רייזע פון מאַגניטאָגאָרסק קיין מאָסקווע איז געווען פאַר מיר נישט לאַנג און נישט לאַנגווייליק. דאָס זענען געווען מיינע ערשטע טעג פון פריהייט צו זיין אַ פרייער בירגער פאַר די קנאַפּע 4 יאָר זיין אין ר״פ. כאָטש די צוגעוואוינטע פריהייט איז געווען אַ נישט־פאַרדינטע, האָט מיך אָפּגעפרישט, גע־פרייט די צוריקבאַקומענע פריהייט.

כ׳האָב שוין געהאַט אַדורכגעמאַכט אַ „שול״, אז מען דאַרף זיין פאַרזיכטיק מיט אַ וואָרט: אָדער שווייגן און אויב רעדן — איז לויבן די מאַכט, דעם לעבנס־שטייגער אין לאַנד, אַקוראַט ווי ס׳שרייבט די ציטונג, ווי עס רעדט דער ראַדיאָ און נישט ווי דו טראַכטסט און פילסט. נאָר דאַן קענסטו האָבן דאָס ביסעלע „פריהייט״...

אויף יעדער סטאַנציע האָב איך געגאַנגען, מיט דער ברייטער האַנט פון „קיפּיאַטאָק״ (געזאָטן וואַסער), אַביסל אָפּגעאָטעמט פון דער ענג־שאַפט אין וואַגאָן (דריטן קלאַס) אויף דער פרישער לופט, געקויפט קאַרטאָפל־פּלעצלעך, טיילמאָל מילך, צו טייערע קאָמערציעלע פרייזן (נישט מלוכה־פרייזן), וואָס די קאָלווירטניקעס האָבן פאַרקויפט. מיט גרויס אַפּעטיט געגעסן, זשעדנע געטרונקען, זיך געוואָלט אָנזע־טיקן נישט נאָר מיט דער שפּייז, נאָר אויך מיט דעם ביסעלע פרייהייט.

דורך די וואַגאָן־פענצטער האָט אריינגעקוקט די רוסישע לאַנד־שאַפט, אַדורכגעווייקטע פון רעגן און האַרבסטיקן נעפּל. דאָס האָט מיך ווייניק אַנטציקט, ווייניק אינטערעסירט. מיינע געדאַנקען זענען געלאָפן גיכער פון צוג. זיי זענען שוין געווען אין מאָסקווע און אפשר נאָך ווייטער...



מיין קוזין אין מאָסקווע, צו וועמען איך האָב געהאַט אַן אַדרעס, איז געווען אַ טוער פון די פּראָפעסיאָנעלע פאַריינען. ער האָט געהאַט אַ פיינע דירה, לייטיש מעבלירט און בכלל האָבן זיי געלעבט גאַנץ גוט.

די ערשטע באַגעגעניש איז געווען אַ טומלדיקע:

— אַן אומגעריכטער גאַסט! וואָס הערט זיך אין וואַרשע? וואָס מאַכט די משפחה? פראַגן, פראַגן אָן אַ שיעור, וואָס עס איז זייער שווער אויף זיי צו ענטפערן, אַז איך בין שוין פון וואַרשע קנאַפּע 4 יאָר. זיי, מיין משפחה, זענען אַוועק פון וואַרשע מיט איבער 15 יאָר

צוריק, זיך דאָ אַקלימאַטיזירט, רוסיפיצירט. ס׳איז זיי שוין שווער צו רעדן ייִדיש.

עס איז נישט לייכט צוגעגאַנגען דאָס ווערבירן זיך קיין ביראָ־בידזשאַן... ס׳האָט געמוזט אַביסל געדויערן.

מיט יעדן טאָג איז דער אינטערעס פון מיין משפחה צו מיר, ווי דער שטייגער איז, געוואָרן קלענער. די באַציאונג קילער. מ׳האָט מיר געגעבן אָנצוגעהערן, אַז דאָ אין מאָסקווע, טאָר מען נישט ווינען נישט צוגעשריבן און צושרייבן קען מען אויך נישט. און אין „קאָמ־זעט" האָט זיך דאָס ווערבירן פאַרצויגן. יעדן טאָג האָט דער אינספּעק־טאָר מיך אויסגעפרעגט פונדאָסניי, נאָטירט, פאַרשריבן... און געהייסן קומען מאָרגן. יעדן טאָג האָט ער געפונען אַן אַנדערן אויסרייד: די זיצונג וועגן מיין ווערבירן איז נאָך נישט פאָרגעקומען. צי בין איך זיכער, אַז מיר וועט געפעלן דער ביראָבידזשאַנער קלימאַט? צי וואָלט איך, בעסער, נישט געפאָרן צוריק קיין מאַגניטאָגאָרסק? ער גיט אַפילו אויף די הוצאות. כ׳האָב געפילט, אַז עפּעס דערדעדט ער נישט, אַז עס קווועלט אים עפּעס, וואָס ער קען נישט, וואָס ער טאָר נישט אַרויסזאָגן... ס׳איז געווען די צייט פון גרויסע אַרעסטן, נאָכן אַטענטאַט אויף קיראָוון, ווען די שווערד, די פאַרבלוטיקטע טעראָר־שווערד איז געהאָנגען אויף יעדנס קאָפּ. ער האָט מיר געוואָלט עפּעס זאָגן און פאָרט נישט געקענט, נישט דערזאָגט...

צען טעג האָב איך געמאָסטן די מאָסקווער גאַסן; יעדן טאָג בין איך געפאָרן אינדערפרי אין „קאָמזעט" און אַרויסגעגאַנגען פון דאָרטן מיט אַ צוזאָג אויף מאָרגן. כ׳בין געווען יעדן טאָג אין לענין־מאַוזאָליי, אין פּאַרק א"נ פון מ. גאָרקי, אין מוזעאומס מיט וועלכע מאָסקווע איז אַזוי רייך.

ס׳איז מיר געווען שווער, אומדערטרעגלעך שווער זיך אומ־צוקערן יעדן טאָג אין הויז פון מיין קוזין, וואָס האָט געוואַרט אויף דער ידיעה, אַז איך פאָר שוין אַוועק. צו אַלעם, אָבער, קומט אַ סוף. כ׳בין פאָרט געוואָרן פאַרווערבירט. כ׳האָב באַקומען „קאָמאַנדיראָ־וויטשנע" (געלט אויפן וועג) און אַ באַן־בילעט קיין ביראָבידזשאַן.

# איך ווער אַ סטודענט — דער אַרעסט

ביראָקאַן — די ערשטע סטאַנציע פון דער ידישע אויטאָנאָמער געגנט. אַ ידישע אויפשריט אויף דער הילצערנער וואָקזאַל־געביידע. דאָס האַרץ ווערט איבערגעפולט מיט פרייד, טאַקע ידישע אותיות.

אפשר וועל איך טאַקע דאָ געפינען אַ היים, און אמתע היים נאָך אַזויפיל מאַטערנישן? אפשר דאָ, אין ביראָבידזשאַן, וועל איך באַקומען די מינימאַלע באַפרידיקונג פאַר מיינע מאַטעריעלע און גייסטיקע באַדערפענישן? —דאָס זענען געווען מיינע ערשטע געדאַנקען אַראָפּשטייגנדיק פון דער באַן אויף דער סטאַנציע ביראָבידזשאַן — די הויפּטשטאָט פון דער ידישער אויטאָנאָמער געגנט. (ביראָ־בידזשאַן — דער נאָמען נעמט זיך פון 2 טייכן: בירא און בידזשאַן, וואָס פליסן אַדורך די געגנט).

כ'האָב געטראָפן אַ נייעם, שיינעם וואָקזאַל, ווי' עס פּאַסט פאַר אַ הויפטשטאָט פון אַן אויטאָנאָמער געגנט. און דער וואָקזאַל, ווי אַלע וואָקזאַלן אין יענער צייט, פול מיט פּאַסאַזשירן, צעלייגטע אויף בענק, אויף דער פּאָדלאָגע, אַז ס'איז שווער אַדורכצוגיין. מענטשן וואַרטן אויף צוגן אַוועקצופאָרן פון דאַנען — דאָס האָט מיך גאַרנישט געפריים.

די האַרבסטיקע שטאָט — ס'איז געווען סעפּטעמבער 1936 — האָט מיך באַגעגנט מיט רעגן, בלאָטע אויף די נישט־אַספאַלטירטע גאַסן (וואָס פּאַסט גאַרנישט פאַר אַ הויפּטשטאָט פון אַ געגנט), טראָטואַרן פון צונויפגעקלאַפּטע ברעטער, וואָס דורך זייערע שפּאַרעס שפּאַרט זיך דורך די וויכע קאַשע־בלאָטע. איינשטאָקיקע, צווישטאָקיקע הילצערנע הייזער, עטלעכע פון ציגל, ווי דער „אַבל־איספּאָל־קאָם", „גאָרקאָם־פּאַרטיי", נקווד (הייזער פון אָנפירנדיקע אָרגאַנען פון דער פּאַרטיי און רעגירונגס־אַפּאַראַט). עס באַשיינען נאָך די שטאָט די ידישע שילדלעך מיט די נעמען פון די גאַסן, אַזוי, יעדנפאַלס, האָט זיך מיר געדאַכט.

אָן שוועריקייטן בין איך געוואָרן פאַררעכנט אַלס סטודענט פון פּעדאַגאָגישן טעכניקום. ס'האָבן געפעלט סטודענטן צום פּלאַן. ס'האָט זיך אָנגעהויבן פאַר מיר אַן אינטערעסאַנט לעבן פון לערנען זיך. וואָס קען זיין בעסער? ס'איז מיר געווען ליב די מאָגערע שפּייז פון דער קיך אין טעכניקום: יעדן אינדערפרי און אין אָוונט דאָס שטיקל ברויט

מיט מאַרמאַלאַדע און טיי. דריי מאָל אין וואָך די פלײשיקע מיטאָגן (משטײנסגעזאָגט דאָס קלײנע שטיקעלע פלײש). כ׳בין געווען אריינ־געטאָן אין לערנען, וואָס כ׳האָב געמוזט איבעררייסן מיט יאָרן צוריק, כאָטש כ׳האָב אַזוי נישט געוואָלט, אָבער קיין מאַטעריעלע מעגלעכ־קייטן פאַרצוזעצן מיין לערנען האָב איך אין פוילן נישט געהאַט. אמת, כ׳בין געווען איבערגעוואַקסן פאַר מיין קלאַס, ווו עס האָבן זיך געלערנט 15־17 יעריקע ייִנגלעך און מיידלעך און איך בין שוין אַלט געווען עטלעכע און צוואַנציק. נאָר דאָס איז נישט געווען וויכטיק: כ׳האָב אויסגעזען יונג, זיך געפילט יונג און פול מיט ווילן און ברען זיך צו לערנען און דערגרייכן מיין ציל: ווערן אַ לערער אין דער ײדישער שול.

פאַרן גוטן לערנען האָב איך באַקומען אַ געהעכערטע סטיפּענדיע — 200 רובל אַ חודש. כ׳האָב זיך מיטן גאַנצן יוגנטלעכן ברען אַריינגעוואָרפן אין געזעלשאַפטלעכן לעבן פון טעכניקום, געווען אַ מיטגליד פון פּראָפ. קאָם (פּראָפעסיאָנעלער קאָמיטעט), קולטור־סעקטאָר, געווען אַקטיוו אויף אַלע געביטן. ס׳איז געווען, כאָטש נישט קיין זאַט, אָבער אַן אינטערעסאַנט לעבן. כ׳האָב געוווּסט, אַז מ׳דאַרף זיין פאַרזיכטיק מיט אַ וואָרט: דערציילן, אַז דאָרטן, אין פוילן, איז געווען זייער ביטער און דאָ איז זייער גוט, אַז מיר זענען דאָ פריי, גליקלעך און אַזוי ווייטער אין דעם נוסח.

מיט גוטע רעזולטאַטן האָב איך פאַרענדיקט דאָס ערשטע לערנ־יאָר. כ׳האָב געטראַכט, אַז אין דער פרייער צייט, אין די וואַקאַציעס דאַרף איך עפּעס אַרבעטן, צופאַרדינען, כדי כאָטש אַביסל צו פאַר־בעסערן מיין מאַטעריעלע לאַגע. בין איך אַוועק אין בילדונגס־מי־ניסטעריום זיי זאָלן מיר געבן צייטווייליקע באַשעפטיקונג אויף דער צייט פון מיינע וואַקאַציעס. זיי האָבן זיך באַראַטן, געזוכט פאַר מיר באַשעפטיקונג און מיר פאַרגעלייגט, אַז כ׳זאָל זיך צוקלייבן נאָך צוויי סטודענטן און מיר זאָלן שאַפן אַזאַ אַזויגערופענע אַגיט־קולטור־ברי־גאַדע. אונדזער אויפגאַבע וועט זיין ארויספאָרן אין דער געגנט, אין קאָלכאָזן, סאָוכאָזן און אַרטעלן און צו זיי ברענגען דאָס ײדישע וואָרט סיי אין אַ קינסטלערישער און סיי אין דער פּובליציסטישער פאָרם, מיט אַגיטאַציע־מאַטעריאַלן, וואָס שילדערן די דערגרייכונגען פון דער סאָוויעטישער ווירטשאַפט — וועלן זיי אונדז באַזאָרגן.

דער טור וועט דאַרפן דויערן 3־4 וואָכן. אין פאַרלויף פון די נאָ־ענטסטע טעג זאָל איך זיי געבן אַן ענטפער. כ׳בין באַלד אַוועק אין טעכ־ניקום זוכן נאָך צוויי צוגעפּאַסטע יאַטן פאַר דעם ציל. כ׳האָב צוגעק־קליבן וועלוול זאַיאָנצן (אויך אַ פּוילישער, עמיגרירט פון פּאַריז) און אברהמען, אַ געבוירענער אין רוסלאַנד. די מערסטע פון די סטו־

דענטן זענען זיך צעפאָרן אַהיים אין דער געגנט אויף דער צייט פון די וואַקאַציעס.

מיר זענען, זאַלבעדריט, אַוועק אין בילדונגס־מיניסטעריום, גע־האַט אַ געשפּרעך מיטן פאַרשטייער פון דער קולטור־אָפּטיילונג. ער האָט יעדן פון אונדז פאַרהערט, פּרובירט צי מיר האָבן די געהעריקע פעאיקייטן אויסצופילן אַזאַ וויכטיקע מיסיע. מיר זענען אים גע־פעלן געוואָרן און ער האָט אונדז באַשטעטיקט. ס'איז אויסגעאַרבעט געוואָרן דער פּלאַן, דער מאַרשרוט.

ס'האָט זיך אָבער אַרויסגעוויזן, אַז מיר מוזן האָבן „פּראָפּוסקן" (ספּעציעלע צייגענישן) פון דער מיליץ צו באַזוכן די געגנטן, וואָס גרענעצן זיך מיט מאַנדזשוריע. (ביראָבידזשאַן גרענעצט זיך מיט מאַנדזשוריע). מיר זענען גלייך אַוועק אין דער מיליץ נאָך אַזעלכע „פּראָפּוסקן". אברהם, וואָס איז געווען אַ רוסיש־געבוירענער, האָט גלייך געקריגן די דערלויבעניש, אָבער מיר און וועלוולען האָט מען אָפּגעזאָגט. דאָס האָט מיך זייער שטאַרק פאַרדראָסן. כ'האָב פשוט נישט געקענט אויסבאַהאַלטן דעם כעס: ווי לאַנג נאָך וועל איך זיין דיסקרימי־נירט? ווי לאַנג נאָך וועל איך זיין אין דער קאַטעגאָריע פון די, וואָס מ'האָט נישט קיין צוטרוי? פאַר די זינד פון אומלעגאַל אריבערגיין די גרענעץ האָב איך דאָך שוין באַקומען מיין שטראָף, אַ גענוג האַר־בע שטראָף פון תפיסה, לאַגער און פאַרשיקונג. איז דען דאָס נאָך ווייניק? איצטער האָב איך דאָך אַ סאָוויעטישן פּאַספּאָרט, כ'בין דאָך אַ פרייער סאָוויעטישער בירגער. פאַרוואָס מיך ווידער דיסקרימינירן?

כ'האָב געבעטן מיך צולאָזן צום נאַטשאַלניק פון דער מיליץ אויף אַ געשפּרעך. מ'האָט דאָס מיר דערמעגלעכט. דער נאַטשאַלניק, אמת פון רוסישער נאַציאָנאַליטעט אין דער יידישער אויטאָנאָמער געגנט, האָט מיך אויפגענומען. כ'האָב זיך איינגעהאַלטן מיט די לעצ־טע כוחות נישט אַרויסצוּווייזן מיין כעס און אים זאַכלעך דערקלערט, אַז דאָ איז, זיכער, געשען עפּעס אַ מיספאַרשטענדעניש. פאַרוואָס מיר מיט זאַיאַנצן האָט מען אָפּגעזאָגט די „פּראָפּוסקן". כ'האָב מסתמא גערעדט מיט אַזאַ עקשנות און איבערצייגונג, אַז ער האָט נישט געהאַט קיין שום לאָגישע אַרגומענטן מיר צו ענטפערן און כ'האָב טאַקע אויסגעפירט. איך און וועלוול האָבן באַקומען דערלויבענישן צו באַ־זוכן די גרענעץ־געגנטן. כ'האָב זיך געפילט ווי אַ זיגער. דאָס האָט מיר צוגעגעבן נייע האָפענונגען אויף דער צוקונפט, אַז איך בין טאַקע אַ גלייכבאַרעכטיקטער סאָוויעטישער בירגער.

מיר האָבן זיך געלאָזט אין וועג אַרייַן זאַלבעדריט. מיט טראַנ־ספּאָרט זענען מיר געווען באַזאָרגט: ס'איז אונדז אויסגעקומען צו פאָרן סיי מיט אָקס, מיט פערד און וואָגן, סיי מיטן טייך אויף שיפ־

לעך און ווו ס'איז געווען אַ גוטער וועג זענען מיר געפֿאָרן מיט אַן אויטאָמאָביל. מיר האָבן באַזוכט די קאָלכאָזן (קאָלעקטיווע דאָרפֿישע ווירטשאַפֿטן), סאָווכאָזן, אַרטעלן; זיך געטראָפֿן מיט די בויער פֿון דער יידישער אויטאָנאָמער געגנט; מ'דאַרף באַמערקן, אַז גאָר אַ גרויסער טייל פֿון זיי זענען געווען פֿון אויסלאַנד, ווערבירטע פֿון פּוילן, פֿראַנקרייך און אויך אַרגענטינע (אַ סך פֿון זיי האָב איך שפּעטער געטראָפֿן אין לאַגער). די שטימונג ביי די קאָלאָניסטן איז געווען אַ הייטערע, פֿול מיט האָפֿענונג, טראָץ די שווערע לעבנס־באַדינגונגען און די שלעכטע באַזאָרגונג מיט בוי־מאַטעריאַלן און פּראָדוקטן, אפֿילו צום פֿאַרזיי איז נישט אַלץ געווען ווי געהעריק צוגעגרייט. זיי האָבן געוווינט אין פּרימיטיווע, צייטווייליקע הייזלעך. די מאשקא, קליינע פֿליגעלעך פֿון דער טייגע, האָבן זיי אויך דערקוטשעט, ספּעציעל ביי נאַכט און נישט געלאָזט שלאָפֿן צוליבן זשומען און בייסן. די קאָלאָניסטן האָבן אַלץ גענומען פֿאַר ליב און אויסגעדריקט די האָפֿענונג, אַז אַלץ וועט זיין גוט, מ'מוז האָבן געדולד.

מיר, די אַגיט־בריגאַדע, האָבן פֿאַר זיי רעציטירט, דעקלאַמירט פֿון דער יידישער ליטעראַטור. זיי האָבן אויפֿמערקזאַם געהערט, געווען אויסגעהונגערט נאָך אַ יידיש וואָרט. מיר האָבן מיט זיי געפֿירט שמועסן און אויך פֿאַרשריבן זייערע ביטעס, אַז מיר וועלן דאָס איבערגעבן אין צענטער, צו דער ביראָבידזשאַנער אָנפֿירערשאַפֿט.

בכלל איז עס געווען אַן אינטערעסאַנטע אַרבעט, וועלכע מיר האָבן אויסגעפֿירט מיט גרויס ענטוזיאַזם און אויך געקריגן גאַנץ גוט באַצאָלט.

קומענדיק צוריק האָבן מיר איבערגעגעבן די רעזולטאַטן צו אונדזער אינסטאַנץ, וועלכע האָט אונדז געשיקט. צי ס'זענען געוואָרן אָנגענומען מאָסמיטלען צו די ביטעס, וואָס מיר האָבן געבראַכט מיט זיך, דאָס האָבן מיר נישט געקענט וויסן, דאָס איז שוין נישט אריינגעגאַנגען אין אונדזער אויפֿגאַבע.

כ'האָב זיך געגרייט צום נייעם לערניאָר 1937־38.

די צייט איז געווען אַ מוראדיקע אין לאַנד. די לופֿט איז געווען אָנגעזאַפּט מיט גרויל: יעדן טאָג האָבן די צייטונגען געבראַכט ידיעות וועגן ניי־אַנטדעקטע קאָנטער־רעוואָלוציאָנערן, שונאים פֿון פֿאָלק. טייל אָנפֿירער פֿון דער פּאַרטיי און רעגירונגס־אַפּאַראַט זענען געוואָרן געשטעמפּלט אַלס שונאים, ארונטעררייסער פֿון דער אָרדענונג און רעזשים. ס'איז ארעסטירט געוואָרן פּראָפֿעסאָר ליבערבערג, סעקרעטאַר פֿון געגנט־אויספֿיר־קאָמיטעט, פֿון די ערשטע רויטע פּראָפֿעסאָרן אין לאַנד, אויך יעקב לעווין, דער סעקרעטאַר פֿון פּאַרטיי־קאָמיטעט און פֿיל אַנדערע רעגירונגס־ און פּאַרטיי־אָנפֿירער.

די צייטונגען האָבן נאָר געשריבן, אַז זיי זענען „שונאים פון פאָלק" און ס'איז שוין געווען פאַרשטענדלעך, אַז זיי זענען אַרעסטירט, פאַרמשפּט און אָפּטמאָל צעשאָסן. יעדן טאָג האָט מען געהערט וועגן נייע אַרעסטן. באַקאַנטע מענטשן, וואָס מ'האָט ערשט נעכטן געזען, מיט זיי גערעדט, זענען פאַרשוווּנדן. מ'האָט שוין פאַרשטאַנען וווהין...

ס'איז געווען אַ וווּנדער: שוין 20 יאָר נאָך דער רעוואָלוציע, 20 יאָר ווי מען האַלט אין איין רייניקן דאָס לאַנד פון שעדלעכע עלעמענטן און אַזויפיל שונאים זענען נאָך געבליבן? די צייטונגען זענען געווען פול, אַ סך געשריבן וועגן דער נייער סטאַלינישער דעמאָקראַטישער קאָנסטיטוציע און דאָס איז געווען באַגלייט מיט מאַסן־אַרעסטן, מיט שרעקלעכן טעראָר און צעשיסונגען יעדן טאָג. מ'האָט דערציילט, אַז די קאָרעער, וואָס וווינען שוין פיל יאָרן אין ביראָ־בידזשאַן, האָט מען באַפוילן ארויסצופאָרן קיין קאַזאַכסטאַן. אַ גאַנץ פאָלק פון דור־דורות איז געוואָרן אַרויסגעשיקט פון זייער וווין־אָרט. דאָס ארויסשיקן איז געווען באַגלייט מיט האַרצרייסנדיקע געוויינען און מיט ספּאַזמען און אויך מיט פיל אַרעסטן פון שעדלעכע עלעמענטן.

ס'זענען אָנגעקומען ידיעות פון באַקאַנטע פון אַנדערע ערטער פון לאַנד, אַז דאָרטן האָט מען אויך פיל אַרעסטירט און איבערהויפּט אונדזעריקע, געוועזענע אויסלענדער. אייניקע אונדזערע פריינד, ווי גרין און וויינזיכער זענען אַנטלאָפן פון אוראַל אַהער, כדי זיך צו ראַטעווען פון די אַרעסטן. אויך מיין פרוי איז געקומען אַהער פון מאַגניטאָגאָרסק. זי האָט באַקומען בירגערשאַפט שפּעטער פון מיר, אין סוף 1936־טן יאָר, דערפאַר בין איך אליין געפאָרן קיין ביראָבידזשאַן. זי האָט דערציילט שרעקלעכע זאַכן: אין מאַגניטאָגאָרסק האַלט מען אין איין אַרעסטירן אונדזערע „פּערעביעזטשיקעס". זי האָט געפילט, אַז עס דערנענטערט זיך שוין אין גיכן אויך איר רייע. מ'האָט איר אָפּגעזאָגט פון דער אַרבעט אין „אוניווערמאַג" (גרויסע קראָם) ווו זי האָט געאַרבעט אַלס פאַרקויפערין. דער אויסרייד איז געווען, אַז דאָס אַרבעטס־אָרט איז נישט ריין. אַן אָפּזאָג פון דער אַרבעט איז געווען די ערשטע סטאַדיע אַרעסטירט צו ווערן. זי האָט געזען, אַז ס'האַלט שוין גאָר שלעכט, האָט זי פאַרקויפט אויף גיך איר ביסל „אַרעמקייט" און אַוועקגעפאָרן קיין מאָסקווע, לויט מיין ביישפּיל, זיך צו ווערבירן קיין ביראָבידזשאַן, כדי צו קומען צו מיר.

אין מאָסקווע, אין „געזערד", האָט זי זיך אָנגעטראָפן אויף טויבע אויערן. מ'האָט איר פאַרגעלייגט, אַז זיי וועלן באַצאָלן די הוצאות זי זאָל צוריקפאָרן קיין מאַגניטאָגאָרסק. זי האָט נישט געהאַט קיין אַנדערן אויסוועג, ווי אויסצופאַרקויפן פון זיך דאָס לעצטע און אויפן אייגענעם חשבון צו פאָרן קיין ביראָבידזשאַן. אַדאַנק מיינע באַמיאונגען

און מיין דערוואַרבענעם אויטאָריטעט פאַר דער צייט פון פאַר־גאַנגענעם לערניאָר, האָט זיך איר איינגעגעבן אָנצוקומען לערנען אין פעדאַגאָגישן טעכניקום. קיין געמיינזאַמע דירה האָבן מיר נישט באַקומען. מ׳האָט אונדז צוגעזאָגט. זענען מיר כאָטש געווען צופרידן, וואָס מיר קענען צוזאַמען לערנען אין טעכניקום. מיר האָבן געמיינט, אַז דאָ, אין ביראָבידזשאַן, וועלן מיר זיך ראַטעווען און נישט אַרעס־טירט ווערן. יעדנפאַלס אַזוי האָט זיך געוואָלט גלויבן, אַז דאָ האָבן מיר געפונען אַ מקום מקלט — אַ רעטונגס־פּלאַץ...

די אַרעסטן אין גאַנצן לאַנד האָבן זיך אָנגעהויבן אין מאַי־יוני 1937; אין ביראָבידזשאַן — אַ סך שפּעטער. לויט דער אינסטרוקציע פון מאָסקווע האָבן געדאַרפן אַרעסטירט ווערן: געוועזענע אויסלענדער, אָבער ווערבירטע יידן פון פאַרשידענע וועלט־טיילן. אַזעלכע זענען גע־ווען אין ביראָבידזשאַן זייער פיל, ביי 80 פּראָצענט פון דער יידישער באַפעלקערונג. אַזעלכע אַרעסטן וואָלטן באַדייט פשוט ליקווידירן די יידישע אויטאָנאָמע געגנט. האָבן די מאַכטהאָבער אַלץ איבערגע־טראַכט אַזש ביז נאָוועמבער וואָס צו טאָן? און סוף־כל־סוף באַשלאָסן אַדורכצופירן די אַרעסטן; דער נאָמען זאָל בלייבן „יידישע אויטאָ־נאָמע געגנט״, אָבער אָן יידן.

דאָס נייע שול־יאָר האָט זיך אָנגעהויבן גאָרנישט פריי־לעך. די אַרעסטן זענען געוואָרן פאַרגעזעצט. מיר האָבן אַלץ געהאָפט, אַז אונדז, די „פערעביעזטשיקעס״, וועט דאָס אויס־מיידן. אין נאָוועמבער האָט זיך דער טעראָר און די אַרעסטן אַלץ מער פאַרשטאַרקט. דעם 11־טן נאָוועמבער זענען אַרעסטירט גע־וואָרן פיל אונדזערע נאָענט־באַקאַנטע וואַרשעווער: מענדל טעמפּעל איז געוואָרן אַרעסטירט. סאַראַ ביגלאַייזן, וואָס האָט מיט אונדז צו־זאַמען געשוואַרצט די גרענעץ, איז אויך געוואָרן אַרעסטירט. אויב איך האָב פריער געהאָט וועלכע ס׳איז ספקות וועגן די אַרעסטירטע: פאַראַן פיל שונאים פון לאַנד, פון רעזשים, קאַפּיטאַליסטישע אַרומ־רינגלונג. ס׳קאָן זיין, אַז יענע, די אַרעסטירטע, זענען טאַקע שול־דיק, אומזיסט זעצט מען נישט איין? — זענען איצטער די אַלע מיינונגען זיך צעגאַנגען ווי פּוטער אונטער דער זון. מ׳האָט דאָך אַרעס־טירט מענטשן, וואָס מיר האָבן זיי געקענט אַזוי גוט ווי זיך אַליין, וואָס מיר זענען געווען זיכער אין זייער אומשולד. מיר, די געוועז־זענע אויסלענדער, האָבן שוין פאַרשטאַנען אין וואָס דאָ גייט, און געפילט, אַז די מגפה וועט אונדז אויך נישט אויסמיידן. און פאַרט האָבן מיר געהאָפט, אַז אפשר דאָך?... מיר האָבן געפילט ווי דער חלף דערנענטערט זיך אַלץ נענטער און נענטער צו אונדזערע העלדזער, נאָר מיר האָבן גאָרנישט געקענט העלפן און געוואַרט. אפשר אַנט־

לויפן? — האָט געעקבערט אַ געדאַנק. וווהין? דאָס גאַנצע לאַנד איז דאָך אַרומגעכאַפּט פון דעם שרעקלעכן פייער. דאָך האָבן מיר געטראַכט — אפשר פאַרט וועט עס אונדז אויסמיידן, ווי ס׳האָט אויס־געמיטן ביז איצטער. און אויב אַנטלויפן קאָן דאָס נאָך אויף זיך אַרויסרופן אַן אומזיסטן פאַרדאַכט?

ס׳איז אונדז שוין לאַנג נישט אויסגעקומען צו וואַרטן. דעם 21־טן נאָוועמבער — די דאַטע האָט זיך מיר גוט איינגעקריצט אין זכרון — ווען איך מיט מיין פרוי זענען געקומען שפּעט אין אָוונט פון קינאָ און געגאַנגען שלאָפן, איך אין דער מענער־צוזאַמענוווינונג און זי אין דער פרויען־צוזאַמענוווינונג, האָט זיך דערהערט אַ רויש פון אַן אויטאָמאָביל פאַרן טויער פון טעכניקום. דאָס איז געווען אַ זעלטנ־הייט, דערצו אין אַזאַ שפּעטע שעה. די ענקאַוועדיסטן האָבן זיך באַלד באַוויזן אויף דער שוועל פון מיין צוזאַמענוווינונגס־צימער און געפרעגט:

— צי וווינט דאָ שמול שוואַרץ?

נאָכן ענטפער, אַז דאָס בין איך, האָבן זיי מיר באַוויזן דעם „אָרדער״ (באַפּולמעכטיקונג) אויף אַרעסט און רעוויזיע. ס׳האָט זיך אָנגעהויבן אַ זוכעניש, צוערשט ביי מיר, אין מיינע קליידער, דערנאָך אין בעט, אונטערן בעט, און אין אַלע זאַכן. דער צימער אין דער צוזאַמענוווינונג איז געוואָרן איבערגעדרייט מיטן קאָפּ אַראָפּ און די פיס אַרויף. אַלץ איז געוואָרן איבערגענישטערט אין יעדן ווינקל. דאָס האָט געדויערט נישט לאַנג ביי אַזעלכע געניטע זוכערס. ביי מיר האָט דאָס אָבער אויסגעזען אַן אייביקייט. כ׳בין געשטאַנען אַן איבערגע־שראָקענער. אַ קעלט, דערנאָך אַ היץ האָט מיך באַשלאָגן, כאָטש דאָס אַרעסטירן איז נישט געווען אומגעריכט. שוין אַ היפּשע צייט האָב איך זיך געפילט, ווי אַן אַרעסטירטער וואָס גייט נאָך דערוויל אַרום אויף דער פריי; פאַרט האָט געעקבערט אַ געדאַנק, געטליעט די האָ־פענונג, אפשר וועט עס מיך פאַרט אויסמיידן? כ׳האָב אָבער געפילט, ווי די פּעטליע רוקט זיך אַלץ נענטער און נענטער צו מיין האַלדז — ביז זי האָט מיך דערגרייכט. זיי האָבן מיך אַוועקגעפירט אין דער נ.ק.וו.ד., אין אַרעסט. כ׳האָב זיך שפּעטער דערוווּסט פון די אַרעס־טירטע נאָך מיר, אַז מיט אַ שעה אָדער צוויי שפּעטער האָט מען אויך אַרעסטירט מיין פרוי. די נקודה האָט שוין די נאַכט דעם טעכניקום נישט געלאָזט שלאָפן, ס׳איז געוואָרן אַדורכגעפירט אין פּעדאַגאָגישן טעכניקום די „איזאָלאַציע״.

✱

דער גרויסער קאָרידאָר פון דער ביראָבידזשאַנער נ.ק.וו.ד. איז געווען געדיכט באַזעצט מיט אַרעסטירטע מענער און פרויען. ס׳האָט אויסגעזען ווי אַ וואַרט־זאַל אויפן וואָקזאַל. די „שחיטה“, די אַרעסטן, זענען פאָרגעקומען אין דער גאַנצער שטאָט. האַרט איינער נעבן אַנ־דערן זענען מיר געזעסן און געוואַרט מ׳זאָל אַרויסרופן יעדן לויט דער רייע צום אויספאָרשער. פיל זענען דעם אָוונט אַרעסטירט געוואָרן און מען האָט אין איין אַריינפירן אַלץ מער און מער...

ביים אויספאָרשער האָב איך אויסגעפילט אַ פשוטן פראַגע־בויגן מיט איינצלהייטן פון מיין אויטאָביאָגראַפיע. דאָס האָט געהייסן „צור־גרייטונגס־אויספאָרשונג“. ביראָבידזשאַן איז נישט געווען צוגעגרייט צו אַזעלכע ריזיקע אַרעסטן, אפילו קיין פּאַסיקע תפיסה איז נישט געווען ווו איינצוזעצן אַזאַ גרויסע מאַסע אַרעסטירטע. דעריבער זענען מיר, נאָכן אויספילן דעם פראַגע־בויגן אין דער נ.ק.וו.ד., געוואָרן גרופּנווייז — אונטער אַ שטרענגע וואַך — אָוועקגעפירט צו דער אייזנבאַן, ווו אויף אַ ווינקל־ליניע („טופּיק“) זענען געשטאַנען גרייט פאַרקראַטעוועטע וואַגאַנען. דאָס איז געווען אונדזער תפיסה — אַ תפיסה אויף רעדער. מ׳האָט אונדז אַריינגעפּאַקט אין די וואַגאַנען, ווי הערינג אין אַ פאַס, דערשטיקט צו ווערן. ווען ס׳זענען פאַרפולט געוואָרן אַ 6־5 וואַגאַנען, האָט מען אונדז אָוועקגעפירט אין דער צענטראַלער תפיסה פון דער ווייט־מזרחדיקער געגנט — כאַבאַראָווסק.



אַ הויך פירשטאָקיק הויז פון רויטן ציגל איז די כאַבאַראָווסקער נ.ק.וו.ד. און די צענטראַלע תפיסה. אַ חוץ די „דאשקעס“ אויף די פאַרקראַטעוועטע פענצטערלעך (ספּעציעלע פאַרצוימונגען, אַז די אַרעסטאַנטן זאָלן נישט קענען אַרויסקוקן) און די פאַרשטאַרקטע וואַך, וואָלט דער דורכגייער נישט געוווסט, אַז דאָ איז אַ תפיסה. דאָס שיינע פירשטאָקיקע הויז קוקט מיט שטאָלץ אויף די אַרומיקע ערגערע הייזער. ס׳גיט מיט גאַרנישט אויס, וויפל פּיין, לײדן און צרות פון אומשולדיקע מענטשן עס זענען באַ־האַלטן הינטער אירע גראָבע ווענט, וואָס לאָזן נישט אַדורך די האַרצ־רייסנדיקע געשרייען און קרעכצן פון געפּייניקטע מענער און פרויען... איך מאַך ווידער אַדורך פאַרמאַליטעטן און פיל אויס פראַגע־בויגנס: מיין נאָמען, ווו געבוירן? ווו געלעבט? ווו געפינט זיך די משפחה? און אַזוי ווייטער.

אַ קלאַנג פון שליסלען, אַ גרילץ פון שלעסער און כ׳בין שוין אין תפיסה־קאַמער. עס גיט מיר אַ שלאָג אין דער נאָז דער גע־

שטאַנק, צי פון דער „פּאַראַשע״ (שטינקפּאַס), צי פון די פאַרשוויצטע, שמוציקע מענטשן?... ס׳איז שווער אונטערצושיידן. אין ערשטן מאָ־מענט איז שווער זיך פאַנאַנדערצוקלייבן וואָס דאָ טוט זיך: אַ היץ, טונקל ליכט, ווי אַנגערויכערט, אַ געדיכטער געשטאַנק. ווען די אויגן געוווינען זיך אַ ביסל צו צו דער טונקלקייט דערזעט מען: די קאַ־מער איז אָנגעפּראָפּט מיט אַרעסטאַנטן; אויף די דרייגאָרנדיקע נאַ־רעס (פּריטשעס), אויף דער פּאָדלאָגע, אונטער די נאַרעס, גישט מעג־לעך זיך צו באַוועגן.

די ניי־געקומענע, דערצו נאָך „פּרייערס״ (נישט קיין גנבים, באַנדיטן) באַקומען די ערגסטע ערטער, נעבן דער „פּאַראַשע״ ביי דער טיר. די אַרעסטאַנטן ווערן ארויסגעלאָזט, אַרויסגעפירט צו דערליידיקן דעם מענטשלעכן געברויך נאָר אין דער פרי און פאַרן שלאָפן גיין. אַ גאַנצן טאָג ווערט עס געטאָן אין שטינקפּאַס אפילו ווען עמעצער האָט אַ לויזן מאָגן.

כאָטש אינדרויסן איז שוין קאַלט, סוף נאָוועמבער, איז אין קאַ־מער אַן אומדערטרעגלעכע היץ. די אַרעסטאַנטן גייען ארום אין די אונטערוועש. און אויך אין די „מלבושים״ איז שטאַרק הייס. אין אַ נאָרמאַלער צייט זענען אין דער קאַמער געזעסן 30 אַרעסטירטע און איצטער — ביי צוויי הונדערט. דער קערפּער איז נאַס פון שוויס, איז מויל איז טרוקן, ס׳מאַטערט כסדר דער דורשט, שוין אָפּגערעדט פון הונגער.

היינט — דעם ערשטן טאָג אין דער תפיסה — קריגן מיר אפילו נישט די 300 גראַם ברויט. אין ביראָבידזשאַן האָט מען צוגעזאָגט, אַז אין כאַבאַראָווסק וועלן מיר קריגן די פּייקע ברויט און דאָ זענען מיר נאָך נישט פאַררעכנט אויפן פּאַיאָק. די זופּ פון די פאַרשטינקענע פיש קריגן מיר יאָ. די הייסע „שפּייז״ דערקוויקט, דערהיצט אַביסל די קישקעס. דערנאָך ווילט זיך שטאַרק טרינקען און עס איז נישטאָ וואָס. מ׳מוז וואַרטן ביז אין אָוונט, וועלן מיר באַ־קומען אַ טעפּל טיי. די זופּ רופן די אַרעסטאַנטן „באַלאַנדאַ״ (פּאָמאָ־יעס אויף טאַטאַריש). ס׳האָט טאַקע אַ טעם ווי פּאָמאָיעס.

דאָס צווייטע מאָל מאַך איך שוין אדורך דאָס תפיסה־לעבן, זינט איך בין אין ראַטנפאַרבאַנד. דאָס ערשטע מאָל — מיט איבער פיר יאָר צוריק, נאָכן שוואַרצן די גרענעץ אין 1933, אין דער צייט פון דער קאָלעקטיוויזאַציע, „ראַסקולאַטשעוואַניע״. דעמאָלט איז די מינסקער תפיסה אויך געווען איבערפולט איבער די ברעגעס, סיי אין די קאַ־מערן און סיי אין די קאָרידאָרן, מיט קולאַקעס, שטערער פון דער קאָלעקטיוויזאַציע. דאַן זענען מיר געזעסן אין קאַמער, מערסטנטייל, איינגענע יינגלעך, איבערלויפער דורך דער גרענעץ; איצטער איז

אין קאַמער אַן ערבֿ־רבֿ פון פאַרשידענע: באַשולדיקטע אין קאָנטער־רעוואָלוציע, לויטן פּאַראַגראַף 58 פון שטראָף־קאָדעקס און אַ קליינע צאָל קרימינעלע (גנבים, באַנדיטן, שווינדלער). און דווקא די קליינע צאָל קרימינעלע האַלטן די קאַמער אין זייערע לאַפּעס. ראַבעווען די לעצטע שפּייז, וואָס עמעצער קריגט דורך פּעקלעך פון דער פרײַ; ראַבעווען בעסערע זאַכן און געפינען אַ וועג דורך די וועכטער פון דעם צו מאַכן געלט און איינשאַפן זיך פּראָדוקטן. די קרימינעלע פאַרנעמען די בעסטע ערטער אויף די נאַרעס (ס'איז דאָך זייער היים) און אַ „פריייער", אַ „קאָנטריק" — אַ פּאָליטישער מוז זיך וואַלגערן אויף דער פּאָדלאָגע אָדער ביי דער „פּאַראַשע". אַזאַ איז דאָס נישט־געשריבענע תפיסה־געזעץ, דער תפיסה־רעגולאַמין.

אַן אויסנאַם איז געווען דער „קאָנטריק" פּישמאַן, וואָס האָט געפונען חן אין די אויגן פון די קרימינעלע און זיי האָבן אים געגעבן אַ גוט אָרט אין סאַמע מיטן פון די מיטלסטע נאַרעס. די סיבה איז געווען זיין קענען מייסטערהאַפט דערציילן ראָמאַנען. ווען עס איז צוגעפאַלן דער אָוונט, נאָך דער אַזויגערופענער וועטשערע פון די הייסע טיי, איז פּישמאַן געוואָרן דער באַלעבאָס פון דער קאַמער. ער האָט דערציילט פון זכרון ראָמאַנען, דערציילט בילדעריש מיט אַ רייכער פאַנטאַזיע, ווי מען לייענט אין אַ בוך און אפשר נאָך בעסער. אין קאַמער פלעגט זיין אַזוי שטיל, ווי אין אַן אויער. אויב אַ פליג וואָלט אַדורכגעפלויגן, וואָלט זי געמאַכט אַ גרויסן געררויש. צי וואָלט אָבער אַ פליג געקענט לעבן אין אַזאַ לופט, אין אַזאַ געשטאַנק? מענטשן אָבער, אַרעסטאַנטן האָבן יאָ געקענט, געמוזט קענען. האָט עמעצער געוואָלט אויפמאַכן דאָס מויל עפּעס זאָגן אָדער פרעגן, האָט ער באַלד געפילט אַ שטאַרקע פויסט אויפן מויל און אַ טעם פון בלוט אין מויל. די גאַנצע קאַמער איז פאַרוואַנדלט געוואָרן אין איין גרויס אויער און אויפמערקזאַם, מיט נייגיר זיך צוגעהערט צו פּישמאַנס דערציילן וואָס ס'איז געוואָרן מיטן געליבטן און דער געליבטער? זענען זיי בייגעקומען אַלע שוועריקייטן? צי האָבן זיי חתונה געהאַט? אַזוי ביזן סיגנאַל צום שלאָפן גיין, צום „אָטבאָי".

ביינאַכט קריך איך ארונטער אונטער דער נאַרע אויף דער פּאָד־לאָגע. דאָרטן האָב איך געקריגן אַ שטיקל פּלאַץ ווו כ'קען ליגן נאָר מיט אויסגעצויגענע פיס. פון דער נאַרע איבער מיר פאַלן וואַנצן אויף מיין פּנים, טרעפן אָפּט אין מויל, אין די אויערן, אויגן. כאָטש כ'וויל שטאַרק שלאָפן איז מיר שווער אַנטשלאָפן צו ווערן. ס'מאַטערט דער הונגער, עס שטיקט דער געשטאַנק, די דעמפּיקע לופט. כ'קען זיך נישט איבערדריייען אויף דער אַנדערער זייט. איך ליג ווי אין אַ פּרעס... ביז דער שלאָף קומט און באַהערשט מיך.



מיר, דער ביראָבידזשאַנער עטאַפּ, געקומענע צוזאַמען, האַלטן זיך אויך צוזאַמען. מיר זענען כמעט אַלע געוועזענע עמיגראַנטן פון פּוילן, ליטע, פראַנקרייך און אַנדערע לענדער. חבר גרין איז נאָך אַ יונגער מענטש, אפשר אינגאַנצן 27 יאָר אַלט און ער האָט זיך פאַרלאָזט אַ שוואַרצע צאַרד, וואָס מאַכט אים אַ סך עלטער. וואָס וואָלטן גע־זאָגט זיינע פאַריזער חברים, ווען זיי זעען אים איצטער אַזאַ שמו־ציקן, אַ באַוואַקסענעם? ער איז גאָר אַן אַנדערער מענטש געוואָרן, גאָרנישט ענלעך צו יענעם שטענדיק אַקוראַטן, גלאַט־ריזירטן פּאַ־ריזער חבר גרין. אויך דער ליטעראַטור־קריטיקער ניימאַן האָט זיך שטאַרק געענדערט: זיין פּליך איז עפּעס געוואָרן געריינצלט, זיין קיי־לעכדיק, שמייכלדיק פּנים האָט באַקומען אַן אַש־קאָליר און פאַר־לוירן דעם שמייכל.

מיר האַלטן אונטער איינער דעם אַנדערנס מוט, טרייסטן זיך אַליין, אַז אינגיכן וועט זיך אַלץ אויפקלערן און מ׳וועט אונדז באַ־פרייען. נאָר גאָלדבערג, וואָס זיצט שוין דאָ איבער 6 חדשים, לייגט אונדז שטיינער אויפן האַרצן. ער זאָגט, אז אין תפיסה אריין, איז די טיר ברייט אריינצוקומען, נאָר אַרויסצוגיין איז זי קליין ווי אַ לעכל פון אַ נאָדל. ער ווייסט דאָס זייער גוט פון זיין אייגענער דערפאַרונג. דורך דער צייט, וואָס ער זיצט דאָ זענען שוין פיל, אויך אַזעלכע אומשולדיקע ווי מיר, פאַראורטיילט געוואָרן. ער דערציילט אונדז אַ פּאָפּולערן אַנעקדאָט:

— אין וואַלד איז געלאָפן דערשראָקן אַ פוקס. שטעלט אים אָפּ אַ האָז און פרעגט:

— וואָס לויפסטו אַזוי דערשראָקן, פוקס?

ענטפערט ער:

— די נקווד מאַכט איצטער אַן אַבלאַווע אויף קעמלען.

— טאָ וואָס האָסטו מורא ? דו ביסט דאָך אַ פוקס.

ענטפערט דער פוקס:

— די נקווד וועט מיך אַרעסטירן, אריינזעצן אין תפיסה און גיי דערווייז זיי, אַז דו ביסט נישט קיין קעמל...

# אויספאָרשונג, אורטייל

איך זיץ שוין אין דער כאַבאַראָווסקער תפיסה די צווייטע וואָך און מען רופט מיך נישט אויף קיין „דאָפּראָס" (פאַרהער). צי האָט מען אין מיר פאַרגעסן? אַנדערע געקומענע גלייך מיט מיר, האָבן שוין געהאַט „פאַרהערן" און מ'האָט זיי, צעשלאָגענע, צעבלוטיקטע, געבראַכט צוריק אין קאַמער. גאָר נישט קיין פריילעכע זאַכן האָבן זיי דערציילט. די באַשולדיקונג — שפּיאָנאַזש. דער אויספאָרשער פאָדערט אונטערצושרייבן אויף זיך, אַז דו ביסט אַ שפּיאָן, אַ קאָנטער־רעוואָלוציאָנער, א שונא פון לאַנד. אויב מ'שרייבט נישט אונטער, שלאָגט מען מכות רצח. די האָפענונג, אַז מ'וועט זיך פאַנאַנדערקלייבן און אונדז באַפרייען, צערינט, פאַרשווינדט.

מען דערמאָנט זיך אויך אין מיר:

— שוואַרץ, זיך צוגרייטן! — רופט מען אויס פון דער אָפענער קאַמער־טיר.

מ'פירט מיך באַלד דורכן קאָרידאָר. כ'אָטעם מיט דער פולער ברוסט די קאָרידאָר־לופט. עס פרישט אביסל אָפּ מיין פאַרשוויצט, פאַרשמאַכט פּנים. מ'פירט מיך דורך קאָרידאָרן, דורכן הויף צו דער צווייטער געביידע, אין דער נ.ק.וו.ד. צום אויספאָרשער.

אַריינקומענדיק אין קאָרידאָר פון דער נ.ק.וו.ד. ווערט מען אויפגעציטערט: ס'טראָגן זיך פון הינטער די פאַרמאַכטע טירן, ווו ס'זיצן די אויספאָרשערס, געשרייען פון מענער און פרויער, געפייניקטע, געשלאָגענע בעת די אויספאָרשונגען. מיין אויער ווערט אויפמערקזאַם אויף אַ פרויען־געשריי, דוכט זיך מיין פרויס קול, אַן אויסגעצויגענער קוויטש, דערנאָך אַ כליפּען, אַ געוויין מיט העשען. אַ קאַלטער שווייס באַשלאָגט מיך.

...כ'זיץ שוין ביים אויספאָרשערס טיש, אַנטקעגן אים. נאָכן אויספילן די סטאַנדאַרטנע פראַגע־בויגנס, הייבט זיך אָן די „אויספאָרשונג". עס קומען די סקאַרבאָווע, פּיקאַנטע פראַגן:

— ווען ביסטו געוואָרן אַ שפּיאָן? וויפל האָט מען דיר געצאָלט? וואָס פאַראַ אויפגאַבן האָסטו געהאַט?

כ'האָב זיך געריכט אויף די פראַגן: מיינע חברים האָבן מיר דערציילט וועגן דעם אין קאַמער. ס'דערמאָנט זיך דער אַנקעדאָט, וואָס גאָלדבערג האָט דערציילט: „דערוויז, אַז דו ביסט נישט קיין קעמל". מיין לאַגע איז אָבער צו ערנסט פאַר אַנעקדאָטן.

איך פּרוביר דערוויזן מיין אויספאָרשער, וו זינלאָז ס'איז זיין באַשולדיקונג:

— צי האָט דען אַ שפּיאָן געדאַרפט גיין לערנען אין פּעדאַגאָגישן טעכניקום? וואָס האָב איך דאַרטן געהאַט צו שפּיאָנירן? איך האָב זיך געלערנט גוט, זיך גוט אויפגעפירט.

— „מאַסקיראָווקאַ!" (זיך פאַרמאַסקירט, פאַרשטעלט) — איז זיין ענטפער.

איך ווער דרייסטער:

— אַז מ'לערנט אָדער מ'אַרבעט גוט הייסט עס „מאַסקיראָוו־קאַ", דאַרף מען דערפאַר איינזעצן? און אַז מ'לערנט אָדער מ'אַרבעט שלעכט איז דאָס דאָך „וורעדיטעלסטוואָ" (שעדיקערײַ), דאַרף מען דערפאַר אָוודאי איינזעצן? טאָ ווי אַזוי דאַרף מען זיך לערנען אָדער אַרבעטן מ'זאָל נישט ווערן איינגעזעצט?

— „מאָלטשאַט!" (שוויג!) — באַגלייט מיט אַ פייערדיקן פּאַטש אין פּנים, אַזש פונקען פליען פאַר די אויגן, און באַלד נאָך אַ פּאַטש — איז זיין ענטפער אויף מיין לאָגישער פראַגע.

מיין אויספאָרשער איז אין כעס, ער ברענט פון רציחה. ער לויפט אהין און צוריק איבערן צימער און קען מיר נישט שענקען מיין חוצפּהדיקע פראַגע.

— איך וועל דיר ווייזן! איך וועל דיך אויסלערנען ווי אַזוי מ'רעדט מיט אַן אויספאָרשער! מ'וועט באַלד צעבינדן דיין צונג. וועסט אין אַלעם זיך מודה זיין! — שרייט ער.

ער לויפט האַסטיק צו צום טעלעפאָן. ער קלינגט. איך ווייס וואָס דאָס באַדייט. דאָס רופט ער די ספּעציעלע תלינים, די פּייניקערס. זיי וועלן זיך שוין מיט מיר אַן עצה געבן. פיל האָט מען וועגן זיי דערציילט אין קאַמער: צוויי יונגע, הויכע, ברייטפּלייציקע יונגען, ווי די ריזן, דווקא יידן. מ'זאָגט — געוועזענע זשוליקעס (גנבים, באַנ־דיטן) זיי האָבן אַן אויפגאַבע צו שלאָגן מיט די ראַפינירטסטע מיט־לען, כדי צו צווינגען זיך „מודה" צו זיין. זיי האָבן ספּעציעלע פּיי־ניקונגס־מכשירים, אויך שלאָגן זיי מיט גומענע שטעקנס, טרעטן מיט די באַשטיוולטע פיס. זיי טוען אַלץ וואָס איז מעגלעך און נישט מעג־לעך, אַבי צו צווינגען דעם אַרעסטאַנט זיך „מודה" זיין. כ'געדענק: מ'האָט גאָלדבערגן געבראַכט אין אַ ליילעך אַ האַלב־טויטן נאָך אַזאַ „אויספאָרשונג". ער האָט אַ לאַנגע צייט נישט געקענט רירן מיט קיין אבר, געשפּיגן מיט בלוט.

אין גרויס פּחד שטיי איך און וואַרט אויף די פּייניקערס, אויף דער פאַרשטייענדיקער עקזעקוציע.

מיין אויספאָרשער איז נישט צופרידן. מ'האָט אים מסתמא גע־

ענטפערט, אַז זיי, די פֿייניקערס, זענען פֿאַרנומען, זיי האָבן איצטער נישט קיין צייט. ס׳זענען דאָ איצט פֿיל „פֿאַרברעכערס״, וואָס מ׳דאַרף שלאָגן, מימותן.

— „אימעיעש שטשאַסטיע!״ (האָסט מזל!), נאָר מאָרגן וועסטו באַקומען דיין פֿאַרציע — ברומט מיין אויספֿאָרשער אַן אומצופֿרידענער. ער גיט אַ קוועטש אויפֿן גלעקל. ס׳באַווייזן זיך באַלד 2 וועכטערס און ער גיט אַ באַפֿעל מיך אָוועקצופֿירן צוריק אין קאַמער.

כ׳האָב דאָס מאָל גוט אָפּגעשניטן, נאָר מיט שרעק און מיט צוויי פּלאַמיקע פּעטש. כ׳האָב געהאַט „גליק״. צי וועט מיר אַ צווייט מאָל אויך אַזוי „אָפּגליקן״?

כ׳בין ווידער אין תּפֿיסה־קאַמער, דעם געשטאַנק פֿיל איך שוין נישט אַזוי שטאַרק, די נאָז האָט זיך שוין צוגעוווינט. ס׳מאַטערט מיך דער אומאויפֿהערלעכער הונגער. די 300 גראַם ברויט — אַ ליי־מיקע מאַסע — באַמערק איך גאַרנישט ווי עס ווערט איינגעשלינגען. אַ שטיקל יום־טוב איז ווען כ׳באַקום אַ „גאַרבושקע״ (אַ רעפּטל). ס׳דוכט זיך מיר, אַז מיט דעם קליינעם רעפּטעלע, וואָס האָט דאָך אויך נישט מער ווי די 300 גראַם, ווער איך מער זאַט. אָרטיקע, כאַבאַראָווסקער איינוווינער וואָס האָבן משפּחה אויף דער פֿריי באַ־קומען פּעקלעך, אויב זייער ענין איז שוין פֿאַרענדיקט. עסן זיי נישט די שטינקנדיקע זופּ. וואַרט איך אויפֿן מיטאָג מיט הונגעריקע, פֿיי־בערדיקע אויגן, אפֿשר וועל איך האָבן „גליק״ און עמעצער פֿון די „זאַטע״ וועט מיר געבן זיין פֿאַרציע „באַלאַנדע״. איך עס די „באַ־לאַנדע״ מיט די פֿיש־ביינער און כ׳האָב גאַרנישט מורא, אַז אַ ביין זאָל מיר בלייבן שטעקן אין האַלדז, פֿאַר וואָס איך האָב אויף דער פֿריי אַזוי זיך געהיטן.

מיר, די אומשולדיק־באַשולדיקטע, לעבן אַלץ מיט דער האָפֿע־נונג, ס׳ווילט זיך האָפֿן, אַז מען וועט זיך פֿאַנאַנדערקלייבן, אויסקלאָרן און מ׳וועט אונדז באַפֿרייען. ביי יעדן ניי־געקומענעם אין תּפֿיסה פֿרעגן מיר: „וואָס הערט זיך עפּעס אויף דער פֿריי? צי האַלט נישט ביי אַ באַפֿרייאונג?״

די ענטפֿערס זענען גאַרנישט קיין דערפֿרייענדיקע...

די אַרעסטן ווערן פֿאַרגרעסערט!

מיר קענען נישט שלום מאַכן מיטן געדאַנק: געזונטע אומשול־דיקע מענטשן און מיט פֿייניקונגען, מיט קלעפּ צווינגט מען זיי אונ־טערצושרייבן אויף זיך דאָס ערגסטע, די גרעסטע פֿאַרברעכנס. פֿיל האָבן שוין אויף זיך אונטערגעשריבן די שווערסטע באַשולדיקונגען, נישט אויסגעהאַלטן די קלעפּ, די פּייניקונגען, זיך איינגעבראָכן. מ׳רופֿט מיך היינט ווידער אויף אַ פֿאַרהער. ווידער די זעלבע פֿראַגן: וויפֿל

צייט בין איך שוין אַ שפּיאָן? וויפל האָט מען געצאָלט? אָבער דאָסמאָל איז דער פאַרהער באַגלייט מיט קלעפּ. כ׳ליג אויף דער ערד אַ צעשלאָגענער, אַ צעבלוטיקטער, איך פיל שוין נישט די קלעפּ. דער גאַנצער קערפּער איז ווי איין שטיק ווונד. מ׳גיסט אויף מיר קאַלט וואַסער. ס׳איז מיר פינצטער אין די אויגן, ווי עס וואָלט געשווימען אַ נעפּל. מען מונטערט מיך. ווען כ׳קום אַביסל צו זיך, דערטראַגט זיך צו מיין אויער די פאָדערונג:

— זיי זיך מודה! וועט זיין בעסער פאַר דיר און אויך פאַר מיר. ס׳וועלן זיך ענדיקן די קלעפּ. ס׳וועט זיך ענדיקן די אויספאָרשונג.

כ׳שוויג פאַרביסן, כ׳בין פאַרעקשנט: „כאָטש דערהרגעט מיך, כ׳וועל נישט אונטערשרייבן אויף זיך קיין ליגן, קיין בלבול. האַלט זיך נאָך אַביסל" — עקבערט אין געדאַנק. מ׳פירט מיך צוריק אין קאַמער. כ׳האָב נישט אונטערגעשריבן די באַשולדיקונגען.

ווי גוט ס׳איז דאָ אין קאַמער. די צעמענטענע פאָדלאָגע קילט מיין צעהיצטן, צעשלאָגענעם קערפּער. היינט בין איך נישט הונגעריק, כ׳וויל גאָרנישט עסן, כאָטש כ׳האָב היינט גאָרנישט געגעסן. כ׳וויל טרינקען. מיין גומען איז פאַרטריקנט. ס׳ברענט אין מיר אַ פייער און איך האָב עס נישט אין מיטן דער נאַכט מיט וואָס צו לעשן... מ׳מוז וואַרטן ביז אין דער פרי, דאַן וועל איך ערשט באַקומען אַ טעפּל טיי.

עטלעכע טעג גיבן זיי מיר אָפּרו, נאָר דערנאָך רופט מען מיך ווידער אויפן „דאָפּראָס". כ׳האָב אַ נייעם אויספאָרשער — אַ פרוי: אַ הויכע, אַ ברייטפּלייציקע מיט אַ געשטיפּלט פּנים, פון וועלכן ס׳קוקן אַרויס שפּיזיק צוויי קליינע אייגעלעך. זי האָט אַ שם אין תפיסה מיט איר אכזריות. זי פאָדערט אויך פון מיר, אַז איך זאָל זיך מודה זיין אין שפּיאָנאַזש. זי שרייט, זי דראָט, זי שעלט מיט די העסלעכסטע זידל־ווערטער, וואָס אפילו אַ מאַנספּערשוין וואָלט רויט געוואָרן דאָס הערנדיק. זי כאַפּט אַרויס איר רעוואָלווער און צילט אין מיר:

— אָט וועל איך דיך דערשיסן ווי אַ הונט. וועט זיין מיט איין שפּיאָן ווייניקער — שרייט זי. איך קען איר דאָס גלויבן. עס שפּילט ביי איר נישט קיין ראָלע דאָס צו טאָן.

— אָט זעסטו, דיין פרוי האָט זיך מודה געווען, אַז איר זענט שפּיאָנען — ווייזט זי אַ „דיעלע" (אַ פאַרמאַכטן פאָרמולאַר), וואָס אויפן שער־בלאַט איז אויפגעשריבן מיין פרויס נאָמען און פאַמיליע־נאָמען. — זי האָט אַלץ אונטערגעשריבן ווען און ווי אַזוי איר זענט געוואָרן שפּיאָנען.

איך קען עס נישט גלויבן. צי האָט זי נישט געקענט אויסהאַלטן די פּייניקונגען און אונטערגעשריבן א בלבול אויף זיך און

אויף מיר? — אַ ווייטיק גייט אַדורך דורך מיין לייב, אַ שוידער. דעם אונטערשריפט פון מיין פרוי וויזט זי מיר אָבער נישט. דאַן פאַרשטיי איך, אַז זי נעמט מיך אויפן „זיכער", זי נאַרט מיך אָפּ, כדי אויף אַזאַ אופן אויסצופּרעסן פון מיר מיין אונטערשריפט. אַ באַ־קאַנטער מאַנעוור. איך האַלט אין איין איבערחזרן:

— כ׳בין אומשולדיק!

זי באַפעלט מיט שטרענגקייט און געשריי:

— הייב אויף די הענט אין דער הויך!

איך שטיי אין מיטן צימער מיט אויפגעהויבענע הענט. די צייט ציט זיך פּאַמעלעך און זי שטייט איבער מיר און לעכערט מיך פּשוט אַדורך מיט אירע קליינע אייגעלעך. זי שפּיזט מיך דורך און דראָט מיטן רעוואָלווער, אויב איך לאָז אַביסל אַראָפּ מיינע מידע הענט. מיינע הענט זענען, ווי אַנגעשוואָלן, שווערע ווי פּודן. יעדע סעקונדע ציט זיך, ווי אַ יאָר, יעדע מינוט — ווי אַן אייביקייט. זי שרייט אויף מיר:

— כ׳וועל דיך פאַרשיקן אהין, וווּ דו וועסט 10 יאָר נישט זען קיין פּרוויאישע „פּ"... וועסט דאָס קענען נאָר אַנצייכענען אויפן פּאַפּיר — און ענדיקט מיט אַ דרייגאָרנדיקן „מאַט" און פרעגט:

— וועסט אונטערשרייבן?

כ׳באַוויז אַפילו נישט צו ענטפערן, ס׳הערט זיך אַ געלויף איבערן קאָרידאָר. ס׳קלאַפּן טירן און עפענען זיך לויט דער ריי, ווי אין אַ בהלה. באַלד עפנט זיך אויך אונדזער טיר. דער אריינגעקומענער זאָגט עפּעס אויפן אויער מיין אויספאָרשערין. עס איז געקומען אַ סוף צו מיינע פּייניקונגען. ס׳איז אָנגעקומען אַ באַפעל פון צענטער צו ענדיקן די אויספאָרשונגען ווי זיי זענען.

איך שרייב אונטער מיין באַשולדיקונקס־אַקט, אַז „די באַשולדי־קונג דערקלער איך איז גרונטלאָז און איך אָנערקען זיך פאַר אומשולדיק".

מיט אַן אויפגעהויבענעם קאָפּ גיי איך צוריק אין קאַמער. איך טריאומפיר. כ׳האָב זיך נישט איינגעבראָכן, נישט אונטערגעשריבן אויף זיך קיין בלבול.

עס גייט אַדורך אַ שטיקל צייט מיט וואַרטן. איך מיין, אַז אָט־אָט דאַרף איך ווערן באַפרייט. די אויספאָרשונג האָט זיך דאָך גוט געענדיקט. כ׳האָב דאָך אונטערגעשריבן, אַז איך אָנערקען נישט קיין שום שולד. איך פיל זיך שוין ווי אַ באַפרייטער, וועלכער איז נאָר צייט־ווייליק אין תפיסה. ס׳איז מיר אַפילו לייכטער איבערצוטראָגן דעם הונגער און דעם געשטאַנק אין דעם קאַמער־גיהנום.

גאָלדבערג, ווי שטענדיק, לייגט שטינער אויפן האַרצן — ער האָט מער דערפאַרונג. ער דערציילט, אַז מ׳האָט אַרעסטירט אַ פּויער, וועלכער האָט נישט געקענט אפילו לייענען און שרייבן. מ׳האָט אים באַשולדיקט אין קאָנטער־רעוואָלוציאָנערער אַגיטאַציע. אין אַ געשפּרעך מיט פריינד, האָט דער פּויער געזאָגט, אַז טוכאַטשעווסקי (געוו. קאָמיסאַר פון באַוואָפענונג), שטאַמט פון אַ פּריצישער פאַמיליע, ער קען פּערזענלעך זיין פאַמיליע. זיינע „פריינד" האָבן וועגן דעם „צוגעטראָגן" צו דער נקוד. ער איז געוואָרן דערפאַר אַרעסטירט און באַשולדיקט אין קאָמפּראָמיטירן דעם פאָלקס־קאָמיסאַר פאַר באַוואָפענונג און אין קאָנטער־רעוואָלוציאָנערער אַגיטאַציע. דורך דער צייט וואָס ער איז געזעסן אין תפיסה, איז טוכאַטשעווסקי אַליין געוואָרן אַרעסטירט. ער איז „דעמאַסקירט" געוואָרן ווי אַ שפּיאָן און מ׳האָט אים דערשאָסן. דאַרף מען דאָך לויטן שכל־הישר דעם פּויער באַפרייען ? אַ נעכטיקער טאָג.

זיי האָבן בלויז אַביסל געענדערט זיין באַשולדיקונג: „פאַר קאָמפּראָמיטירן סטאַלינען" און אים געגעבן 10 יאָר לאַגער. אָט דאָס קענען זיי — ענדיקט גאָלדבערג. פונדעסטוועגן האָב איך; כ׳וואַרט אויף מיין גיכער באַפרייאונג.

נישט לאַנג איז מיר אויסגעקומען צו וואַרטן.

נאָך מיטאָג האָט זיך צו אונדז דערטראָגן אַ געררויש פון קאָרידאָר, אַ קלאַנג פון שליסלען, אַ גרילץ פון שלעסער און קלאַפּעריי פון די שווערע אייזערנע טירן. ס׳פילט זיך, אַז עפּעס קומט פאָר אויף יענער זייט טיר, ווו ס׳איז שטענדיק שטיל.

באַלד עפנט זיך אויך אונדזער צעלע־טיר און אַ וועכטער לייענט פון אַ בלעטל די נעמען וועמען עס דאַרף ארויסגיין אין קאָרידאָר. אַ היפּש צעטל. מיין נאָמען ווערט אויך אויסגעלייענט:

— אפשר אויף דער פריי? — בליצט אויף אין געדאַנק — קיין וואָך זעט מען נישט. ס׳ווילט זיך אַזוי שטאַרק זיין אויף דער פריי, אַז אין יעדער קלייניקייט זוכט מען אַ סימן, אַז אָט־אָט באַפרייט מען. ס׳האָט זיך אין קאָרידאָר פאַרזאַמלט אַ גרעסערע גרופּע. מ׳האָט אונדז געפירט נישט ווייט, אין דער זעלבער געביידע, אין תפיסה־ביוראָ, דערפאַר איז נישט געווען קיין ספּעציעלע וואָך.

אומזיסטע חלומות און האָפענונגען באַפרייט צו ווערן! אויך דאָס מאָל איז גאָלדבערג געווען גערעכט. מ׳דערלאַנגט מיר אַ קליין קאַרטל, אין דער גרייס פון אַ פּאָסט־קאַרטל, כ׳זאָל דאָס אונטערשרייבן, אַז מ׳האָט מיר געמאָלדן: פאַר ׳קאָנטער־רעוואָלוציאָנערער טעטיקייט׳ (ק.ר.ד.) פאַר־משפּט אויף 10 יאָר אי.טע.על. (אויסבעסערונגס־אַרבעטס־לאַגער)".

כ׳בין געוואָרן געמשפּט אָן אַ געריכט, אָן ריכטער — אַ באַשלוס פון דער „אָסאָבע סאָוועשטשאַניע פון נ.ק.וו.ד. (ספּעציעלע באַראַטונג פון נ.ק.וו.ד.).

פאַרוואָס? צוליב וועלכער סיבה? כ׳האָב דאָך אויסגעהאַלטן אַלע פּייניקונגען, קלעפּ און זיך נישט איינגעבראָכן. כ׳האָב דאָך אונטער־געשריבן ביים אויספאָרשער, אַז איך בין זיך נישט מודה צו מיין שולד; די באַשולדיקונג איז גרונטלאָז. וועמען זאָל איך פרעגן? צו וועמען קען איך רעדן? איינער פון אונדז האָט נישט אונטערגעשריבן דאָס קאַרטל מיט דער מעלדונג, צעריסן עס און געשפּיגן דערויף, האָט מען אים גוט צעשלאָגן דערפאַר, פּשוט געטרעטן מיט די פיס און אַוועקגעשלעפּט אין תּפיסה־איזאָלאַטאָר. צי איך וועל יאָ אונטער־שרייבן, אָדער נישט, וועט שוין גאָרנישט ענדערן. אַלץ איז געענדיקט. מ׳טרייבט אונדז צוריק אין קאַמער אַריין.

איצטער בין איך שוין נישט מער קיין באַשולדיקטער, נאָר אַ פאַרמשפּטער.

עס שטייען מיר פאָר צען יאָר, צען לאַנגע יאָרן צו זיין אַן ארעס־טאַנט. 10 יאָר מאַטערניש, הונגער און ס׳קען אויך זיין, אַז דאָרטן וועל איך אפשר איבערלאָזן מיין יונג לעבן...



אָזיאַש ראָזאַניעצקי „הונגער" (פון בוך „אומגעקומענע יידישע קינסטלער", 2טער באַנד)

# פון מיינע 10 יאָר אַרבעטס־לאַגער

## קראַסלאַג נ.ק.וו.ד.

### אין עטאַפּ

„כ׳בין געוואָרן אויס „געפאַרשטער” און געוואָרן אַ „פאַרמשפּטער”, אַריין אין אַ נייער קאַטעגאָריע פאַרשלאָסענע. כ׳דאַרף זיך ריכטן יעדן טאָג אויף אַן עטאַפּ אַוועקגעשיקט צו ווערן פון תפיסה אין לאַגער אריין.

ס׳האָט נישט לאַנג געדויערט. נאָר עטלעכע טעג האָבן מיר גע־הערט אַ שטאַרקע באַוועגונג איבער די תפיסה־קאָרידאָרן, אַ געקלאַנג פון די קאַמער־שליסלען. אַן עפענען און פאַרקלאַפּן פון די אייזערנע טירן. אויך אונדזער טיר האָט זיך געעפנט און אַ וועכטער האָט זיך באַוויזן מיט אַ צעטל אין דער האַנט. ער האָט אויסגלייענט א ריי נעמען, אויך מיין נאָמען און אַ זאָג געטאָן אין געאייל:

— שנעל זיך צוגרייטן! — און איז אַוועק צו אַ צווייטער קאַמער.

אַביסל שפּעטער האָבן די צונויפגעזאַמלט אַ גרעסערע גרופּע פאַר־משפּטע און ס׳איז פאַרמירט געוואָרן דער עטאַפּ. יעדערער פון אונדז האָט באַקומען אַ טרוקענעם „פּאַיאָק” אויפן וועג: סוכאַרעס (געטריקנט ברויט) און אַ פּעקעלע געזאַלצענע פישלעך, קילקעס. מ׳האָט אונדז אַלע אריבערגעפירט פון אונדזער פריערדיקער תפיסה מיט ווענט, אין אַ הויז, אין אַ צווייטער תפיסה, אויך מיט נאַרעס, מיט פאַרקראַ־טעוועטע פענצטער, אין אַן אייזנבאַן וואַגאָן־תפיסה. קיינער האָט אונדז נישט געזאָגט וואוהין מ׳וועט אונדז פירן, נאָר מיר האָבן פאַר־שטאַנען, אַז דאָס דאַרף זיין ווייט פון דאַנען, מסתמא קיין סיביר. מיר האָבן באַקומען דעם טרוקענעם שפּייז אויף 3 וואָכן (דערנאָך

האָט מען געגעבן אויף נאָך אַ וואָך). אין די „סטאַליפּינסקי״־וואַגאָנען (דער נאָמען פון די תפיסה־וואַגאָנען איז נאָך געבליבן פון די צאַ־רישע צייטן). מ׳האָט אונדז ארייַנגעפּאַקט צו 40 אַרעסטאַנטן און אויך מער, אָנגעפּאַקט אין גרויס ענגשאַפט סיי אויף די נאַרעס און סיי אונ־טער די נאַרעס. די „בלאַטנאַיאַ״ (גנבים, באַנדיטן) פאַרנעמען גלייך די נאַרעס, די בעסערע ערטער; זיי זענען די „מיוחסים״, די הערשער איבערן וואַגאָן און די „פריייערס״ (אַזאַ נאָמען האָבן מיר געקראָגן), מוזן זיך זיי אונטערוואַרפן. בכלל אין עטאַפּ האָבן די אונטער־וועלט מיט דער וואָך, אונדזער אָנפירערשאַפט, יד־אחת. אין דער צייט פון עטאַפּ הערשט אַ פולשטענדיקער „פּראַיזוואָל״, אַן אַבסאָלוטע הפקרות לגבי די „פריייערס״. די אונטערוועלטניקעס שפּילן אין קאָרטן און טיילן זיך מיט דער וואָך מיטן געווינס. זיי באַראַבעווען די „פריייערס״, נעמען צו דאָס לעצטן ביסל אָרעמקייט, סיי פאַר דער קאָרטן־שפּיל, אָדער גיבן די צוגעגומענע זאַכן סתם איבער דער וואָך צום פאַר־קויפן און זיי טיילן זיך מיטן רויב. קיין העכערע תפיסה־אַדמי־ניסטראַציע איבער דער וואָך איז דאָך אויפן אָרט נישטאָ; קיין שום קאָנטראָל. די וועכטער זענען פולע באַלעבאַטים — טוען זיי טאַקע וואָס זיי ווילן און די „פריייערס״ מוזן שווייגן און ליידן.

ס׳איז געווען, אַז אין אַ וואַגאָן פון איבער 40 אַרעסטאַנטן זאָלן זיין נישט מער ווי 7־8 אונטערוועלטניקעס, האַלטן זיי אין טעראָר און אונטער זייער מאַכט די איבעריקע „קאָנטריקעס״. די באַשפּייזונג אין דער עטאַפּ־צייט באַשטייט פון עטלעכע סוכאַרעס, 200 גראַם (אַ העלפט פון נאַרמאַלן ברויט־פּאַיאָק) און די געזאַלצענע פישעלעך, די קילקעס. נאָכן אָפּעסן ווילט זיך שטאַרק טרינקען, מ׳פילט נישט אַזוי שטאַרק דעם הונגער, ווי דעם דאָרשט. ס׳דוכט זיך, אַז יעדער איינער וואָלט איצטער געקענט אויסטרינקען אַ גאַנצן עמער וואַסער.

אַן ערך פיר וואָכן זענען מיר געווען אין וועג, אין עטאַפּ. אויף יעדער באַן־סטאַציע זענען מיר געשטאַנען פיל טעג. אונדזערע וואַגאָ־נען האָט מען געשטעלט אויף אַ זייטיקער באַן־ליניע („טופּיק״), באַ־וואַכטע, פאַרשטענדלעך ארום און ארום, ווייט פון מענטשלעכן אויג, מ׳זאָל אונדז חלילה קיין עין־הרע נישט געבן, ביז די הויפּט־ליניע האָט זיך באַפרייט פאר אונדזער עשאַלאָן. מיר זענען נישט געפאָרן, נאָר מיר האָבן זיך געשלעפּט. עס איז טאַקע געווען א גרויסער מהלך פון כאַבאַראָווסק ביז קאַנסק, אין סיביר. ביי אַ פרייען בירגער, אין אַ פּאַסאַזשיר־וואַגאָן האָט אַזאַ רייזע געדויערט 10 מעת־לעת; ביי אונדז האָט עס געדויערט 4 וואָכן.

דערשעפּטע, אויסגעמאַטערטע פון ענגשאַפט מיט ווייניק לופט,

ווייניק ברויט, ווייניק וואַסער, זענען מיר סוף־כּל־סוף אָנגעקומען צום אָנגעצייכנטן אָרט „קראַסלאַג נ.ק.וו.ד.״ — קראַסנאָיאַרסקער לאַגער פון נ.ק.וו.ד., וואָס האָט זיך געפונען נעבן דער סיבירער שטאָט קאַנסק.

# אין נייעם לאַגער

אונדזערע וואַגאָנען האָבן זיך אָפּגעשטעלט. ס׳האָט זיך דערהערט אַ גרויסע באַוועגונג אין דרויסן, קאָמאַנדעס ביי דער וואַך. מיר האָבן גלייך פאַרשטאַנען, אַז מיר זענען שוין געקומען צום ענד־ציל און מיר וועלן דאָ אויסשטייגן. באַלד האָבן מיר געהערט אַ גערויש פון די שלעסער, ריגלען פון אונדזערע טירן, וואָס זענען באַלד אויפ־געמאַכט געוואָרן. אַ שטראָם פרישע לופט רייסט זיך אריין אין וואַגאָן. פאַר די אויפגעמאַכטע וואַגאָן־טירן באַגעגענען אונדז די סאָלדאַטן פון דער וואַך, וואָס שטייען מיט אויסגעשטרעקטע ביקסן, גרייט צו שיסן. עס באַגעגנט אונדז אויך דער פרילינג! מיר האָבן ביז איצטער נישט געפילט, אַז אינדרויסן איז שוין פרילינג, אַפּריל חודש. כאָטש דאָ אין קאַנסק איז סיביר , אָבער ס׳איז וואַרעם, די זון שיינט.

מיר ווערן באַלד אַרויסגעטריבן פון די וואַגאָנען:

— זיך אויסשטעלן איז אַ ריי צו פינף! — הערט זיך אַ באַפעל פון דער וואַך.

מיר ווערן איבערגעציילט. דער וואַך־עלטסטער רופט אויס יעדן ביים פאַמיליע־נאָמען און יעדערער מוז ענטפערן זיין נומער פון פאָרמולאַר. פון דעם מאָמענט אָן, ווען מיר האָבן באַקומען דעם אורטייל זענען מיר געוואָרן פאַרוואַנדלט אין נומערן, נישט אין מענטשן. מיר מוזן גוט געדענקען אונדזערע נומערן. די אַרעסטאַנטן פון אונדזער עשאַ־לאָן ווערן סאָרטירט אין צוויי גרופּן. איין גרופּע איז באַשטימט צום ערשטן לאַגער־פּונקט און די אַנדערע גרופּע צום צווייטן לאַגער־פּונקט. די וואַך פירט מיך אַוועק מיט מיין גרופּע צום צווייטן לאַגער־פּונקט.

כ׳האָב זיך גלייך איבערצייגט, אַז אַזוי ווי מיר זענען נייע לאַגער־ניקעס איז אויך דער לאַגער אַ נייער: אויף אַ ליידיקן פּלאַץ זענען אויפגעשטעלט געוואָרן פּאַלאַטקעס (ברעזענטענע ביידלעך) פאַר די נייע פאַרשלאָסענע. דאָס זענען אונדזערע וווינונגען. איין געמויערטע געביידע איז יאָ פאַראַן פאר דער אַנפירערשאַפט, אַדמיניסטראַציע און קיך.

די תפיסות אין יענער צייט. אין 1938־טן יאָר זענען געווען אי־בערגעפולט מיט די „איזאָלירטע", מיט אַרעסטאַנטן נאָך די גרויסע מאַסנהאַפטע אַרעסטן. די ספּעציעלע קאָמיסיע פון דער נ.ק.וו.ד. — די „אָסאָבע סאָוועשטשאַניע" און די „טראָיקע" האָבן געהאַט פיל אַר־בעט. אָן שום געריכטס־פאַרהאַנדלונגען, ארויסצוטראָגן אורטיילן פאַר אַזאַ ריזיקע צאָל אַרעסטירטע מענטשן. (ס'ווערן געבראַכט אָנגאַבן, אַז אין יענער צייט זענען געווען בערך 15 מיליאָן פאַרשלאָסענע).

ווייזט אויס, אַז אַרעסטירן און שרייבן אורטיילן איז א סך לייכ־טער, ווי בויען וווינונגען פאַר די אַרעסטירטע און זיי באַזאָרגן מיט די מינימאַלסטע לעבנס־באַדינגונגען. האָבן טאַקע די מאַכטהאָבער נישט באַוויזן דאָס צו טאָן. אויף דער גיך זענען געוואָרן אויפגע־שטעלט פּאַלאַטקעס און דאָס זענען געווען אונדזערע וווינונגען. איך האָב שוין ביז איצטער דעם דריטן סאָרט תפיסה פאַר אַ קורצער צייט און ווי פאַרשידן זענען זיי: די ערשטע איז געווען אַ נאָרמאַלע תפיסה מיט קאָמערן, שלעסער, „וואָלטשקעס" (ארייַנקוק־פענצטערלעך אין דער טיר פאַר די וועכטער), „פּאַראַשעס" נאָר מיט אַ גרויסער ענג־שאַפט, אָנשטאָט 25־30 אַרעסטאַנטן אין קאָמער, ווי אין אַ נאָרמאַלער צייט, זענען מיר געווען אָנגעפּראַפּט איבער 200 אַרעסטאַנטן. דערנאָך האָבן מיר געהאַט איבער 4 וואָכן אַ תפיסה אויף רעדער, אַ באַן־תפיסה, אויך מיט אַ גוואַלדיקער ענגשאַפט מיט הונגער און נאָך מער מיט דורשט. איצטער בין איך אין אַ נייער, פאַר מיר, תפיסה, אין לאַ־גער מיטן נאָמען „איספּראַוויטעלני טרודאָוואָי לאַגער" — אויסבעסע־רונגס־אַרבעטס־לאַגער — אַ שיינער נאָמען. פון וואָס דאַרף מען מיך דען אויסבעסערן? וואָס פאַראַ פאַרברעכן בין איך דען באַגאַנגען?

אויב פריער, אין די אַנדערע תפיסות, האָב איך געקריגן מיין „באַשפּייזונג" (אַז אָך־און־ווי צו דער באַשפּייזונג) אומזיסט, מוז איך דאָס איצטער אויסאַרבעטן, פאַרדינען מיט שווערע אַרבעט. אַט אין אַזאַ, מער ווייניק, לאַגער, ביי אַזעלכע באַדינגונגען וועל איך דאַרפן אַדורכמאַכן מיינע צוקונפטיקע 10 יאָר לעבן. דאָ וועל איך דאַרפן מיט אַרבעט זיך „אויסבעסערן". מיט וואָס בין איך דען געווען אַזוי שלעכט, וואָס עס פאָדערט זיך אָן „אויסבעסערונג"? — אַזעלכע פראַגן עקבערן אין מוח און גיבן נישט קיין רו...

דער לאַגער־פּלאַץ איז ארומגעצוימט מיט שטעכיקע דראָטן, אַרומגעשטעלט מיט „ווישקעס" (אָבסערוואַציע־טורעמס) אויף וועלכע עס שטייען באַוואָפנטע סאָלדאַטן און היטן אונדז מיר זאָלן נישט אַנט־לויפן. כ'הייב אָן אַ ניי לעבן, אַ לעבן פון אַ פאַרברעכער, אַ לאַגער־לעבן: פאַרטאָג ווערן מיר אויפגעוועקט מיט אַ קלאַפּן אין אַ רעלסע: זיך שנעל אָנגעטאָן, אויסגעזופּט די שיטערע זופּ־יושקע, זיך נישט

געזעטיקט, און אַ הונגעריקן טרייבט מען צו דער אַרבעט אונטער אַ באַוואָפנטער וואַך. אַ גאַנצן טאָג מוז איך שווער אַרבעטן, אויספילן איבערמענטשלעכע נאָרמעס. טיילווייז איז אַ גליק, וואָס איצטער איז פרילינג אין דרויסן, ס'איז וואַרעם. פון דער אַנדערער זייט, האָט אויך דער פרילינג געבראַכט מיט זיך פאַר אונדז די נייע לאַגערניקעס, געגנוג פרילינגדיקע צרות: די פּאַלאַטקעס זענען געשטעלט געוואָרן אויף דער פאַרפרוירענער סיבירער ערד. איצטער אונטער די פרי־לינגדיקע זון־שטראַלן טייעט אויף די ערד און עס ווערט אַ בלאָטע. קיין שיך אָנצוטאָן האָבן מיר נישט. ווען מ'האָט אונדז אַרעסטירט אין ביראָבידזשאַן, איז געווען ווינטער, האָבן מיר געטראָגן אויף די פיס „וויליקעס" (אַזעלכע פילצענע שטיוול), וואָס טויגן אינגאַנצן נישט פאַר דעם איצטיקן וועטער. איצטער דאַרף מען שיך, אָבער די לאַגער־אָנפירערשאַפט האָט נישט פאַר אונדז קיין שיך. זיי גיבן אונדז נישט קיין שיך. טאַפּטשען מיר מיט די וויליקעס אין דער פליסיקער בלאָטע. די פיס ווערן גיך נאַס. די וויליקעס, אָנגעזאַפּטע מיט וואַסער ווערן פודן־שווער. ס'איז שווער אַ טריט צו מאַכן, שווער אַרויסצושלעפּן דעם באַווויליקטן פוס, וואָס ווערט איינגעזאַפּט אין דער בלאָטע. דאָס שטערט אָבער נישט דער לאַגער־אָנפירערשאַפט צו טרייבן צו דער אַרבעט און פאָדערן פון אונדז אויסצופירן שווערע נאָרמעס. זיי, די לאַגער־אָנפירערשאַפט זוכן מיטלען אַביסל צו פאַרבעסערן די לאַגע: מ'זעצט אַוועק מענטשן צו מאַכן „לאַפּטשעס" (אַזעלכע שטעק־שיך פון שטרוי) וואָס ווערן אָנגעטאָן אויף די ווילִיקעס, אָבער דאָס נעצט אויך גיך אַדורך, ס'העלפט ווייניק. אויך ווערן געמאַכט אַזעלכע היל־צערנע זוילן („קאַלאָטקעס" — רופט מען דאָס), וואָס ווערן צוגעבינדן מיט שטריקלעך צו די ווילִיקעס, אויך דאָס ווערט איינגעזאַפּט אין דער קלעפּיקער בלאָטע און מ'שלעפּט אָפּט אַרויס דעם וויליק פון דער בלאָטע מיט אַן אָפּגעריסענעם הילצערנעם זויל. — פרילינג־דיקע צרות...

ס'הויבן זיך אָן מיינע 10 יאָר קאַטאָרזשנע לאַגער מיט שווערער אַרבעט, מערסטנס אין וואַלד און אַ נישט גענוגנדיקע באַשפּייזונג, פּשוט הונגער. ס'זעט אויס, אַז נישט אַלע אַרעסטאַנטן הונגערן. צום ביישפּיל די אונטערוועלטניקעס. זיי געפינען שוין פאַר זיך בעסערע באַדינגונגען, פאַרשטענדלעך אויף אונדזער חשבון. דאָס איז דאָך זייער, כמעט באַשטענדיקע היים. אויך געפינען זיי זיך אין אַ בעסערע רעכטלעכע לאַגע. זיי, די אונטערוועלטניקעס, געהערן מערסטנס צום באַדינונגס־פּערסאָנאַל. זיי זענען אונדזערע באַשפּייזערס און פאַרזאָר־גערס. זיי זענען דאָך נישט קיין „קאָנטריקעס" — דער ערגסטער מין פון אַרעסטאַנטן — נאָר די באַגלויבטע, די פּריווילעגירטע ביי דער

אַנפּירערשאַפט. די אונטערוועלטניקעס האָבן קלענערע אורטיילן ווי מיר און האָבן אויך דאָס רעכט, סיי לויטן שטראָף־קאָדעקס און אויך צוליב זייערע אַרבעטס־פליכטן ארויסצוגיין אויסערן לאַגער, אפילו אויף אַ גאַנצן טאָג („בעזקאָנוואָינע״־אַרעסטאַנטן). טאָקע דורך זיי הויבט זיך אָן אַ האַנדל, אַן אויסטויש. האָט עמעצער עפּעס אַ סוועטער, אַ פּאָר הויזן, אַ העמד צו פאַרקויפן, אַלץ איז סחורה, ווערט דאָס דורך די אונטערוועלטניקעס אַרויסגעטראָגן אויסערן לאַגער און פאַרקויפט פאַר ברויט אָדער פאַר געלט. פאַרשטענדלעך, אַז די אונטערוועלטני־קעס לעקן דערביי אָפּ אַ ביינדל. איך האָב גאָרנישט צו פאַרקויפן, צו טוישן. אַנדערע, וואָס האָבן יאָ, באַקומען זיי פאַר די אויסגע־טוישטע זאַך ברויט אָדער קויפן זופּן פאַרן באַקומענעם געלט. נאָכן הונגער־פּאַיאָק אין לאַגער, כאַפּן זיי זיך צו צום עסן און עס מערקן זיך גלייך פיל פאַלן פון „פּאָנאָסן״ (לויזער מאָגן). דער לאַגער־שפּיטאָל איז שוין פול מיט „פּאָנאָסניקעס״. אַ שפּיטאָל איז טאָקע יאָ דאָ אין לאַגער, אָבער מיט וואָס צו היילן איז נישטאָ. ס׳זענען שוין פאַראַן טויט־פאַלן אויך. די לאַגער־אַנפּירערשאַפט האָט „געזאָרגט״ אַז מיר זאָלן האָבן גענוג אַרבעט, אָבער זיך נישט געקימערט וועגן אונדזערע ווינונגען, אונדזער אָנטועכץ, שיך, באַשפּייזונג און זיך נישט איבערגענומען מיטן מאַנגל אין מעדיצינישער באַדינונג.

די שטימונג ביי אונדז, ביי די „קאָנטריקעס״ איז, פאַרשטענדלעך, אַ פּעסימיסטישע. שפרה ליפּשיץ, וואָס איז אין אונדזער לאַגער־פּונקט, (זי איז געווען אונדזער געשיכטע לערערין אין ביראָבידזשאַ־נער פּעדאַגאָגישן טעכניקום) זאָגט צו אונדז אין אַ געשפּרעך:

— אַ שיינעם תכלית האָט ער פון אונדז געמאַכט, דער מיט די וואָנסעס (סטאַלינען מיינט זי). בכלל רעדט מען ווייניק צווישן זיך, מ׳טיילט זיך ווייניק איינער מיטן צווייטן. ס׳איז א מורא און אומ־צוטרוי איינער פאַרן אַנדערן, אַז יענער קאָן נאָך מסרן. ס׳זענען שוין אויך דאָ מוסרים פאַרן פּרייז זיך צו פאַרבעסערן די לאַגע. די שטי־מונג איז אַ געדריקטע; ס׳זענען שוין דאָ פאַלן פון זעלבסטמאָרד.

חנה שקליאַווערס מאַן, וואָס איז אויפן ערשטן לאַגער־פּונקט (זי איז געווען מיט מיר אויפן צווייטן לאַגער־פּונקט) איז באַגאַנגען זעלבסטמאָרד. ער האָט זיך אויפגעהאָנגען אויף אַ פּאַסיק אין קלאָזעט. ס׳איז גאָרנישט קיין ווונדער פאַרוואָס ער האָט זיך איינגעבראָכן און האָט באַשטימט צו מאַכן אַ סוף צו זיין לעבן. ווען מ׳גיט אַ טראַכט, אַז אַזאַ הינטיש לעבן (נאָך ערגער פון אַ הינטיש לעבן) וועלן מיר דאַרפן אַדורכמאַכן במשך פון לאַנגע 10 יאָר פאַר אַ נישט־באַגאַנגענעם פאַרברעכן, קומען טאָקע שווערע געדאַנקען אין קאָפּ. איך האָב אָבער ביי זיך באַשלאָסן וואָס ווייניקער זיך אַריינטראַכטן, זיך באַמיען אַדורכ־

צולעבן. אפשר וועט זיך פאַרט עפּעס ענדערן? מ׳דאַרף לעבן מיט האָפענונג!

כ׳וויל דאָ דערמאָנען אַ כאַראַקטעריסטישן עפּיזאָד פון יענער צייט: אין מיין בריגאַדע צוזאַמען מיט מיר האָט געאַרבעט אַן אינטע־רעסאַנטער, אינטעליגענטער מענטש, וואָס האָט זיך מיט מיר באַ־פריינדעט. אין אַ שמועס מיט מיר האָט ער זיך דערוווּסט, אַז איך האָב געלערנט אין פּעדאַגאָגישן טעכניקום און ער אַליין, קאָזלאָווסקי האָט ער געהייסן (מסתמא פון פּוילישער אָפּשטאַמונג) איז געווען אַ לע־רער אין דער ביראָבידזשאַנער געגנט. אַזוי, אַז מיר זענען געווען פון דער זעלבער פּעדאַגאָגישער בראַנזשע. דאָס האָט אים צו מיר דערנענטערט. ער האָט געהאַט צו מיר צוטרוי, אַז מיט מיר קענען מען רעדן און זיך טיילן. האָט ער מיר טאַקע דערציילט פאַר וואָס און ווי אַזוי ער איז געוואָרן אַרעסטירט און באַקומען זיינע 10 יאָר לאַגער:

אַלע קאָרעער פון דער ביראָבידזשאַנער געגנט האָבן אין אַ גע־ווּיסן טאָג באַקומען מעלדונגען, אַז זיי דאַרפן זיין גרייט מיט זייערע זאַכן צום עשאַלאָן, איבערגעפירט צו ווערן אין אַן אַנדערער געגנט, דוכט זיך קיין קאַזאַכסטאַן. די סיבה דערפון איז געווען, ווייל די קאָרעער זענען ענלעך אין פנים צו די יאַפּאַנער, וואָס זענען געווען שכנים. זיך געגרענעצט מיט ביראָבידזשאַן אויף דער אַנדערער זייט פון טייך אַמור. דערפאַר האָבן די סאָוויעטישע מאַכט־אָרגאַנען באַשלאָסן „אַוועקצופירן" די קאָרעער אין אַנדערע ערטער, ווייט פון די יאַפּאַ־נער, ווייל די קאָרעער קענען נאָך זיין שפּיאָנען; אַ פאָלק, וואָס איז פון דור־דורות געווען באַזעצט, איינגעפונדעוועט אין ביראָבידזשאַן האָט מען אין אַ געוויסן פרימאָרגן געדאַרפט עוואַקואירן צוליב דער כלומרשטער מורא פאַר שפּיאָנאַזש. מיין חבר פון דער בריגאַדע, קאָזלאָוו־סקי האָט געהאַט אַ קאָרעישע פרוי און 2 קינדער. ער האָט אויך באַקומען גלייך מיט אַלע, דאָס צעטל זיך צוצוגרייטן צום עטאַפּ. האָט ער אָבער גערעכנט, אַז דאָס מוז זיין עפּעס אַ טעות, אַ מיספאַרשטענדעניש, ער איז דאָך גישט קיין קאָרעער, אפילו זיין פאַמיליע־נאָמען דערוווּיזט דאָך, אַז ער איז פון פּוילישער אָפּשטאַמונג. ער איז אַוועק אין דער נ.ק.וו.ד. מיט אַ פּרעטענסיע, אויסקלאָרן דאָס מיספאַרשטענדעניש, אַז ער געהערט נישט צו דער קאַטעגאָריע אַרויסגעשיקט צו ווערן, אַז ער איז דאָך נישט פון קאָרעישער אָפּשטאַמונג.

דער נאַטשאַלניק פון דער ביראָבידזשאַנער נ.ק.וו.ד. האָט אים אויפמערקזאַם אויסגעהערט, דורכדרינגלעך אָנגעקוקט און דערנאָך געבעטן ביי קאָזלאָווסקין זיין פּאַספּאָרט. קאָזלאָווסקי איז געווען זיכער, אַז דער נאַטשאַלניק וועט קאָנטראָלירן זיין פאַמיליע־נאָמען און וועט אים באַפרייען פון עטאַפּ. מיט פאַרגעניגן האָט ער אים דערלאַנגט

דעם פּאַספּאָרט. דער נאַטשאַלניק האָט גענומען דעם פּאַספּאָרט, איבערגעלייענט זיין פאַמיליע־נאָמען, גענומען אַ פּען און פון פּאַרנט פון דער פאַמיליע קאָזלאָווסקי צוגעשריבן לי (אַ פּאָפּולערער קאַרעאַי־שער פאַמיליע־נאָמען), האָט זיך באַקומען לי־קאָזלאָווסקי. מיט איין שטריך פון דעם נאַטשאַלניקס פּען איז קאָזלאָווסקי געוואָרן אַ קאַרעער. דער נאַטשאַלניק האָט אים דערלאַנגט דעם פּאַספּאָרט און דערביי צוגעגעבן:

— דו ביסט פון קאַרעישן אָפּשטאַם, דאַרפסט זיך גרייטן צום עטאַפּ!

קאָזלאָווסקי האָט זיך ווייטער פּאַרעקשנט און זיך נישט צוגע־שטעלט צום עשאַלאָן. זיין פרוי און די 2 קינדער זענען געוואָרן אַוועק־געפירט מיט כוח מיטן עטאַפּ און ער האָט געקריגן 10 יאָר „אויסבע־סערונגס־אַרבעטס־לאַגער".

זיינע איבערלעבונגען צוליב דער גרויסער אומגערעכטיקייט, וואָס איז לגבי אים געוואָרן באַגאַנגען און אויך דער אומאויפהערלעכער הונגער אין לאַגער האָבן געווירקט אויף קאָזלאָווסקיס פּסיכישן צו־שטאַנד. ער איז געוואָרן, אין אַ געוויסער מאָס, נישט נאָרמאַל: ער איז שטענדיק ארומגעגאַנגען מיט זיין קעסעלע און געזוכט פאַרשי־דענע גראָזן, געזויקסן און דאָס געקאָכט, געמישט מיט וואַסער און ברויט־קרישקעס און געמיינט, אַז דערמיט וועט ער שטילן דעם הונגער...



אונדזער לאַגע איז געווען זייער אַ שווערע: קאַטאָרזשנע אַרבעט, כסדר אונטער דער וואַך פון באַוואָפנטע היטערס. אונדזערע באַלע־באַטים, די אָנפירערשאַפט (אויך די פאַרשלאָסענע) זענען געווען גראָבע נפשות, וואָס האָבן אונדז געזידלט מיט די גראָבסטע אויסדרוקן, זעלטן געזאָגט עפּעס אָן אַ „מאַט". די אָנפירער פון אַרבעטס־אָפּטייל, באַ־זאָרגונגס ־ אָפּטייל זענען געווען „ביטאָוויקעס" (קרימינעלע). די לאַגער־אָנפירערשאַפט האָט געהאַט צו זיי דעם פולסטן צוטרוי. אָט די „ביטאָוויקעס" פלעגן זיך פּשוט איבער אונדז איזדיע־קעווען, ברענען אונדזערע טריט:

— קאָנטריק! סאָציאַל־פּאַשיסט! — פלעגן זיי אונדז זידלען.

דער וויטיק, די חרפּה איז געווען גרויס. זיי, וואָס זענען געווען אויף דער פריי די אמתע פאַרברעכער, געגנבעט, געגזלט, געמאָרדעט, זענען דאָ אין לאַגער די „בעסערע" מענטשן און מיר, די אַזויגערופענע „קאָנטריקעס", די אומשולדיק־פאַרמשפּטע זענען גאָר אין זייער רשות. מיר מוזן אָבער שווייגן און ליידן, ליידן און שווייגן...

# דער ערשטער מאַי אין סיבירער לאַגער

אונדז האָט די מילדע מאַי־זון נישט געוואַרעמט... נאָכן קאַלטן סיבירער ווינטער איז אָנגעקומען דער פרילינג. די פאַרפרוירענע טייכן האָבן זיך באַפרייט פון די אײַז־קייטן. די ערד האָט אָפּגעאָטעמט פרייער. אונטער די וואַרעמע זון־שטראַלן איז צע־גאַנגען די ווינטערדיקע געפרוירנקייט. דער שניי, וואָס איז געלעגן פון ערשטן שניי־פאַל, איז צעגאַנגען און דערמיט געביטן דער אויס־זען פון סיבירער פּייזאַזש. אַלץ אַרום איז געוואָרן פריילעכער, היי־טערער, פרילינגדיקער. אָבער אונדז, דער גרופּע ביראָבידזשאַנער זע־קאַ (פאַרשלאָסענע) אין סיבירער לאַגער, איז גאָרנישט פרילינגדיק אויפן געמיט, ס'איז גאָרנישט פריילעך.

היינט איז דער ערשטער מאַי. היינט גייט מען נישט צו דער אַרבעט. די צוגרייטונגען צום 1טן מאַי אין לאַגער זענען באַשטאַנען: איינזעצן אין קאַרצער (אַ תפיסה אין דער תפיסה) שעדלעכע עלעמענטן, געווע־זענע טראָצקיסטן, געוועזענע עס־עראָווצעס, „אָטקאַזטשיקעס" (די, וואָס זאָגן זיך אָפּ פון דער אַרבעט) יעדערער האָט געוואַרט, געלעבט מיט פּחד, צי מען וועט אים נישט איזאָלירן אויף דער צייט פון יום־טוב. צי איז ער נישטאָ אין צעטל פון קאָמענדאַנט איזאָלירט צו ווערן?

צוויי טעג פאַרן ערשטן מאַי זענען אַדורכגעפירט געוואָרן רע־וויזיעס אין אַלע פּאַלאַטקעס, אין אונדזערע וווינונגען. אַלץ איז גע־וואָרן איבערגעוואָרפן, אַדורכגענישטערט, די קליידער, די געלעגערס, אַלץ. עטלעכע טעג פאַרן יום־טוב האָט זיך אָנגעהויבן אַ רוימעניש, אַ וואַשעניש אומעטום, אַלץ אויפן חשבון פון אונדזער רו־טאָג.

ס'איז אַדורך אַ קלאַנג איבערן לאַגער, אַז עס דאַרף קומען אַ גרויסער „נאַטשאַלניק". ער איז טאַקע געקומען פאַרן ערשטן מאַי: אַ הויכער, אַ ברייטפּלייציקער מיט אַ לאַנגען שפּאָגל־נייעם שינעל ביז די פּיאַטעס, אויפן קאָפּ אַ פוטערנע פּאַפּאַכע אויף וועל־כער עס האָט געפינקלט אַ רויטער, ווי אין בלוט איינגעטונקענער שטערן.

אַלע פאַרשלאָסענע זענען ארויסגעטריבן געוואָרן פון די פּאַלאַט־קעס אין דרויסן. מ'האָט אונדז ארומגערינגלט מיט קאָמענדאַנטן און אויפזעערס, אַז קיינער זאָל זיך נישט דערוועגן אַוועקצוגיין. ס'איז

געמאַכט געוואָרן אַ גרויסער קרייז פון אַרעסטאַנטן. אין מיטן פון דעם קרייז איז געשטאַנען דער ניי־געקומענער „נאַטשאַלניק" און מיט אַ הויכער, כמעט שרייענדיקער שטים, געהאַלטן אַ רעדע. ער האָט גערעדט וועגן די פּלענער, וואָס ווערן שלעכט אויסגעפירט און מיר, די זע־קאַ, אַרבעטן שלעכט און ער האָט געענדיקט זיין רעדע מיט אַ שטרענגע וואָרענונג צו אונדז, קאָנטער־רעוואָלוציאָנערן:

— צו איך ווענד איך זיך ספּעציעל, איר קאָנטער־רעוואָלוציאָנערן! די ראַטנמאַכט האָט אייך צום לעצטן מאָל געשענקט דאָס לעבן! נאָר מיט ערלעכער אַרבעט דאַרפט איר אויסקויפן אייערע שווערע זינד, וואָס איר זענט באַגאַנגען — און אַרבעטן געטריי, איבערגעגעבן פאַר אונדזער מאַכט, פאַר אונדזער ליבן און טייערן סטאַלין!

זיין קיילעכדיק, אָנגעפּרעסן פּנים איז געווען פול מיט שטרענגקייט און וואָרענונג, אַז די ראַטנמאַכט קען נישט נאָר צונעמען פון אונדז די פרייהייט, וואָס זיי האָבן טאַקע שוין געטאָן, נאָר אויך צונעמען אונדזער לעבן. מיר זענען אין זייערע הענט...

מיר, די אומשולדיקע מענטשן, וואָס זענען געקומען קיין ביראָבידזשאַן מיט גוטן ווילן, מיט די בעסטע כוונות צו בויען אַ יידישע אויטאָנאָמע געגנט, דאַרפן דאָס אויסקויפן אונדזערע זינד, וואָס מיר זענען נישט באַגאַנגען? זיי, די אונטערוועלטניקעס, די אמתע פאַרברעכער, קוקן אויף אונדז מיט אַ שעלמיש שמייכעלע און זידלען אונדז:

— פאַשיסטי!

היינט איז דער 1־טן מאַי. היינט גייט מען נישט צו דער אַרבעט. דאָס איז דער אויסגעבענקטער רו־טאָג נאָך שווערער שקלאַפן־אַרבעט מיט אַ הונגער־באַשפּייזונג. דער פרישטיק איז היינט אַ יום־טובדיקער: אַ הילצערנער לעפל האָבער־גרויפּן, אַביסל באַזיסט מיט צוקער. עס איז אַזוי געשמאַק, אַזוי באַטעמט, אַז קיינמאָל אין לעבן, דוכט זיך מיר, האָב איך נישט געפילט אזא הנאה פון עסן, ווי פון דעם פרישטיק. מיר קלויבן זיך צוליגן אַביסל, כאַפּן אַ דרימל נאָכן פרישטיק. אַ נעכטיקער טאָג! ס'וועט זיין אַ צו גרויסער „ראָסקאָש" פאַר פאַרשלאָסענע צו כאַפּן אַ דרימל, אפילו אין אַזאַ גרויסן יום־טוב, ווי דער 1־טער מאַי. זיי האָבן פאַר אונדז צוגעגרייט אַ בעסער „פאַרגעניגן".

— סאָביערייס! (זיך צוגרייטן) — טראָגט זיך אַ קאָמאַנדע פון פּאַלאַטקע צו פּאַלאַטקע. מ'זאָגט אונדז נישט וווהין? מ'הייסט אונדז גיך אַרויסגיין אין דרויסן און זיך אויסשטעלן אין רייען צו פינף. אפשר צו דער אַרבעט? — עקבערט אַ געדאַנק. מיר קענען דאָס נישט גלויבן, ס'איז דאָך אַזאַ גרויסער יום־טוב, דער 1־טער מאַי! באַלד דערוויסן מיר זיך: מ'טרייבט אונדז צום טויער פון לאַגער. מ'שטעלט אונדז אויס נישט אַרויסצוגיין פון טויער, נאָר אויפן פּלאַץ נעבן

טויער, קיינער זאָל נישט וואַגן אַוועקגיין. מיר זעען, אַז אויף יענער זייט טויער, אויסערן לאַגער, קומען אָן לאַסט־אויטאָס מיט קינדער פון די שולן און עס דערטראָגט זיך פון דאָרטן אַ געזאַנג פון קינדע־רישע שטימעלעך:

— „סמיערט ווראַגאָם נאַראָדאַ!״ (אַ טויט די שונאים פון פאָלק!).

אָן ערך צען לאַסט־אויטאָס מיט קינדער פון די אַרומיקע דער־פער און שטעטלעך האָט מען געבראַכט אַהער, לכבוד יום־טוב, זיי זאָלן פאַר אונדז זינגען. מיר מוזן הערן זייער געזאַנג. מיר זענען באַ־וואַכט, מיר ווערן געהיטן, מיר זאָלן נישט קענען אַוועקגיין. אויף יעדן לאַסט־אויטאָ שטייט אָן עלטסטער, אַ לערער און ער דיריגירט מיטן קינדער־כאָר. ס׳טראָגט זיך דאָס געזאַנג:

— אַ טויט די שונאים פון פאָלק!

אַזוי שיט מען אונדז זאַלץ אויף אונדזערע ווונדן צום גרויסן יום־טוב, 1־טער מאַי. מיר דאַרפן דאָס אויסקויפן אונדזערע זינד! אונדז ווינטשט מען די בעסטע, יום־טובדיקע ווונטשן — דעם טויט! מיר פילן זיך באַשפיגן, צעטרעטן, גייסטיק פאַרניכטעט.

אונדז האָט די מילדע מאַי־זון נישט געוואַרעמט...

# ווידער אין וועג אריין

קומענדיק אין לאַגער אַריין האָט יעדער אַרעסטאַנט געדאַרפן אַדורכגיין אַ מעדיצינישע קאָמיסיע, וועלכע האָט פעסטגעשטעלט זיין געזונט־צושטאַנד, כדי צו וויסן צו וואָס פאַראַ אַרבעט ער קען אויס־גענוצט ווערן, דאָס האָט געמיינט פעסטשטעלן זיין קאַטעגאָריע. פאַר פולקאָם געזונטע, פעסט־געבויטע איז געווען די באַצייכענונג: ערשטע קאַטעגאָריע — צו ווערן אויסגענוצט אויף די שווערסטע אַרבעטן. די צווייטע קאַטעגאָריע האָבן שוין באַקומען אַביסל שוואַכערע זע־קאַ, אָבער נאָך געזונטע געזונט צו דער אַרבעט. פאַר מער שוואַכערע אין געזונט איז געווען די באַצייכענונג: די 2־טע אַ־ער. ד"ה אַזעלכע, וואָס קענען ווערן אויסגענוצט אויף לייכטע אַרבעטן. די לעצטע, די דריטע קאַטעגאָריע האָבן באַקומען נאָר אינוואַלידן, אַזעלכע וואָס טויגן שוין באמת אינגאַנצן נישט צו דער אַרבעט.

קיין העלד בין איך קיינמאָל נישט געווען, אָבער דורך דער צייט פון תפיסה און וואַגלעניש, האָט זיך מיין געזונט־צושטאַנד פאַר־ערגערט אויף אַזוי פיל, אַז די מעדיצינישע קאָמיסיע האָט מיר גע־שטעלט די „2־טע אַ־ער". רעספעקטירט דורך דער לאַגער־אָנפירער־שאַפט, דורך דער „אורטשע", איז אָבער געוואָרן נאָר די דריטע קאַטעגאָריע, ווייל זיי האָבן באמת נישט געקענט ווערן אויסגענוצט אויף קיין עפּנטלעכע שווערע אַרבעטן, די זענען קוים געגאַנגען, קוים געלעבט.

בין איך טאַקע, נישט געקוקט אויף מיין „גוטע קאַטעגאָריע" געשיקט געוואָרן אין אַ בריגאַדע אויף שווערע אַרבעטן („אָבשטשע ראַ־באָטי"), צו גראָבן ערד, שלעפּן שטיינער און אַנדערע אַרבעטן אויף דער בויאונג. די אַרבעטס־נאָרמעס זענען געווען גרויסע, זייער שווער אויסצופירן, און ברויט, ווי בכלל די באַשפּייזונג, האָבן מיר געקריגן לויט די אויסגעפילטע נאָרמעס: פאַר 100 פּראָצענט האָבן מיר באַקומען 800 גראַם ברויט, אַ זופּ און אַ לעפל גרויפּן־קאַשע. פאַר 120 פּראָצענט האָט מען געקריגן אַ קילאָ ברויט און אַ פּרעמיע — אַ שטיקעלע פליש אָדער אַ שטיקעלע פיש; פאַרן אויספילן די נאָר־מעס אויף ווייניקער פון 100 פּראָצענט האָט מען געקריגן 600 גראַם ברויט אָדער אפילו 400 גראַם אַ טאָג. מ'מוז באַמערקן, אַז אפילו די גוטע אַרבעטער, די אַזויגערופענע „סטאַכאַנאָוועס", וואָס האָבן

אויסגעפירט זייערע נאָרמעס אויף מער ווי 100 פּראָצענט און זייערע נעמען האָבן אראָפּגעשיינט פונעם גרויסן טאָוול ביים „רויטן ווינקל״, זענען אויך פון דער „באַשפּייזונג״ נישט געווען זאַט, שוין אָפּגערעדט פון די אַנדערע, וואָס האָבן געהאַט קלענערע פּראָצענטער: דאָס אויס־פירן די נאָרמעס איז געווען אַ סך אָפּהענגיק נישט נאָר אין אָבער קודם־כל אין דער דערפאַרונג און געניטשאַפט פון „פּראָראַב״ דער אַרבעט פון דער בריגאַדע אַליין (דאָס אויך פאַרשטענדלעך), (דער אַרבעטס־אָנפירער פון דער בויאונג) און ספּעציעל פון בריגאַ־דיר. ס׳האָט געהאַט אַן אַנטשיידענע באַדייטונג דאָס קענען אויספילן דעם אַרבעטס־ראַפּאָרט, דאָס קענען, ווי געהעריק באַשרייבן די אָפּ־געטוענע אַרבעט פון דער בריגאַדע פאַרן טאָג. אין דעם זענען געווען אָפּהענגיק די פּראָצענטער פון דער בריגאַדע, דאָס ברויט און די באַשפּייזונג פון די בריגאַדניקעס.

ס׳האָבן זיך דערפאַר געשאַפן „גוטע״ בריגאַדעס, וואָס האָבן שטענדיק געהאַט זייערע 100 און מער פּראָצענטער און „ערגערע״ בריגאַדעס, וואָס האָבן נישט שטענדיק אויסגעפילט דעם פּלאַן. מ׳האָט געדאַרפט האָבן אַ גרויסן „בלאַט״ (פּראָטעקציע) און אויך זיין שטאַרק, ביי אַ גוטן געזונט, אריינצופאַלן אין אַ ׳גוטער׳ בריגאַדע. סיי צוליב מיין געזונט־צושטאַנד, סיי צוליב מיין נישט קענען זיך ׳אויסטויגן׳ אין דער ערשטער צייט, האָב איך נישט געהאַט קיין מזל אַנצוקומען אין אַ גו־טער בריגאַדע. אין דער בריגאַדע, וווּ איך האָב געאַרבעט זענען די פּראָצענטער געווען, מערסטנטייל ווייניקער פון הונדערט און כ׳האָב אָפּט באַקומען אַ קלענערע פּייקע (פּאָרציע) ברויט, כאָטש כ׳האָב גע־אַרבעט שווער, איבער די כוחות.

ס׳האָט זיך שוין אָנגעהויבן דער סיבירער ווינטער מיט די פרעסט און ווינטן. און ווען אַן אַדורכגעפרוירענער נאָך אַ גאַנצן טאָג אַרבעטן אויף דער בויאונג האָב איך געקריגן דאָס שטיקל ברויט מיט דער שיטערער זופּ, האָב איך דערמיט דעם הונגער נישט געקענט שטילן. כ׳האָב געפילט, אַז איך מוז עפּעס טאָן, אָנגעמען מיטלען, כדי נישט צו ווערן אינגאַנצן אָפּגעשוואַכט. כ׳האָב אָנגעהויבן מאַכן באַמיאונגען דורכן אַרבעטס־אָפּטייל אין לאַגער („אורטשע״) מ׳זאָל מיך אַריבער־פירן אין מעכאַנישן צעך; אין מאַגניטאָגאָרסק, אויף דער פריערער פאַר־שיקונג, האָב איך דאָך געאַרבעט אַלס מעטאַל־טאָקער. נאָך לאַנגע באַמיאונגען האָט זיך מיר איינגעגעבן זיך דערשלאָגן דערצו, אַז כ׳זאָל קריגן אַרבעט לויט מיין ספּעציאַליטעט.

מיין לאַגע האָט זיך ראַדיקאַל פאַרבעסערט: כ׳האָב געאַרבעט אין דער וואַרעם, אין אַ געביידע, נישט אין סיבירער דרויסן, אין ווינט און פראָסט. אויך מיין באַשפּייזונג איז געוואָרן בעסער. ביים טאָקער־

סטאַנאָק האָב איך אויסגעפּילט די 100 פּראָצענט און באַקומען מער ברויט און בעסערע באַשפּייזונג ווי פריער. לײַדער האָט דאָס לאַנג נישט געדויערט. ס׳איז געווען צו ווייניק אַרבעט און אויך ווייניק מאַטעריאַלן אין צעך און זיי האָבן באַשלאָסן 3 טאָקערס פון די 5 באַשעפטיקטע אָפּצוזאָגן, און מיך בתוכם. ווען איך וואָלט געהאַט ׳בלאַט׳, ווען כ׳וואָלט געהאַט מיט וואָס ׳אונטערצושמירן׳, מיט געלט אָדער זאַכן, וואָלט מען מיך זיכער געלאָזט אַרבעטן אין טאָקער־צעך. האָב איך דאָך אָבער דאָס נישט פאַרמאָגט...

אַרבעטנדיק אַלס טאָקער, אין בעסערע באַדינגונגען, האָט זיך מיין געזונט־צושטאַנד פאַרבעסערט און ביי אַ פרישער מעדיציני־שער קאָמיסיע האָב איך שוין באַקומען די 2־טע קאַטעגאָריע, האָבן זיי מיך ווידער אַרויסגעטריבן אויף אַלגעמיינע אַרבעט, אויף דער בויאונג.

אין איינעם אַ טאָג האָט זיך באַוויזן אַ מעלדונג אויפן טאָוול ביים אַרבעטס־אָפּטייל, אַז די אַנדערע וואָך, אין אַ געוויסן טאָג, וועט אַ קוואַליפיקאַציע־קאָמיסיע אויפנעמען און אָפּקלייבן ספּעציאַליסטן אויף אַרבעט. איך האָב שוין פון פריער געהאַט פאַרזוכט ווי בעסער עס איז צו אַרבעטן ביי דער ספּעציאַליטעט אין דער וואַרעם און לייכטער, ווי אויף אַלגעמיינע אַרבעט, האָב איך באַשלאָסן צו גיין צו דער קוואַליפיקאַציע־קאָמיסיע און האַלטן דעם עקזאַמען. אַנדערע לאַגערניקעס, האָב איך גלייך באַמערקט, האָט אָט די מעלדונג גאָרנישט באַאיינדרוקט און זיי האָבן זיך גאָרנישט געאיילט צו גיין צו דער קוואַליפיקאַציע־קאָמיסיע. ס׳האָט מיך, וואָס אַן אמת, שטאַרק געוווּנדערט: צי ווילן זיי נישט אַרבעטן ביי זייער ספּעציאַליטעט? ווי ס׳האָט זיך שפּעטער אַרויסגעוויזן זענען טאַקע יענע געווען גערעכט. נאָר אַ קליינע צאָל זע־קאַ זענען געקומען צו דער קאָמיסיע. ס׳זענען געזעסן דריי מענטשן פון צענטער און אַדורכגעפירט דעם עקזאַמען, וואָס האָט נישט געדויערט מער ווי אפשר צוויי מינוט. גאָר לייכטע פראַגן האָבן זיי געשטעלט די עקזאַמינירטע. מ׳האָט גלייך געקענט באַמערקן, אַז דאָס איז נישט קיין אמתער עקזאַמען, נאָר אַ פאָרמאַליטעט. ווי ס׳האָט זיך שפּעטער אַרויסגעוויזן זענען די צאָל „ספּעציאַליסטן" געווען נישט קיין גענוגנדיקע — ס׳איז געווען פּשוט אַ ווערבירונגס־אַקציע פאַר אַרבעטס־קראַפט אויפן וויטן צפון. ס׳איז געווען ווייניק „פרייוויליקע ספּעציאַליסטן", האָט די אָנפירערשאַפט טאַקע שפּעטער אָנגענומען צוואַנגס־מיטלען: צומאַרגנס האָבן אַלע לאַגערניקעס, אַלע בריגאַדעס געקריגן אַ באַפעל זיך צושטעלן צו דער מעדיצינישער קאָמיסיע, וואָס האָט געאַרבעט עטלעכע וואָכן און אָפּגעקליבן אַרבעטס־קראַפט צום עטאַפּ. די אַלטע,

מער דערפֿאַרענע לאַגערניקעס האָבן זיך גוט פֿאַרשטאַנען אויף די כיטרע שטיק מיט די אינסצעניזירטע קאָמיסיעס, כדי אָפּצוקלייבן אַר־בעטס־קראַפֿט פֿאַרן ווייטן צפֿון.

ווי איך האָב זיך שפּעטער דערוווּסט פֿון דער חורבן־ליטעראַטור האָבן די נאַציס ריכטיק איבערגענומען די סאָוויעטישע פּראַקטיק ביים שיקן די יידן לויט די „ספּעציאַליטעטן״ אין די עשאַלאָנען צו די טויט־לאַגערן.

ס'האָט אָבער גאָרנישט געהאָלפֿן — די נויטיקע צאָל אַרעס־טאַנטן פֿאַרן עטאַפּ האָט געמוזט זיין. אויב דאָס האָט זיך נישט איינ־געגעבן מיט „גוטן״, מיט דער אינסצעניזירטער עקזאַמיניר־קאָמיסיע, האָבן זיי דאָס דערגרייכט מיט צוואַנג־מיטלען, אָבער פֿאַרט האָט זיך איינגעגעבן אַ טייל, ספּעציעל די אונטערוועלטניקעס, זיך אויסצובאַ־האַלטן און אויסמיידן דעם עטאַפּ. איך האָב, צוליב מיין נאַיוויטעט זיך געלאָזט כאַפּן אויף דער ווענדקע און אַליין אַוועק צו דער קאָ־מיסיע, בין איך טאַקע געווען אויף דער ליסטע צום קומענדיקן עטאַפּ צו פֿאָרן אַלס „ספּעציאַליסט״ אויפֿן ווייטן צפֿון — אין פּאָליאַר־קרייז, אין אַרקטיק.

# אויפֿן ווייטן צפֿון

## קיין דודינקע

פֿאַרשידענע תּפֿיסות האָב איך שוין פֿאַרזוכט פֿאַר דער קורצער צייט נאָך מיין אַרעסט: אַ נאָרמאַלע תּפֿיסה אין כאַבאַראָווסק; אַ תּפֿיסה אויף רעדער — אַן אייזנבאַן־וואַגאָן־תּפֿיסה; אַ קאַטאָרגע־תּפֿיסה — אַ לאַגער. דער גורל האָט אָבער געוואָלט, כ׳זאָל אויך אַדורכמאַכן אַ תּפֿיסה אויפֿן וואַסער. צום ווייטן צפֿון האָט מען דעמאָלט געקענט קומען מיט דער לופֿט, מיט אַן עראָפּלאַן, אָדער מיטן וואַסער — מיטן טייך יעניסעי פֿון קראַסנאָיאַרסקער פּאָרט. פֿאַרשטענדלעך, אַז אַרעסטאַנטן לוינט זיך נישט צו פֿירן מיט אַזאַ טייערן טראַנספּאָרט־מיטל ווי אַן עראָפּלאַן.

אינעם עטאַפּ צום ווייטן צפֿון האָט מען אונדז געפֿירט מיטן טייך יעניסעי — אַ שטרעקע פֿון איבער 3000 קילאָמעטער אויף צפֿון פֿון קראַסנאָיאַרסק. אין אַ „באַרזשע״ (אַ משא־וואַגאָן אויפֿן וואַסער) זענען געמאַכטן געוואָרן נאַרעס. איבער אונדזערע קעפּ געפֿינט זיך דער „דעק״, די אויבערפֿלאַך פֿון דער „באַרזשע״. די סחורות ווערן נאָר־מאָל געלאָדן אין דעם טייל, וואָס געפֿינט זיך אין דעם אונטערשטן טייל פֿון דער „באַרזשע״, אָבער דאָס מאָל זענען מיר, די אַרעסטאַנטן, געוועזן די „סחורה״. עטלעכע עלעקטרישע לעמפּלעך האָבן געדינט פֿאַר אַ מאָגערע באַלייכטונג. מ׳האָט אונדז אַריינגעפּאַקט אַהין, וויפֿל ס׳איז געווען מעגלעך און נישט מעגלעך. אַ דושנעקייט דערשטיקט צו ווערן; נאָרמאַל ווערט אין אַזאַ „באַרזשע״ געלאָדן מעל, גרויפּן, צוקער, ווייל הויפּטזעכלעך דינט די „באַרזשע״ איבער־צופֿירן פֿאַרשידענע סחורות און פּראָדוקטן. דאָס אַלץ נויטיקט זיך נישט אין קיין ווענטילאַציע. מוזן זיך די אַרעסטאַנטן אויך באַגיין אָן לופֿט, אָן ווענטילאַציע. אַ ברירה האָבן מיר? די קאַרגע לופֿט, וואָס איז געקומען פֿון די אָפֿענע „לוקן״ (די עפֿענונג דורך וועלכער מ׳לאָדנט די סחורה) איז געווען צו קאַרג, צו ווייניק ס׳זאָל סטייען צום אָטעמען פֿאַר אַ מאַסע פֿון איבער 300 לעבעדיקע מענטשן, וואָס מ׳האָט דאָרט אַריינגעפּאַקט.

זענען טאַקע די „זע־קאַ״ ארומגעגאַנגען אין די אונטערוועש און

די קערפּערס זענען געווען נאָס פון שוויס. איין מאָל אין טאָג האָט מען אונדז גרופּנווייז געפירט אין דער הייך, אויפן „דעק", אפשר אויף אַ שעה צו „כאַפּן לופט", אָבער די איבעריקע צייט פון מעת־לעת האָבן מיר זיך געפונען אין דער שווערער אָנגעהיצטער לופט, וואָס איז געווען ממש אומדערטרעגלעך. די באַשפּייזונג איז באַשטאַנען ווי אין יעדן עטאַפּ פון: סוכאַרעס, געזאַלצענע פישעלעך און געקאָכטע וואַסער צוויי מאָל אין טאָג. די אונטערוועלטניקעס האָבן, ווי געווינטלעך, געשפּילט אין קאָרטן און אויב עס האָט זיי געפעלט וואָס צו פאַרשפּילן, האָבן זיי געהאַט ביי וועמען צו נעמען, צו ראַבעווען ביי אונדז, די „פרייערס".

מער ווי אַ חודש האָט געדויערט דאָס שווימען אויף אונדזער „באַרזשע" — די תפיסה־שיף. זי האָט זיך געשלעפּט, ווי אין יעדן עטאַפּ, איבערן טייך יעניסעי ביז אין אַ שיינעם פרימאָרגן זענען מיר פאָרט אָנגעקומען צום באַשטימטן פּלאַץ קיין דודינקע, וואָס געפינט זיך אין פּאָליאַרן קרייז, נאָענט פון צפון־פּאָליוס.



דער קורצער פּאָליאַרער זומער אין דודינקע האָט זיך שוין געהאַלטן ביים ענדיקן, ווען אונדזער „באַרזשע" האָט אונדז געבראַכט צום ברעג. דער טייך יעניסעי איז געווען שטיל, אומבאַוועגלעך. ביי די ברעגן האָט מען שוין געזען אייז־הייטעלעך, ווייל די נאַכט־טעמפּעראַטור איז שוין געווען פיל קעלטער, אפילו אונטער נול גראַד. בייטאָג איז אָבער דערווייל נישט אַזוי קאַלט געווען צו פאַרקאָווען דעם טייך אין אייז אויפן לאַנגן פּאָליאַרנעם ווינטער.

מ'האָט אונדז ארויסגעפירט פון אונדזער תפיסה־קעלער, פון דער „באַרזשע" אויף דער פרישער לופט, אויף דער לאַנג־אויסגעבענקטער לופט, וואָס עס האָט אונדז אַזוי געפעלט פאַר דער צייט פון עטאַפּ איבער אַ חודש צייט. ביים ברעג טייך האָט מען אונדז, פאַרשטענדלעך, באַוואַכט אַרום און אַרום. עס האָט זיך אָנגעהויבן אַ ציילעניש, אַ סאָרטירונג, קאָנטראָלירונג, וואָס האָט געדויערט שעהן לאַנג. ס'איז שוין געוואָרן זייער קאַלט ביז די גאַנצע פּראָצעדור האָט זיך פאַרענדיקט און מיר זענען געוואָרן אַוועקגעפירט אין לאַגער.

# קיין נאַרילסק

לאַנג זענען מיר אין דודינקע נישט געווען. אונדזער עטאַפּ איז געווען באַשטימט קיין נאַרילסק. דאָרטן האָט זיך אָנגעהויבן צו בויען אַ גרויסער מעטאַלורגישער קאָמבינאַט. אין די בערג פון נאָרילסק האָבן זיך געפונען זייער פיל אוצרות פון טייערע מעטאַלן ווי ניקעל, פּלאַטין, קאָבאַלט, אפילו גאָלד. אויך קוילן האָבן זיך אין די בערג געפונען. מיר, די פאַרשלאָסענע, די פאַרמשפּטע אויף לאַנגע יאָרן קאַטאָרגע־אַרבעט האָבן עס געמוזט זיין די בויערס פון מעטאַלורגישן קאָמבינאַט און באַאַרבעטן די נאַטירלעכע רייכטימער אין די שווערע באַדינגונגען פון שרעקלעכן צפון־קלימאַט מיט שטאַרקע קעלטן און ווינטן.

פאַרן קומען פון אונדזער עטאַפּ האָבן שוין אַנדערע „זע־קאַ" אָנגעהויבן בויען אַ שמאָל־ליניקע אייזנבאַן, צווישן דודינקע און נאָרילסק אויף אַ מהלך פון בערך 120 קילאָמעטער. די בויאונג האָט זיך געפירט פון ביידע זייטן, סיי פון נאַרילסק און סיי פון דודינקע. אינמיטן האָט זיך די בויאונג פון דער אייזנבאַן־ליניע געדאַרפט פאַרענדיקן, פאַראייניקן. ווען מיר זענען געקומען מיט אונדזער עשאַלאָן איז די מיטלסטע טייל, אַן ערך אַ דריטל, נאָך נישט געווען פאַרענדיקט.

מיר זענען טאַקע אַרויסגעפאָרן מיט דער נייער באַן־ליניע פון דודינקע און אַדורכגעפאָרן די פּאַרטיקע 40 קילאָמעטער, אָבער ווייטער האָט מען אונדז געטריבן צופוס. אונדזער ביסל אָרעמקייט, אונדזערע זאַכן האָט מען ביי אונדז צוגענומען, ס'זאָל אונדז זיין לייכטער צו גיין. (ווי מיר האָבן זיך שפּעטער דערוווּסט האָט מען אונדזערע זאַכן געפירט מיט אַ צייטווייליקער ליניע). יעדנפאַלס פיל פון אונדז און אויך איך, האָבן שוין אונדזערע זאַכן מער נישט באַקומען, פּשוט פאַרלוירן.

קומענדיק קיין נאַרילסק האָט מען אונדז צעטיילט אויף צוויי גרופּן. איין גרופּע האָט מען אַוועקגעפירט אויפן ערשטן לאַגער־פּונקט און די אַנדערע גרופּע אויפן צווייטן לאַגער־פּונקט. איך בין אריינגעפאַלן אויפן צוויטן לאַגער־פּונקט. אונדזערע זאַכן, ווי כ'האָב זיך שפּעטער דערוווּסט, האָט מען אוועקגעפירט אויפן ערשטן לאַגער־פּונקט, אַראָפּגעוואָרפן נעבן דער „קאַפּטיאָרקע" (אַנטאַן־סקלאַד) אָן שום אויפזיכט. קיינער איז דאָך נישט געווען פאַראַנטוואָרטלעך פאַר

די זאַכן; קיינער האָט זיך פאַר זיי נישט אונטערגעשריבן. ס'האָט גע־דויערט אַ פּאָר טעג ביז מיר, פון צוויטן לאַגער־פּונקט, האָבן זיך דערשלאָגן צו קריגן אַ ספּעציעלן „קאַנוואַי" (אַ וואָגן), כדי אונדז צו פירן אהין נאָך אונדזערע זאַכן. ווען מיר זענען דאָרט אָנגעקומען, האָב איך מיינע זאַכן שוין נישט געפונען. די „שפּאַנאַ", די אונטערוועלט־ניקעס, האָבן אויסגענוצט די געלעגנהייט, וואָס די זאַכן זענען געווען הפקר, אָן אויפזיכט און אַלץ צוגענומען. ס'איז מיר נאָר געבליבן דאָס זעקל, וואָס איז געווען געמאַכט פון אַ שטיקל בייקע, אַן איבערבלייי־בעניש פון אַ בייקעווע קאָלדרע. איז עס מיר צונוץ געקומען אויף „פּאַרטיאַנקעס" ארומצוּוויקלען די פיס. צי איז דען געווען ביי וועמען צו פאָדערן? פאַר וועמען זיך צו קלאָגן אויף די פאַרלוירענע זאַכן? כ'האָב דאָך נישט באַקומען קיין שום דאָקומענט, קיין פּאַפּירל, כאָטש גיי שריי חי־וקים, רעד צו דער וואַנט...

עטלעכע טעג איז אונדז אויסגעקומען זיך צו שלעפּן צופוס די בערך 40 קלמ. פון דער מיטלסטער טייל פון דער נאָך נישט געמאַכ־טער באַן־ליניע. ביינאַכט זענען מיר געשלאָפן אין די לאַגער־פּונקטן פון די פאַרשלאָסענע, וואָס האָבן געאַרבעט ביים לייגן די אייזנבאַן. ס'איז געווען זייער אַ שווערע אַרבעט דאָס בויען די 120 קלמ. שמאָל־ליניקע אייזנבאַן אין דער טונדרע אין דעם גרונט פון דער אייביק־פאַרפרוירענער ערד און אָפטע טייכלעך און טייכן, וווּ מ'האָט געמוזט בויען פיל בריקלעך און בריקן. ס'זענען אויך געווען זייער גרויסע שוועריקייטן מיט דער באַזאָרגונג סיי מיט מאַטעריאַלן פאַר דער בויאונג און אויך מיט פּראָדוקטן, אַפילו מיט וואַסער.

אויסגעמאַטערטע, מידע פון לאַנגן וועג (איך רעד שוין נישט, הונגעריקע, ווייל דאָס איז דאָך שוין געווען אַ „נאָרמאַלע" זאַך, ווי די טאָג־טעגלעכקייט), האָבן מיר זיך דערשלעפּט צו אונדזער אָנגע־צייכנטן ציל — צום נאָרילסקער לאַגער נ.ק.וו.ד.

# אין כאַלאַדענקאָס בריגאַדע

אויף צומאָרגנס האָבן מיר נישט געאַרבעט, נאָר זיך איינגע־אָרדנט אויפן נייעם אָרט, מ'האָט אונדז פאַנאַנדערגעטיילט אין בריגאַדעס. קיינער פון דער אָנפירערשאַפט דערמאָנט אַפילו נישט וועגן שיקן אונדז לויט דער ספּעציאַליטעט, ווי מ'האָט אונדז צוגע־זאָגט ווען מיר האָבן „באַלייגט דעם עקזאַמען". כמעט אַלע ווערן גע־שיקט אויף אַלגעמיינע אַרבעט — אויף דער בויאונג.

פּרובירט עמעצער פרעגן ביי דער „נאַטשאַלסטווע":

— וואָס הערט זיך וועגן קריגן אַרבעט לויט דער ספּעציאַליטעט? קומט דער ענטפער, באַגלייט מיט אַ ציניש שמייכעלע: „פּאָטאָם, פּאָסמאָטרים“. (שפּעטער, מיר וועלן שוין זען).

איך בין געוואָרן צוגעטיילט צו דער בריגאַדע פון איוואַן וואַסי־לעוויטש כאַלאַדענקאָ. ס'האָט זיך אָנגעהויבן דאָס נאָרמאַלע לאַגער־לעבן, ווי אין סיבירער לאַגער, אָבער אין אַ שווערערן קאַלטערן צפון־קלימאַט.

מיין בריגאַדיר איוואַן וואַסילעוויטש, אין וועלכן עס איז געווען אָפּהענגיק מיין לעבן און באַדינגונגען אין לאַגער, איז געווען אַ פעסט־געבויטער, ברייטפּלייציקער הויכער מאַן אין די פערציקער יאָרן, פון קולאַקישן אָפּשטאַם. דאָס איז, אייגנטלעך געווען זיין זינד, פאַר דעם האָט ער געקריגן די 10 יאָר לאַגער. זיין סטאַטיאַ איז טאַקע געווען „ס.אָ.ע.“ (אַ סאָציאַל־געפערלעכער עלעמענט).

אין 1937־טן יאָר האָבן געאַרבעט די „טראָיקע“ און „אָסאָבע סאָוועשטשאַניע“ פון דער נ.ק.וו.ד., וואָס האָבן אָן שום געריכט פאַר־משפּט צו לאַנגע יאָרן תּפיסה אין לאַגער. ס'זענען דאַן אויפגעקומען ניי צוגאָב־פונקטן צום שטראָף־קאָדעקס — סיי אין ציפערן און סיי אין אותיות פון רוסישן אַלפאַבעט. כאַלאַדענקאָ איז פונקט ווי איך, געוואָרן „געמשפּט“ פון די דאָזיקע אינסטאַנצן.

איך בין אין דער בריגאַדע געווען נאָר איין ייד צווישן רוסן, אוקראַינער, טאַטאַרן און אַנדערע נאַציאָנאַליטעטן. קיין ספּעציעלן אַנטיסעמיטיזם מצד די בריגאַדניקעס, האָב איך נישט געפילט. און־דזער בריגאַדע איז באַשטאַנען פון „קאָנטריקעס“, געמשפּטע, אָדער בעסער געזאָגט, באַשולדיקטע אין „פּאָליטישע פאַרברעכנס“. „ביטאָ־וויקעס“ — געמשפּטע אין קרימינעלע פאַרברעכנס — זענען געוואָרן אויסגענוצט, מערסטנס, אויף בעסערע און פּריווילעגירטע אַרבעטן. זיי האָבן אויך געהאַט באַזונדערע בריגאַדעס.

צווישן די „קאָנטריקעס“ זענען געווען גאָר אַ סך געלערנטע, אינטעליגענטע מענטשן, וואָס זענען פריער, אויף דער פריי געווען אויף הויכע פּאָסטנס — סיי אין דער פּאַרטיי, רעגירונג און אינדוסטריע און זענען בעת די „טשיסטקעס“ (רייניקונגען) און מסירות פאַרמשפּט געוואָרן.

ספּעציאַליסטן מיט גרויסער דערפאַרונג און בילדונג זענען גע־וואָרן אויסגענוצט לויט זייער ספּעציאַליטעט, ווייל מ'האָט זיי שטאַרק געדאַרפן. יידישע „זע־קאַ“, מערסטנס גרויסע ספּעציאַליסטן ווי דאָק־טוירים, אינזשיניערן און אַנדערע האָבן געאַרבעט לויט זייערע פּראָ־פעסיעס. מ'דאַרף באַמערקן, אַז בכלל זענען יידן אין סאָוויעט־

רוסלאַנד אַ מער געבילדעטער עלעמענט, ווי אַנדערע פעלקער. איך בין אָבער נישט געווען קיין סאָוויעטישער ייד, נאָר אַ פּוילישער ייד. מיך האָט מען אַרעסטירט פון דער שול־באַנק, פון ביראָבידזשאַנער פּעדאַגאָגישן טעכניקום; אין מאַגניטאָגאָרסק האָב איך אויף אַ קורצער צייט געאַרבעט אַלס מעטאַל־טאָקער; אויף דער ספּעציאַליטעט האָב איך טאַקע אָפּגעגעבן אַן עקזאַמען צו פאַרן אַהער. אָבער זיי האָבן וועגן דעם „פאַרגעסן" און מיך מכבד געווען מיט אַ קירקע (אַ מכשיר צו גראָבן ערד) און אַ לאָפּאַטע, אַזוי אַרום האָב איך באַקומען אַ נייע „ספּעציאַליטעט": גראָבן ערד, שלעפּן שטיינער, ווערן אויסגענוצט אויף אַלגעמיינע אַרבעט אין אַ בריגאַדע. איוואַן וואַסילעוויטש כאַלאָדענקאָ, מיין בריגאַדיר, איז אויף דער פריי געווען אַ „פּרעדסעדאַטעל" (פאַר־זיצער) פון אַ קאָלכאָז. אין זיין געגנט האָבן זיך אַ גרויסע צאָל יידן געפינען אין די אָנפירנדיקע אינסטאַנצן פון דער פּאַרטיי און רעגירונג (אין געגנט־קאָמיטעט, פּאַרטיי־קאָמיטעט). כאַלאָדענקאָ האָט זיך גע־מוזט זיי אונטערוואַרפן. ער האָט זיך געפילט פון זיי באַעוולט, אָדער ס'קען זיין, אַז זיי האָבן אים טאַקע באַעוולט, ווי ס'פירט זיך. מיין בריגאַדיר, האָט זיכער יענע יידן מקנא געווען, וואָס זיי זענען מער „גראַמאָטנער" (געלערנטער און חשובער פון אים). מעגלעך, אַז ער האָט תמיד געהאַט אין געדאַנק נקמה צו נעמען אין זיי. נאָר אַזוי ווי די יידן זענען געווען אויף העכערע פּאָסטנס פון אים — זיינע באַ־לעבאַטים — האָט ער זיי גאָר געמוזט חנפענען, ווי ס'פירט זיך דאָרטן; איצטער אָבער, אין לאַגער, איז ער געוואָרן דער בריגאַדיר, אַ באַלע־באָס איבער אַ גרופּע אַרעסטאַנטן און אין זיין רשות געפינט זיך אַ ייד וואָס איז אויף אַ נידעריקערן שטאַפּל פון לעבנס־לייטער פון אים; דער גורל פון אָט דער גרופּע אַרעסטאַנטן אין זיין בריגאַדע, איז אין גאַנצן אין זיינע הענט. לויט זיין אָפּשאַצונג פון דער אויס־געפירטער נאָרמע, באַקומט דער בריגאַדע־מיטגליד דאָס ברויט, די זופּ, די באַקליידונג; פאַרן אויספירן די אַרבעטס־נאָרמע אויף 100 פּראָצענט האָבן מיר באַקומען 800 גראַם ברויט; פאַר 120 פּראָצענט — אַ קילאָ ברויט; אויך די באַשפייזונג פון קיך, די זופּ, אַפילו דאָס אָנ־טועכץ האָבן מיר באַקומען לויט אויספירן די פּראָצענטער. בריגאַד־ניקעס, וואָס האָבן אויסגעפירט דעם פּלאַן מער, ווי אויף 100 פּראָ־צענט האָבן באַקומען נייע קליידער און שיך; די, וואָס האָבן געהאַט קלענערע פּראָצענטער האָבן באַקומען קליידער פון „צווייטן סראָק" (פאַרראָכטענע), אָדער „דריטן סראָק" (אַ לאַטע אויף אַ לאַטע), אַזוי אויך מיט שיך.

די אויסגעפירטע פּראָצענטער האָט געשטעלט דער בריגאַדיר. ער איז אַזוי אַרום געווען דער פולער באַלעבאָס, דער פולער פאַרזאָרגער,

דער „טאַטע״ איבער די בריגאַדיניקעס. איוואַן וואַסילעוויטש כאַלאַ־דענקאָ איז געווען אַ גוטמוטיקער אוקראַינער. שטענדיק מיט אַ שמייכעלע אויפן פּנים, זאָרגפול זיך געהאַלטן, געפּלעגט זיינע אַקוראַט־פּאַרקעמטע וואָנסעלעך, מיט אַן איבערגעטריבענער העפלעכקייט האָט ער זיך שטענדיק באַגריסט און גערופן די בריגאַדניקעס אויפן נאָמען און פאָטערס נאָמען, ווי ער איז געווען געוווינט אויף דער פריי. מיר האָט ער אַלעמאָל אַנטקעגנגעטראָגן דעם „שמול דאַווידאַ־דאָוויטש״ ביי דער טרעפונג, ווענדונג. אָבער אין אים, ווייזט אויס, האָט געברענט דער ווילן דורך מיר נקמה צו נעמען פאַר אַלע יידישע עוולות, וואָס ער האָט געליטן אין זיין לעבן אויף דער פריי. איצטער, האָט ער, דער כיטרער אוקראַינער, געהאַט אַ מעגלעכ־קייט דאָס אַדורכצופירן, דאָס צו טאָן. אָן כעס, גוטמוטיק, מיט אַ שמייכעלע, אויסנוצן דאָס וואָס איז געווען אין זיין קראַפט.

מיר האָבן געאַרבעט אויף דער בויאונג פון נייע באַראַקן פאַר אונדז און אויך פאַר אַנדערע פאַרשלאָסענע, וואָס האָבן געדאַרפן קומען. מיר האָבן געבויט די באַראַקן פון שטיינער, וואָס זענען געבראַכט געוואָרן פון שטיינער־קאַריער. דאָס איז געווען אַ נייער בוי־מעטאָד, „בויען אויף פאַרפרירן״ האָט עס געהייסן; נאָרמאַל דאַרף די בויאונג פון שטיין און גיפּס־אַרבעטן ווערן געפירט זומער־צייט ביי אַ טעמפּעראַטור איבער נול גראַד. דאָ אָבער, אין וויטן צפון איז דער זומער זייער אַ קורצער, אפשר דריי חדשים. אָבער בויען מוז מען דאָך אַ גאַנץ יאָר. האָט מען געמוזט אָנווענדן דעם נייעם מעטאָד — בויען אויף פאַרפרירן. דאָס הייסט בויענדיק ווערט אַלס פאַרפרוירן. זומער־צייט וועט עס אויפטייען און זיך פאַרפעסטיקן. שפּעטער זענען אויך הייזער־בויאונגען אויף צעמענט אַדורכגעפירט געוואָרן אויף דעם זעלבן אופן. וואָס אָן אמת האָט דאָס געקאָסט אַ סך טייערער, ווייל מ׳האָט געמוזט נוצן אַ שטאַרקערן צעמענט, מער גיפּס, אָבער קיין אַנדערן אויסוועג האָט די אָנפירערשאַפט נישט געפונען.

צו דעם צוועק איז אויפן אַרבעטס־אָביעקט אויפגעשטעלט געוואָרן אַ גרויסע פּאַלאַטקע (אַ שייער באַצויגן מיט ברעזענט) אין מיטן איז געשטאַנען אַ גרויסער אויוון (אַ „בורזשויקע״), וואָס האָט זיך שטאַרק געהייצט. צום אויוון האָבן מיר געבראַכט די פאַרפרוירענע שטיינער זיי אויפצוטייען, כדי אָפּצורייניקן פון אייז און שניי, זיי זאָלן זיין ריין פאַר דער בויאונג. אויך וואַסער פאַרן „ראַסטוואָר״ (די מאַסע פון גיפּס וואָס איז געלייגט געוואָרן צווישן די שטיינער) איז געוואָרן געוואָרעמט. די ווענט פאַר די קומענדיקע באַראַקן זענען געלייגט געוואָרן פּשוט אַ שטיין אויף אַ שטיין — אַן ערך 20־25 צענטימעטער די הויך. דערנאָך זענען די שפּאַרעס צווישן די שטיינער געוואָרן

פאַרשמירט, פאַרקלעפּט מיט אַ געדיכטן „ראַסטוואַר", וואָס איז מאָ־מענטאַל פאַרפרוירן געוואָרן. שפּעטער האָט מען פאַרגאָסן דאָס שטיקל וואַנט מיט אַ שיטערן „ראַסטוואַר". אַזוי האָט מען געבויט די וואַנט שטיקלעכווייז, ביז די גאַנצע פאַרפרוירענע וואַנט איז פאַרטיק געוואָרן.

די בעסטע אַרבעט איז, פאַרשטענדלעך, געווען ביים אויוון, צו וואַרעמען דאָס וואַסער, די שטיינער און זיי אָפּרייניקן. אָט די אַרבעט האָבן געקריגן דעם בריגאַדירס פריינד, זיינע נאָענטע. ביים בויען די ווענט האָבן געמוזט זיין ספּעציאַליסטן, שטיינער־לייגערס. דאָס איז געווען די פאַראַנטוואָרטלעכסטע אַרבעט.

מיין ארבעט איז באַשטאַנען אין שלעפּן די שטיינער צום אויוון און דערנאָך אויף די רושטאָוואַניעס צו די בויער. די שטיינער האָבן מיר געטראָגן אויף „נאָסילקעס" (צו צוויי שטעקנס זענען געווען צוגע־קלאַפּט ברעטלעך, ווו אַוועקצולייגן די שטיינער) און ביי די הענט־לעך פון די שטעקנס טראָגט מען די שטיינער. פאַרשטענדלעך, אַז טראָגן די „נאָסילקעס" מיט די שטיינער האָבן געדאַרפן צוויי אַרעס־טאַנטן, ביי בידע זייטן פון דער אָנגעלאָדענער „נאָסילקע". איך האָב געקריגן אַ „נאַפּאַרניק", אַ שותף צו דער „נאָסילקע" און מיר האָבן גוט געוווּסט אונדזער אַרבעט; אונדזער אויפגאַבע: באַזאָרגן מיט שטיינער אונדזער טייל וואַנט. מיר האָבן געהאַט זייער אַ שווערע אַרבעט: ארויפלייגן די שטיינער אויף דער „נאָסילקע", זיי שלעפּן אַ פּאָר הונדערט מעטער, אַראָפּוואַרפן נעבן אויוון, ווו אַנדערע ברי־גאַדיניקעס האָבן זיי געוואַרעמט און אָפּגערייניקט. שפּעטער האָבן מיר די ריינע פאַרטיקע שטיינער ווידער געטראָגן אויף די „נאָסילקעס־צו די רושטאָוואַניעס, אויף דער בויאונג. די הענט און פיס האָבן שטאַרק וויי געטאָן נאָכן טאָג אַרבעט, דערצו זענען מיר דאָך שטענ־דיק געווען הונגעריק. איך און מיין „נאַפּאַרניק" האָבן אַ גאַנצן טאָג שווער געאַרבעט, געווויסנהאַפט. מיר זענען דאָך געווען אַ טייל פון דעם בוי־קאָנווייער. מיר האָבן דאָך געמוזט ברענגען די נויטיקע צאָל שטיינער, כדי די בויערס ביים לייגן די ווענט זאָלן נישט שטיין לידיק. מיר האָבן אונדזער אויפגאַבע צו באַזאָרגן שטיינער צו דער וואַנט אויסגעפירט אַ גאַנצן טאָג, כאָטש ס'איז אויסגעקומען צו אַר־בעטן מיט די לעצטע כוחות, מיט ביטערן שוויס.

ווי דערשטוינט בין איך אָבער געוואָרן צומאָרגנס, ווען דער בריגאַדיר האָט פאַנאַנדערגעטיילט די „פּייקעס", דאָס פאַרדינטע ברויט פאַר נעכטיקן טאָג; האָבן אַ טייל באַקומען 800 גראַם — פאַר 100 פּראָצענט, אַנדערע אַ קילאָ — פאַר 120 פּראָצענט און נאָר איך איינער האָב באַקומען 600 גראַם ברויט פאַרן „נישט אויספירן די נאָרמע". מיין „נאַפּאַרניק", וואָס האָט מיט מיר צוזאַמען געטראָגן

די שטיינער, צוזאַמען געאַרבעט אַ גאַנצן טאָג, אַלץ געטאָן צוזאַמען, האָט באַקומען 800 גראַם ברויט — פאַר 100 פראָצענט.

כ׳בין גלייך אַוועק מיט אַ טענה צום בריגאַדיר:

— פאַרוואָס? וווּ איז די גערעכטיקייט? איך האָב דאָך אַזוי גוט געאַרבעט, ווי מיין „נאַפּאַרניק״. פאַרוואָס האָב איך געקריגן ווייניקער ברויט?

איוואַן וואַסילעוויטש האָט מיר געענטפערט רואיק מיט אַ שמייכעלע:

— האָסט נישט אויסגעפירט די נאָרמע. וועסט בעסער אַרבעטן, וועסטו באַקומען מער ברויט. דו ביסט דאָך נישט אויף דער פריי. וועסט דאָ נישט מאַכן קיין שאַכער־מאַכער, ווי אייערע יידעלעך טוען דאָס אויף דער פריי.

מיין מיטאָג איז אויך געווען ערגער, ווי ביי אַנדערע בריגאַד־ניקעס. וואָס האָב איך געקענט טאָן? ביי וועמען זוכן יושר, ביי אַ קאָזאַק? ער איז טאַקע געווען אַן אוקראַיִנישער קאָזאַק.

אונדזער בריגאַדע האָט נאָך געהאַט „גליק״, וואָס די „קאַטלע־וואַנעס״ (די גריבער פאַר די פונדאַמענטן) אויף אונדזער אָביעקט זענען שוין געווען אויסגעגראָבן פון אַנדערע „זע־קאַ״. ס׳איז זייער שווער געווען דאָס גראָבן די „קאַטלעוואַנעס״ אין דער אייביק־פאַר־פרוירענער ערד, געמישט מיט שטיינער און שטיינדלעך. דאָס האָב איך זיך שפּעטער איבערצייגט, ווען ס׳איז מיר אויסגעקומען אויס־צופירן אָט די שווערע אַרבעט.

# אַ קאַטאַרגע־טאָג

דער אַרבעטס־טאָג אין לאַגער איז זייער אַ שווערער. אין פראָסט און אין הונגער, ספּעציעל ווינטער־צייט. איבער 9 חדשים אין יאָר איז דאָך דאָ, אויפן ווייטן צפון ווינטער. אונדזער לאַגער־לעבן ווערט אָנגעפירט דורכן גלאָק, אַ קלאַפּ אין אַ מעטאַלענער רעלס, וואָס הענגט נעבן דער „אורטשע" (אָפּטיילונג פון אַרבעטס־פּאַרטיילונג). אין דער פינצטערניש פון דער נאַכט, הערן מיר דעם געקלאַנג אַרום 6 פאַר־טאָג, זיך אויפצוהייבן. אויב מיר טשוכען זיך נישט אַזוי גיך אויס פונעם שלאָף און הייבן זיך נישט מאָמענטאַל אויף, איז דאָ פאַראַן אַ גאַנצער שטאַב, וואָס „העלפט" זיך אויפהייבן: דער „דניעוואַלני", דער „נאַראַטשיק" פון דער „אורטשע", וואָס שלעפּן אַראָפּ די דינע קאָלדרע, שלעפּן ביי די פיס אַראָפּ פון די נאַרעס. איך מוז אַלץ טאָן גיך, אין איילעניש, כדי צו באַוויזן זיך אויפן „ראַזוואָד" (אַרויסגעפירט צו ווערן צו דער אַרבעט). גיך וואַש איך זיך אַביסל אַרום, ס'איז אַ גרויסע רייע ביי די בלעכענע „אומיוואַלניקעס" זיך צו וואַשן. זייף איז דאָ ווייניק, דאָס שטיקעלע, וואָס מ'קריגט אויף אַ חודש, סטייעט נאָר אויף עטלעכע טעג. אין געאייל דאַרף איך אָפּעסן, שטיין אין די לאַנגע רייען מיטן מעטאַלענעם קעסעלע נאָך דעם ביסל זופּ, אַז עס בלייבט שוין נישט קיין צייט צו עסן. די אַזוי גערופענע זופּ איז אַזוי וואַסערדיק, אַז מ'קען דאָס אויסטרינקען, מ'דאַרף צו דעם נישט קיין לעפל. אַלץ דאַרף צוגיין גיך. מ'דאַרף זיך איילן דורך אַלע פרי־מאָרגנדיקע רייען (אומעטום רייען), כדי צו באַוויזן צו דער צייט צו קומען צום לאַגער־טויער, צום „ראַזוואָד". מ'יאָגט, מ'טרייבט: גיכער, גיכער! נישט צו פאַרשפּעטיקן. אויב מען פאַרשפּעטיקט יאָ, ווערט מען דערפאַר שטרענג באַשטראָפט. אויף דעם זענען דאָך פאַראַן די „נאַראַטשיקעס", קאָמענדאַנטן און אַנדערע „פרידורקעס" (וואָס אַליין אַרבעטן זיי נישט, נאָר טרייבן און היטן די אָרדענונג), וואָס שלעפּן אונדז מיט זידלערייען און געשרייען. קלעפּ פעלט אויך נישט. די 'ביטאָוויקעס' (קרימינעלע) זענען אין גרעסטן טייל די טרייבערס, זיי זענען דאָס די באַגלייבטע, צו זיי האָט די לאַגער־אָנפירערשאַפט דעם פולן צוטרוי און זיי האָבן אַ סאַדיסטישע הנאה אונדז צו טרייבן...

ביים באַלויכטענעם מיט גרויסע עלעקטרישע לאָמפּן לאַגער־טויער

הייבט זיך אָן דער „ראַזוואָד״ (דאָס ארויספירן צו דער אַרבעט). די אַרעסטאַנטן שטעלן זיך אויס לויט זייערע בריגאַדעס. אַן אָרקעסטער שפּילט פריילעכע מאַרשן.

ביים אָפענעם לאַגער־טויער וואַרטן אויף אונדז די באַוואָפנטע וועכטער, וואָס דאַרפן אונדז פירן צו דער אַרבעט. מ׳פירט אונדז ארויס אויף דער אַנדערער זייט טויער. דאָ ווערן מיר ווידער געציילט און יעדן טאָג הערן מיר פון דער באַוואָפנטער וואָך די זעלבע וואָרע־נונג, ווי אַ תפילה: אַ טריט פאָרויס, אַ טריט אויף רעכטס אָדער אויף לינקס ווערט גערעכנט, ווי אַ פּרווו צו אַנטלויפן און עס ווערט אָנגעווענדט געווער אָן שום וואָרענונג! „פּאָניאַלי״? (פאַרשטאַנען?)

און מיר אַלע דאַרפן ענטפערן אין כאָר:

— „פּאָניאַטנאָ״! (פאַרשטענדלעך!)

אַז די וואָך וועט אָנווענדן געווער אָן אַ וואָרענונג קען מען זיי גלייבן, ווייל אַזעלכעס האָט שוין ניט איינמאָל געטראָפן. ס׳הייבט זיך אָן דער וועג צו דער אַרבעט. דער ארום איז איינגעהילט אין פינצטערניש. נאָר אַוועקגייענדיק פון די העל־באַלויכטעטע לאַגער־טויערן באַגעגנט אונדז די נאַכט. דער פראָסט, אין גרעסטן טייל פון יאָר איז גרויס. אינעם אָפענעם פעלד איז נאָך קעלטער, דערצו נאָך דער שניידיקער ווינט. דאָס אָנטועכץ איז נעבעכדיק, גאָרנישט צוגעפּאַסט צו אַזאַ וועטער, און עס קען ניט פאַרהיטן פון קעלט און אוודאי ניט אָנצוואַרעמען דעם קערפּער. אויך דער אומאויפהערלעכער הונגער מאַטערט און נאַגט ביים האַרצן. מיר שפּאַנען ארומגערינגלט פון אַ באַוואָפנטער וואַך צו 5 אין אַ ריי, נאָענט איין ריי נאָך דער אַנדערער. אויב שטייט עמעצער אָפּ פון דער ריי, פאַרדינט ער, אין בעסטן פאַל אַ געשריי:

— „פּאַטיאַניס״! (זיך אונטערציען, זיך אויסגלייכן!) און אָפטמאָל אַ שטופּ אונטער מיט אַ באַגנעטיקער ביסק. אַמערגסטן זענען די טאַטאַרישע, אָדער אוקראַיִנישע וועכטערס, זיי ווילן זיך גיך דער־דינען, אויף אונדזער חשבון, צו אַ העכערער ראַנגע („טשין״). זיי זענען מער ברוטאַל, אָבער די רוסישע „סטרעלקעס״ פאָדערן אויך אַן אייזערנע דיסציפּלין. מיר מאַרשירן אין דער חושך פון דער נאַכט. די צפון־קעלט דערגרייכט אָפטמאָל ביז 40 גראַד פראָסט (איבער 40 הייסט שוין „אַקטירט״, מ׳פירט ניט אויף עפנטלעכע אַרבעטן), דער ווינט שמייסט אין פּנים און ס׳פרירן אלע אברים.

אין „סטראָי״ (בעתן מאַרשירן) איז פאַרבאָטן צו רעדן צווישן זיך, אָבער טראַכטן קען קיינער מיר ניט פאַרווערן: כ׳בין געוואָרן פאַרמשפּט, פאַרשטויסן, איזאָלירט פון דער געזעלשאַפט, פאַרשיקט

אין עק וועלט. פאַרוואָס? פאַר וועלכע זינד? ווער האָט מיך געמשפּט?...
אַלץ איז דאָך פאָרגעקומען אָן מיין באַטייליקונג. צי האָב איך געהאַט אַ מעגלעכקייט זיך צו פאַרטיידיקן? צו דערווייזן מיין אומשולד? כ'וויל נישט טראַכטן וועגן דעם אַלעם, ווייל דאָס מאַכט שווערער ס'געמיט, די שטימונג — נאָר די מחשבות קומען אַליין, קריכן אין קאָפּ, ווי זלידנע פליגן.

דער מאַטערנדיקער וועג פון פיר אָדער פינף קילאָמעטער ציט זיך ווי אַן אייביקייט. ס'הערט זיך נאָר דאָס טופּען פון די אַרעסטאַנט־סקע פיס און דאָס בייזע געשריי פון דער באַוואָפנטער וואַך:

— זיך אונטערציען! נישט רעדן!

זענען מיר קוים מיט צרות אָנגעקומען אויפן אַרבעטס־אָרט.

די וואַך שטעלט אַרום דעם אַרבעטס־פּלאַץ מיט פלעקענער — דאָס איז די דערלויבטע זאָנע, דאָס אָרט, ווו מיר האָבן רעכט זיך באַוועגן. מיר באַקומען גלייך אַ שטרענגע וואָרענונג פון דער וואַך:

— אפילו איין טריט אויסער דער אָנגעצייכנטער זאָנע, ווערט גערעכנט ווי אַ פּרווו צו אַנטלויפן און מיר וועלן שיסן אָן אַ וואָר־רענונג!

דאָס אַרבעטס־אָרט איז באַלויכטן מיט עלעקטרישע ליכט ביז ס'ווערט טאָג.

אינעם ווייטן צפון, ווו איך האָב זיך געפונען, איז ווינטער־צייט זייער אַ קורצער טאָג (אויב בכלל מען קען עס אָנרופן „טאָג"). מער־ווייניק אַזייגער 11 אינדערפרי ווערט אַביסל ליכטיק, ווי אין נאָרמאַלע ערטער אין אָונט, אָבער אַ זייגער 4־5 ווערט שוין צוריק פינצטער, צוריק נאַכט. אין די געגנטן איז אין ווינטער־צייט כמעט אַ גאַנצן מעת־לעת נאַכט. דאַקעגן אין דער צייט פון קורצן זומער איז כמעט דער גאַנצער מעת־לעת טאָג — „די ווייסע נעכט" — רופט מען דאָס.

די ערשטע צייט איז געווען זייער שווער זיך צוצוגעוווינען צו דעם פאַר אונדז נישט נאָרמאַלן קלימאַט. נאָר וואָס האָבן מיר געקענט טאָן? צו אַלעם האָבן מיר זיך געמוזט צוגעוווינען: צום אַרעסטאַנטסקען לעבן, צו שווערער אַרבעט, באַגלייט מיט באַלידיקונגען, הונגער, ענג־שאַפט און אפילו קלעפּ. כ'האָב זיך געמוזט צוגעוווינען אָדער אונ־טערגיין.

עס הויבט זיך אָן אַ לאַנגער, שווערער טאָג אַרבעט; מ'מוז אויס־פירן אַ גרויסע איבערמענטשלעכע אַרבעטס־נאָרמע. כ'האָב איבער זיך פיל באַלעבאַטים: דער הויפּט־באַלעבאָס איז דער בריגאַדיר: דאַן דער געהילפס־בריגאַדיר און דער „סטרעלאָק" (די וואַך) פילט אויך אויף זיך אַ חוב אונטערצוריאָגן, אונטערצוטרייבן. כ'פיל זיך טאַקע ווי אַ גע־

יאָגטער געפּלאָגטער הונט. מיט די לעצטע כּוחות מוז איך האַרעווען. כ׳אָטעם אָפּ פרייער, ווען עס קומט די קאָמאַנדע: זיך גרייטן צוריק־צוגיין! אויב דער וועג צו דער אַרבעט איז געווען אַ שווע־רער, איז דער צוריקוועג פון דער אַרבעט, אין דער שטאָק־פינצטער־ניש, פיל, פיל שווערער. מיד פון דעם שווערן אַרבעטס־טאָג, שלעפּ איך קוים די פיס. די באַוואָפנטע סאָלדאַטן, וואָס פירן אונדז, זענען בייז אַקוראַט ווי די ווילדע הינט. זיי איילן זיך אהיים צו זייער זאַטן מאָלצייט... קענען זיי דען פאַרשטיין, ווילן זיי דען פאַרשטיין, אַז מיר זענען מיד, פאַרמאַטערט פון דער שווערער אַרבעט און מיר קענען נישט גיין אַזוי גיך, ווי זיי ווילט זיך? אין די ערשטע רייען גייען דער בריגאַדיר און זיינע נאָענטע. זיי גייען גיכער, זיי זענען דאָך נישט אַזוי פאַרמאַטערט, זיי האָבן דאָך דורכן טאָג נישט שטאַרק שווער געהאָרעוועט. די לעצטע רייען שטייען אָפּ אין גאַנג. אָן איבעררייס הערט זיך דער בייזער געשריי פון דער וואָך:

— גיכער! זיך אונטערציען! און די אָפּשטייענדיקע פאַרדינען אַ שטויס מיט דער ביקס. מיט די לעצטע כּוחות דערשלעפּן מיר זיך צום לאַגער, צום וואַך־פּאָסטן. דאָ הייבט זיך אָן די פּראָצעדור פון באַזוכן. צי טראָגט מען נישט „עפּעס" אַריין אין לאַגער? ווי אַזוי קענען מיר עפּעס אריינטראָגן, אַז מיר זענען געווען אַ גאַנצן טאָג באַוואַכט? אַלצאיינס, ביי זיי איז נישטאָ וואָס צו זוכן קיין לאָגיק. אויפן ברענענדיקן פראָסט מוז מען צעקנעפּלען דאָס אָנטועכץ. זיי באַטאַפּן, נישטערן אַלץ אויף אונדז ביזן לייב. מ׳זוכט... נאָר מ׳זוכט...

איינקע בריגאַדניקעס האָבן געגומען אויף דער בויאונג שפּע־נער, האַלץ־אָפּפאַל, לויט דער אָנווייזונג פון בריגאַדיר, צו הייצן דעם אויוון אין באַראַק. אונדזער וואַך האָט דאָס נישט פאַרוועהרט. אַ גאַנצן וועג האָט מען דאָס געשלעפּט, כּדי אין באַראַק זאָל זיין אַביסל וואַרעמער. ביים „אָביסק" (רעוויזיע) ווערט דאָס האָלץ צוגעע־נומען דורך דעם וואַך־פּאָסטן פאַר זייער אייגענעם געברויך, צו באַהייצן זייער וועכטער־בודקע. נאָר איין בינטל, דעם בריגאַדירס, לאָזן זיי אַדורך. גיי זוך ביי זיי יושר.

מיר זענען שוין די רעוויזיע אויך אַדורכגעקומען, מיר זענען שוין „פריי", באַפרייט נאָר פון דער באַוואָפנטער וואַך, צוריק אין אַרעסטאַנטן־לאַגער. כ׳לויף זיך אַביסל אַרומוואַשן, קיין זייף איז נישטאָ, כאַטש מיט אַ ביסל וואַסער איינגעצן די הענט, דאָס פּנים. אַ גרויסע רייע ביי די וואַסער־קראַנען. אַלע קומען אין איין צייט און אַלע ווילן זיך וואָס גיכער ארומוואַשן. דערנאָך דאַרף מען אויס־שטיין אַ גרויסע רייע נאָכן ביסל זופּ, אַ מוטנע ביסל וואַסער, וואָס זעלטן שווימט דאָרט אַרום אַ שטיקל קאַרטאָפל אָדער אַ שטיקל

קרויט. די זופּ איז וואַרעם, אָבער ווייניק זעטיק. אומעטום רייען, נאָר רייען.

אַ שווערער אַרעסטאַנטסקער טאָג איז אדורך... וויפל נאָך אזעלכע טעג שטייען מיר פאָר, וויפיל וועל איך זיי נאָך האָבן פאַר מיינע 10 יאָר קאַטאָרגע־לאַגער? צי לוינט זיך זיי צו ציילן? צי וועל איך בכלל דאָס קענען אויסהאַלטן? שווערע מחשבות קריכן אין קאָפּ. איך טרייב פון זיך די געדאַנקען, אָבער זיי לאָזן נישט אָפּ, זיי קו־מען ווידער און ווידער...

## מ׳טרייבט אין באָד אריין...

כ׳האָב געלייענט אַמאָל ביי שלום־עליכם׳ען, אַז צווישן די גרויסע תענוגים, די גרעסטע פאַרגעניגנס, וואָס מ׳קען פאַרגלייכן מיטן גן־עדן אויף דער ערד איז די... באָד. וואָס קאָן נאָך זיין אַ גרעסער פאַר־געניגן, ווי ערב שבת זיך צו וואַשן אויף דער אויבערשטער באַנק אין באָד? — די פּאַרע שלאָגט, וואַרעמט אַלע גלידער און דערצו שמייסט מען זיך נאָך מיטן בעזעמל? איז דאָך דאָס טאַקע טעם גן־עדן, אַן אמתער גן־עדן התחתון, אַ גן־עדן אויף דער ערד.

דאָס האָב איך זיך דערמאָנט טאַקע, ווען מ׳האָט אונדז געטריבן אין באָד אריין דאָרטן, אין וויטן נאָרילסק, אין פּאָליאַר־־קרייז, ווען כ׳בין געווען דאָרטן אַ זע־קאַ.

אויף דער גיך האָט מען געבויט און אויפגעשטעלט אַט דעם לאַגער אויפן וויטן צפון. בויען איז נישט געווען ווען. אַרעסטאַנטן זענען יעדן טאָג צוגעקומען זייער פיל. דאָס איז געווען אין די יאָרן 1937־38, אין דער צייט פון דער „גרויסער רייניקונג״ (די טשיסטקע״), ווען יעדער טאָג האָט געבראַכט טויזנטער און טויזנטער אַרעסטאַנטן פון די תפיסות גלייך אין די לאַגערן אריין. ס׳האָט נישט געסטייעט קיין מאַטעריאַלן און צייט זיי איינצואָרדענען און באַזאָרגן מיט די מינימאַלסטע לעבנס־באַדינגונגען.

ווען מ׳האָט אונדז געבראַכט אין נאָרילסקער לאַגער האָבן זיך דאָרט געפונען דריי לאַגער־פּונקטן אויף דעם שטח. בערך אַנדער־האַלבן־צוויי קילאָמעטער איינער פון אַנדערן, געמויערטע, גאַנץ פיינע הייזער זענען געווען אויפגעבויט פאַר דער אַנפירערשאַפט פון לאַגער: פאַר דער „אורטשע״ („אַרבעטס־פּאַרטיילונג אָפּטיילונג) „קאוועטשע״ (קולטור־אָפּטיילונג), „קאַפּטיאַרקע״ (סקלאַדעס פון אָנטועכץ און שפּייז). ס׳זענען אויך געווען צייטווייליק־צונויפגעקלאַפּטע

באַראַקן צום וווינען. אַ קיך אָן אַ „סטאָלאָווע" (עס־צימער), דאָס איז דווקא נישט קיין אומגליק, מ׳קען עסן אין די וווינונגס־באַראַקן אויך. א סך ערגער אָבער איז געווען צוליב דער באָד. דאָס הייסט אָן דער באָד. איך האָב זיך געפונען אויפן 2־טן לאַגער־פונקט, אָבער אַ באָד פאַר אַלע דריי לאַגער־פונקטן איז געוואָרן אויפגעבויט אויפן ערשטן לאַגער־פונקט. פונעם צווייטן און אויך פון דריטן לאַגער־פונקט האָט מען געדאַרפט פירן די אַרעסטאַנטן, אונטער אַ וואַך, פאַרשטייט זיך, צו דער באָד.

אין שווערן, קאַלטן קלימאַט פון וויטן צפון, ווו עס הערשן גרויסע פרעסט מיט שניידיקע ווינטן, אין גרעסטן טייל פון יאָר, און נאָך שטאַרקער אין אָוונט — טרייבט מען אין באָד אריין דווקא אין אָוונט — מידע נאָך אַ שווערן אַרבעטס־טאָג. קוים באַוויזן אָפּצועסן, הערט זיך אין באַראַק די קאָמאַנדע:

— שנעל זיך צוגרייטן אין באָד אריין!

באַלד הייבט זיך אָן דאָס ארויסטרייבן פון די באַראַקן אין פראָסטיגן דרויסן. מיר שטייען און וואַרטן ביז ס׳וועט זיך צונויפקלייבן די גרופע פון דריי בריגאַדעס — ביי אַ הונדערט אַרעסטאַנטן. אייניקע האָבן נאָך נישט באַוויזן צו ענדיקן דאָס עסן. אומעטום זענען דאָך גרויסע רייען; אַנדערע האָבן זיך נאָך נישט אויסגעפּאַרעט און טייל קען מען סתם נישט געפינען — זיי באַהאַלטן זיך אויס. דערוויל וואַרטן מיר אין דרויסן. די הענט פרירן, די קעלט נעמט אַדורך דעם גאַנצן קערפּער. קוים מיט צרות האָט מען שוין די גרופע צונויפגעטריבן. דאַן ווערט געגעבן די פאַראָרדענונג, אַז מיר זאָלן זיך אויסשטעלן אין רייען צו פינף. די וואַך ציילט אונדז איבער און מיר מאַרשירן צום לאַגער־טויער. דאָ ציילן אונדז די טויער־וועכטער, מ׳באַזוכט אונדז, מיר מוזן צעקנעפּלען דאָס גאַנצע אָנטועכץ אויפן פראָסט. מ׳זוכט צי מיר טראָגן נישט עפּעס אַרויס פון לאַגער. וואָס קענען מיר, מ׳שטיינס געזאָגט, אַרויסטראָגן פון איין לאַגער־פונקט צום צווייטן?...

אונטער אַ שטרענגער, באַוואָפנטער וואַך מיט אויסגעשטרעקטע ביקסן, ווי אינדערפרי צו דער אַרבעט, הייבט זיך אָן דער וועג אין באָד אריין. אין שפּעטן אָוונט איז אָבער פינצטערער אין קעלטער ווי אין דער פרי. מיר שפּאַנען אַדורך אַ מאַטערנדיקן וועג באַגלייט מיט געשרייען פון „קאָנוואָי" צו היטן די גלייכקייט פון די רייען. דער וועג איז טאַקע נישט מער פון צוויי קילאָמעטער, אָבער ס׳דוכט זיך, אַז ער איז מיילן־וויט.

אַזוי פירט מען אונדז: מ׳טרייבט אונדז, ווי די בהמות צום לאַגער־פונקט ווו ס׳געפינט זיך די באָד.

ביים וואַך־פּאָסטן פון ערשטן לאַגער־פּונקט הייבט זיך ווידער אָן אַ ציילעניש. מיר דאַרפן זיך ווידער צעקנעפּלען, מ׳באַזוכט אונדז ווידער. וואָס איז דען דאָ איצטער צו זוכן, ארויסגייענדיק פון אונדזער לאַגער האָט מען דאָך אונדז באַזוכט און דעם וועג זענען מיר געגאַנגען אונטערן „קאָנוואַי״? מיר ווערן אַריינגעפירט אין לאַגער און גלייך צו דער באָד־געביידע. דאָ צעטיילט מען אונדז אויף צוויי גרופּן. אַלע — ביי הונדערט מענטשן — קענען זיך נישט אויסבאָדן צוזאַמען, די באָד איז צו קליין. די ערשטע גרופּע גייט אריין אין דער באָד און די צווייטע גרופּע — אַ העלפט — דאַרף וואַרטן אינדרויסן. איך בין אַריינגעפאַלן אין דער צווייטער גרופּע. שטייען מיר אויפן פּראָסט ביז די ערשטע גרופּע וועט זיך אויסבאָדן. מיר ווערן אַדורכגעפרוירן, קלאַפּן אַ האַנט אין אַ האַנט, טופּען מיט די פיס זיך צו דערוואַרעמען. לסוף דערוואַרטן מיר זיך אונדזער ריי.

— זיך צוגרייטן! — הערט זיך אַ קאָמאַנדע.

די אויסגעבאָדענע קומען אַרויס פאַרשוויצטע. זיי דאַרפן וואַרטן אויפן פּראָסט ביז מיר, די צווייטע פּאַרטיע, וועט זיך אויסבאָדן. בכלל דויערט דאָס באָדן זיך נישט אזוי לאַנג, אַלע איילן, ספּעציעל די וואַך. זיי ווילן שוין גיכער גיין אהיים. אויך די אויסגעבאָדענע איילן זיך, זיי ווילן שוין וואָס גיכער קומען צום אָפּרו. אונדזער גרופּע איילט זיך אויך; מידע פון שווערן טאָג אַרבעט, מידע פון וועג, אויך פון דער וואַרטעניש אריינצוקומען אין דער באָד. אין איילעניש טוען מיר זיך אויס, איינער יאָגט אונטער דעם צווייטן. דאָס אָנטועכץ ווערט צוגעטשעפּעט אויף דראָטענע רינגען, דערנאָך אויף דרענגער אָנגעהאָנגען ווערט עס אַוועקגעטראָגן אין דער „דושעגובקע״ (אַזאַ אויוון־דיזענפעקציע), ווו אַלע חיהלעך, די לייז, דאַרפן פאַרברענט ווערן. אויך אַרבעט אַ שערער און מיט אַ מאַשינקע שערט ער ארום אַלע ערטער ווו ס׳געפינען זיך האָר — פון קאָפּ ביז די פיס.

אריינגייענדיק אין דעם באָד־צימער שטייט ביי דער טיר אַ דיזשורנער מיט אַ טאַזיק (אַ כלי) שיטערע זייף און מיט אַ לעפל גיט ער אַ שמיר אַ פּאַרציע, אַ לעפל שיטערע זייף אויף יעדנס קאָפּ אַרויף. דאָס דאַרף זיין גענוג זיך אַרומצוּוואַשן. ס׳ווערט געמאָלדן, אַז יעדערער קען באַקומען נאָר 2 טאַזיקעס (שעפּלעך) וואַרעמע וואַסער. אַ מענטש ביים וואַסער־קראַן גיט ארויס דאָס וואַסער אויף ספּעציעלע מעטאַלענע טאַלאָנען. נישט שטענדיק איז דאָ גענוג וואַרעם וואַסער פאַר יעדן אויף צוויי טאַזיקעס, און אָפט באַוויזט מען נישט צו דער צייט אָפּצוּוואַשן דעם אָנגעזייפטן קערפּער ווייל ס׳פעלט אויס וואַרעם וואַסער. מוז מען מיט שניידיקע קאַלטע וואַסער די זייף אָפּוואַשן. געענדיקט זיך וואַשן, ברענגט מען דאָס הייסע אָנטועכץ

פון דער „דושעגובקע". פאַר אונדז איז דאָס אַנטאָן זייער הייס, ס'בריט ממש, אָבער פאַר די ליט אין די נענט פון אונדזערע שמאַטעס ווייס איך נישט אויף זיכער צי עס איז געוועזן גענוג היץ זיי צו פאַר־ניכטן. נישט שטענדיק ווערן זיי אויסגעראָטן. מיר באַקומען ריינע וועש.

נאָסע, פאַרשוויצטע גייען מיר אַרויס פון דער באָד אין קאַלטן דרויסן. מ'פירט אונדז צוריק אין אונדזער לאַגער שוין שפּעט אין דער נאַכט, מערסטנס אין פראָסט און ווינט.

אונדזער וואַך, די „סטרעלקעס" זענען אין כעס, זיי איילן זיך אהיים. זיי יאָגן אונדז אונטער מיר זאָלן גיין גיכער. די אָפּשטייענ־דיקע שטופּן זיי אונטער מיט זייערע שטיקעס פון די ביקסן מיט געשרייען:

— זיך אונטערציען! גיכער! גיכער!

שטאַר"ק פאַרמאַטערטע קומען מיר אהיים צוריק אין לאַגער אַריין. ס'איז שוין ווייניק פאַרבליבן צייט צו שלאָפן. פאַרטאָג וועט מען אונדז וועקן, זיך גיכער אויפצוהייבן צו דער קאַטאָרגע־אַרבעט.

ס'איז טאַקע נישט קיין ווונדער פאַרוואָס פיל זע־קאָ באַמיען זיך אויסצומיידן צו גיין אין באָד אַריין, אַדורכגיין אַזאַ מאַטערניש. דאָס גיין אין באָד אריין איינמאָל אין חודש איז טאַקע אַ גרויס אָפּ־קומעניש. באַהאַלטן זיי זיך טאַקע אויס פון דער באָד. ווערן זיי דער־פאַר פאַראומרייניקט, פאַרלייזיקט און זיי שטעקן אָן דערמיט אַנדערע.

צו גיין אין באָד אריין איז נישט גוט, נישט צו גיין איז אָבער נאָר ערגער...

דערפאַר האָט זיך מיר דערמאָנט ביים גיין אין דער נאַריל־סקער באָד, אַז אונדזער גרויסער שלום־עליכם האָט פאַרגליכן די באָד צו אַ גן־עדן אויף דער ערד, אָבער „זיי", די סאָוויעטישע לאַגער־פירער, האָבן אפילו פון דער באָד געקענט מאַכן אַ גיהנום אויף דער ערד...

## געוועזענע פּוילישע קאָמוניסטן אין לאַגער ווערן „איזאָלירט“

קיין צייטונגען האָבן מיר אין לאַגער נישט באַקומען. בכלל איז געווען זייער שווער צו קריגן פּאַפּיר. אפילו אַן אַלטע צייטונג פון וועלכער מ׳האָט געקענט דרייען מאַכאָרקע־פּאַפּיראָסן איז געווען אַ גאַנצער אוצר, פאַר וועלכן מ׳האָט געקענט אויסטוישן אויף ברויט. קיין ראַדיאָ האָבן מיר אין לאַגער אויך נישט געהאַט. שפּעטער, מלחמה־צייט, האָט מען יאָ איינגעפירט ראַדיאָ־הילכערס, כדי איבער־צוגעבן די „סוואָדקעס“ (ידיעות) פון פראָנט. נייעסן זענען פאָרט צו אונדז דערגאַנגען: אָדער ווען עמעצער האָט אַ פּעקל פּראָדוקטן באַקו־מען און דאָס איז געווען פאַרוויקלט אין אַלטע צייטונגען, אָדער ווערטער וואָס זענען געוואָרן אויפגעכאַפּט פון די פרייע בירגער מיט וועלכע ס׳איז אויסגעקומען ביי דער אַרבעט צו זיין אין באַרירונג. ס׳זענען פאָרט צו אונדז דערגאַנגען נייעסן, א סך מאָל אינטערנאַ־ציאָנאַלע און אויך וואָס ס׳הערט זיך אין לאַנד.

מיר האָבן שוין געוווּסט, אז די משפּטים אין 1937־38, די עפּנט־לעכע געריכטן איבער די „שונאים פון פאָלק“ האָבן זיך שוין פאַר־ענדיקט. אויך די מאַסן־אַרעסטן האָבן זיך אַביסל אָפּגעשטעלט. איצ־טער האָבן מיר געזוכט סימנים, געהאַט האָפענונגען, אַז אפשר וועט מען איבערקוקן אונדזערע ענינים; באַגנעדיקן; באַפרייען?... געלעבט מיט האָפענונג.

שפּעטער האָבן מיר זיך דערוווּסט, אַז ס׳איז געוואָרן געשלאָסן אַ פריינדשאַפטס־אָפּמאַך צווישן סאָוויעט־רוסלאַנד און נאַצי־דייטשלאַנד. ס׳איז אויך צו אונדז דערגאַנגען די ידיעה, אַז דייטשלאַנד האָט פאַרכאַפּט פּוילן אין 1939 און דאָס צעטיילט מיטן נייעם פריינד — סאָוויעט־רוסלאַנד.

מ׳האָט נישט געדאַרפט זיין קיין גרויסער פּאָליטיקער צו באַ־מערקן, אז די באַציאונג צו די געוועזענע פּוילישע בירגער אין לאַגער האָט זיך פאַרערגערט, פאַרשאַרפט... ספּעציעל האָט זיך דאָס גלייך געלאָזט באַמערקן מצד די אונטערוועלטניקעס, די „אורקעס“, וואָס זענען געווען אין דער אַנפירערשאַפט. אויב פריער האָבן זיי אונדז גערופן:

— פאַשיסט! קאַנטריק! — האָבן זיי איצטער מיט פאַרקריצטע ציין, פול מיט האַס שוין צוגעגעבן:

— פאַלסקי פאַשיסט; פאַלסקי קאַנטריק! דאָס מיינט, אַז דער „פאַלסקי", איז שוין עפּעס ערגערס, שרעקלעכערס, ווי אַ געוויינלעכער פאַשיסט אָדער קאַנטריק.

קענענדיק די לאַגער־באַדינגונגען האָט מען געפילט אין דער לופט, אין דער שטימונג, אין דער באַציאונג פון דער נאַטשאַלסטווע, אַז ס'גרייט זיך „עפּעס" נאָך דער צעטיילונג פון פוילן צווישן די פריינד דייטשלאַנד און ר"פ. אַז דאָס וועט האָבן וועלכע ס'איז אויסווירקונג אויך אויף די געוועזענע פוילישע בירגער. ס'זענען געווען אין לאַגער אַ געוויסע צאָל געוועזענע פוילישע קאָמוניסטן. עטלעכע פון זיי זענען געווען אין אונדזער באַראַק. פיל פאַרדינסטפולע פוילישע קאָמוניסטן זענען דאַן געוואָרן פאַרשפאַרט און טייל דערמאָרדעט.

מיין פאַרגעפיל האָט מיך נישט אָפּגענאַרט.

אין איינער אַ נאַכט (אַלע „אַקציעס", אַרעסטן פלעגן אַדורכגעפירט ווערן דורך דער נ.ק.וו.ד., סיי צווישן פרייע בירגער און אויך צווישן פאַרשלאָסענע נאָר ביינאַכט), ווען מיר זענען שוין געווען גרייט זיך צו לייגן שלאָפן, איז אריין אין באַראַק אַ גאַנצע סוויטע. פאַרויס דער „נאַראַטשיק" מיטן קאָמענדאַנט און מיט זיי צוויי מונדירטע פון דריטן אָפּטייל (נ.ק.וו.ד. אין לאַגער). זיי האָבן געהאַלטן אין האַנט אַ צעטל מיט צוגעגרייטע נעמען, וועמען זיי דאַרפן צונעמען מיט זיך, וועמען זיי זוכן. קיינער, פאַרשטענדלעך, האָט זיך שוין נישט געלייגט שלאָפן. אויב עמיצער האָט זיך יאָ צוגעלייגט, האָט מען אים אויפגעוועקט.

וואָס וועט דאָ פאָרקומען, נאָך וועמען זענען זיי געקומען? — איז יעדערער אין שרעק. אַלע דאָ זענען דאָך פאַרשלאָסענע, פאַר־אורטיילטע, באַשטראָפטע. וואָס קען דען שוין זיין ערגער? ווייזט אויס, אַז פאַר די פאַרשלאָסענע, וואָס זייערע נעמען געפינען זיך אין דער ליסטע פון נ.ק.וו.ד. — פאַר זיי איז דאָ „דער ערגער". איי־נער פון די מונדירטע רופט אַרויס דעם ערשטן פאַמיליע־נאָמען פון צעטל, דאָס איז אַ נאָמען פון אַ געוועזענעם פוילישן קאָמוניסט. די איבעריקע זע־קאָ פאַרשטייען שוין וואָס פאַרא קאַטעגאָריע מ'דאַרף דאָ, ווער ס'ווערט געזוכט, און זיי אָטעמען אָפּ פרייער.

נאָר עטלעכע געציילטע מינוטן האָט געדויערט די פּראָצעדור פון אויסרופן די נעמען. דער קאָמענדאַנט שלעפּט גלייך אַראָפּ די קאַצן פון די קרבנות מיט אַ באַפעל:

— גיך זיך צוגרייטן מיט די זאַכן!

כ׳ליג אויף מיין נאַרע אין שרעק: צי איך בין אויך אפשר דאָ אין דעם צעטל מיט די נעמען? צי נעמט מען בלויז געוועזענע פּוילישע קאָמוניסטן, צי אויך געוועזענע פּוילישע בירגער? ס׳לויפן מיר אַדורך אין געדאַנק די אומצאָליקע אויספאַרשונגען פאַר דער גאַנצער צייט, די אומצאָליקע אויטאָביאָ־גראַפיעס, וואָס איך האָב געשריבן, אָנהייבנדיק פון 1933־טן יאָר. צי איז דאָרטן גאָרנישט געווען וועגן מיין אָנגעהעריקייט צו דער קאָמוניסטישער באַוועגונג? דוכט זיך אַז נישט? די שרעק אָבער טרעט נישט אָפּ. ווי מיט האַמערס קלאַפּט דאָס האַרץ, אַ קאַלטער שווייס באַגיסט דעם שטערן: צי בין איך אין דער ליסטע? לויט דער באַציאונג פון קאָמענדאַנט און די נ.ק.וו.ד.־לייט, לויט זייער שטרענגקייט איז קענטיק, אַז קיין גוטס דערוואַרט נישט די ארויסגע־רופענע. כ׳האָב געהאַט עטלעכע זייער שווערע מינוטן. כ׳בין דאָס מאָל אָפּגעקומען בלויז מיט שרעק: מיין נאָמען האָט זיך נישט „גע־טשיסלעט" (גערעכנט) ווי אַ געוועזענער פּוילישער קאָמוניסט, נאָר ווי אַ געוועזענער פּוילישער בירגער. דאָס איז געווען מיין גליק. זיין אַ געוועזענער פּוילישער קאָמוניסט איז דאַן געווען אַ גרעסערער „פאַרברעכן" ווי זיין אַ פּוילישער בירגער. מ׳האָט די אַרויסגערופענע, די אומגליקלעכע אַוועקגעפירט אין דער נאַכט.

מער האָט מען זיי אין לאַגער נישט געזען...

ס׳זענען אַרומגעגאַנגען קלאַנגען, אַז די אַרויסגערופענע, די געוועזענע פּוילישע קאָמוניסטן האָבן געפונען זייער רו אין דער טונדרע פון דער פאַרפרוירענער ערד אויפן וויטן צפון...

## כ׳באַשלים צו... שטרייקן

מיין בריגאַדיר, איוואַן וואַסילעוויטש כאַלאַדענקאָ, זעצט פאַר זיין שטילע, כיטרע פּאָליטיק פון נקמה נעמען אין מיר פאַר אַלע עוולות וואָס ער האָט אַמאָל געהאַט פון יידן. מיין ברויט־פּאַיאָק איז נישט מער ווי 600 גראַם, ווייל איך אַרבעט כלומרשט נישט אויס די נאָרמע. ווי שטאַרק כ׳זאָל זיך נישט באַמיען, ווי שווער און איבער־געגעבן כ׳זאָל נישט אַרבעטן, העלפט עס נישט. איך פּרוביר דערוויזן מיין בריגאַדיר, אַז ער איז אומגערעכט: מיר, איך און מיין „נאַפּאַרניק" אַרבעטן דאָך צוזאַמען, לאָדענען די שטיינער אויף דער „נאָסילקע", שלעפּן די שטיינער צוזאַמען און ער קריגט 800 גראַם ברויט און

אַ לעפל קאַשע צו דער זופּ און איך קריג נאָר 600 גראַם ברויט און אַ זופּ, אָן דער קאַשע. מיר דוכט זיך, אַז ווען איך וואָלט געקריגן נאָך די 200 גראַם ברויט און די קאַשע, וואָס איך האָב ערלעך פאַר־דינט, וואָלט איך נישט געווען אַזוי הונגעריק. ס׳העלפט נישט מיין רעדן, עס ווירקן נישט אויף מיין בריגאַדיר קיין שום אויפקלערונגען, כאָטש שריי חי־וקים.

האָב איך זיך אָנגענומען מיט מוט און דרייסטקייט און אַוועק מיט אַן אָנקלאַגע צו די העכערע אינסטאַנצן אין דער „אורטשע״, צום נאַטשאַלניק, וואָס איז דער באַלעבאָס איבער די בריגאַדירן. כ׳לייג פאַר אים אויס מיין טענה, אַז דער בריגאַדיר באַעוולט מיך, כ׳אַרבעט שווער און כ׳באַקום נאָר 600 גראַם ברויט. דער ענטפער זיינער איז אַ קורצער און סטאַנדאַרטנער:

— דער בריגאַדיר ווייסט וואָס ער טוט! ער שאַצט דיין אַרבעט נישט דו!

איך בעט דעם נאַטשאַלניק מיך אַריבערפירן אין אַ צווייטער בריגאַדע.

דער ענטפער איז אַ בייזער און מיט זידלעריי:

— דאָרטן זאָלסטו אַרבעטן, וווּ מען שיקט דיך! דו וועסט אונדז נישט זאָגן קיין דעה אין וועלכער בריגאַדע מיר זאָלן דיך שיקן! און ווי געוויינטלעך איז דאָס באַשמאַלצן מיט אַ „מאַט״.

וואָס איז מיר פאַרבליבן צו טאָן? דער כעס האָט אין מיר גע־ברענט, אַלץ האָט זיך אין מיר געוואָרפן. כ׳האָב נישט געוואָלט שלום מאַכן מיט מיין לאַגע. אַלץ האָט זיך אין מיר געבונטעוועט קעגן דעם הפקר־סיסטעם אין לאַגער, וואָס מיין לעבן, מיין באַשפיי־זונג, געפינט זיך אין די הענט פון דעם מגוולדיקן בריגאַדיר און עס איז נישטאָ פאַר וועמען זיך צו קלאָגן, ביי וועמען צו געפינען יושר. כאָטש דער לאַגער האָט אזויפיל באַאַמטע, אינסטאַנצן, אַזאַ גרויסן אַפּאַראַט, איז דאָס אַלץ אָבער נישט צו העלפן דעם אַרעס־טאַנט, נאָר צו דריקן אויף אים.

אין וואַרשע בין איך געווען אַ סימפּאַטיקער פון די קאָמוניסטן, געהערט צום טעקסטיל־פאַראיין, וואָס האָט זיך געפונען אונטער קאָ־מוניסטישער השפעה. כ׳האָב אָפט אָנטייל גענומען אין שטרייקן, האָבן מיינע בונטאַרישע געוווינהייטן נישט געלאָזט מיך גלייכגילטיק שלום מאַכן מיט אַזאַ לאַגע און איך האָב אָנגענומען ביי זיך אַ פעסטן באַשלוס צו... שטרייקן אויך דאָ. זיך אָפּזאָגן צו אַרבעטן אין דער בריגאַדע פון מיין פאַרהאַסטן און אומיושרדיקן בריגאַדיר כאַלאַדענקאָ. איך האָב זיך נישט אָפּגעגעבן קיין חשבון ווי טייער דאָס קען מיך קאָסטן. ס׳האָט מיך טאַקע געקאָסט פיל ליידן און פיין און כ׳האָב פאַר אַזאַ

טאָט אפילו געקענט באַצאָלן מיט מיין יונג לעבן... כ׳האָב אָבער, זייענדיק שטאַרק דענערווירט, אויפגעבראַכט צוליב דער אומגרעכ־טיקייט פון איין אַרעסטאַנט לגבי אַ צווייטן, געגלויבט, אַז דאָס איז דער איינציקער און בעסטער אויסוועג צו דערגרייכן מיין ציל...

אין אַ קאַלטן, פּראַקטיקן אינדערפרי בין איך ארויס צו דער אַרבעט אויסצופירן מיין בונטאַרישן באַשלוס, וואָס כ׳האָב צוגעגרייט:

ווען איוואַן וואַסילעוויטש, מיין בריגאַדיר, האָט אַלע בריגאַד־ניקעס צעשיקט צו דער אַרבעט און מיך, ווי יעדן טאָג געשיקט טראָגן שטיינער, האָב איך גאָרנישט געענטפערט, נאָר נישט גענומען, ווי שטענדיק די „נאָסילקע״ צו טראָגן שטיינער, נאָר זיך אוועקגעזעצט ביים אויוון זיך וואַרעמען. ווען דער בריגאַדיר האָט דאָס דער־זען איז ער פול מיט כעס צוגעלאָפן צו מיר מיט אַ געשריי:

— פאַרוואָס אַרבעטסטו נישט? אַלע האָבן דאָך שוין אָנגעהויבן!

האָב איך זיך אָנגענומען מיט מוט און אים געענטפערט:

— אין וועל אין דיין בריגאַדע נישט אַרבעטן, אַלצאיינס גיסטו מיר נישט מער ווי 600 גראַם ברויט.

מיין בריגאַדיר האָט גלייך דורכן טעלעפאָן פון קאָנטאָר אַרויס־גערופן דעם „נאַראַטשיק״ פון דער „אורטשע״. ס׳האָט לאַנג נישט געדויערט און ער איז געקומען. אַ בייזער, אָן אויפגערעגטער איז ער צוגעלאָפן צו מיר, מיך גוט אויסגעזידלט, צונויפגעשטעלט אַן אַקט. מיך געזידלט:

— „אָטקאַזשטשיק״ (דער וואָס זאָגט זיך אָפּ פון דער אַרבעט), „סוואָלאָטש״! קום שוין צום נאַטשאַלניק, מ׳וועט דיך שוין אויסלערנען שכל, אַז וועסט האָבן צו געדענקען!

## ביים לאַגער־נאַטשאַלניק לעימאַן

אין אָוונט האָט מיך דער „נאַראַטשיק״ געפירט צום לאַגער־נאַטשאַלניק לעימאַן. בכלל האָבן מיר, די זע־קאַ, וויניק געהאַט צו טאָן מיטן נאַטשאַלניק פון אונדזער לאַגער־פּונקט. כ׳בין שוין געווען אַ לענגערע צייט אין לאַגער און כ׳בין נאָך ביים נאַטשאַלניק נישט געווען. ס׳איז אונדז נאָר אויסגעקומען צו זען אונדזער נאַטשאַלניק יעדן אינדערפרי ביים „ראַזוואָד״, ביים לאַגער־טויער, ווען מ׳האָט אונדז געפירט צו דער אַרבעט. אַ הויכער, דאַרער, אין זיין מילי־טערישן מונדיר, וואָס איז געווען אויף אים אויסגעפּאַסט, ווי ער וואָלט

אין אים געבוירן געוואָרן. אַ טיפּישער מיליטערמאַן. זיין אויסזען, די שטרענגקייט אויף זיין פּנים האָט אַנגעוואָרפן אַן אימה.

אַלע דירעקטיוון, „פּריקאַזן" (באַפעלן) זענען צו אונדז דער־גאַנגען דורך דעם נאַטשאַלניקס משרתים, באַאַמטע פון דער „אור־טשע" אָדער „קאוועטשע" (קולטור־אָפּטיילונג). אין אויסנאַם־פאַלן, ווען עמעצער פון אונדז איז באַגאַנגען אַ שווערן דיסציפּלין־ברוך, ווי נישט וועלן אַרבעטן, גנבענען אין לאַגער, אָדער אַנדערע פאַר־ברעכנס, איז דער איינאונאיינציקער ריכטער געווען דער לאַגער־נאַטשאַלניק.

מיר האָבן געהאַט ידיעות, אַז ער שטאַמט פון ליטע, זיין פאַ־מיליע־נאָמען, לעימאַן, האָט עדות געזאָגט וועגן דעם. ס'זענען געווען קלאַנגען אין לאַגער, אז ער האָט געהאַט גרויסע פאַרדינסטן אין ביר־גער־קריג. זיין דיסציפּלין איז טאַקע געווען אַ מיליטערישע און זייער אַ שטרענגע. מיר האָבן אויך געוווּסט, אַז ער איז ברוטאַל, אומברח־מנותדיק. אין „בור" („באַראַק אוסילענאָוואַ רעזשימאַ") — אַ באַראַק מיט אַ שטרענגן רעזשים — אַזאַ מין איזאָלאַטאָר, אַ שטרענגערער פון לאַגער־קאַרצער, ווו ס'האָבן זיך געפונען ביי 100 באַשטראָפטע אַרעסטאַנטן פון 4 לאַגער־פּונקטן אין דער נאָרילסקער געגנט, זענען 80 פון די באַשטראָפטע געווען פון אונדזער לאַגער־פּונקט — פאַר־שפּאַרטע דורך לעימאַנען. דערפאַר, גייענדיק צום נאַטשאַלניק, האָב איך זיך געריכט אויפן ערגסטן. דער „נאַראַטשיק", פול מיט כעס האָט מיך געפירט צום נאַטשאַלניק. מיר האָבן אַביסל געוואַרט ביז לעימאַן האָט געהייסן אונדז אריינרופן. מיר זענען אריין אין א שיין־דעקאָרירטן קאַבינעט:

אַ ביוראָ־טיש, ווייכע שטולן, אַ גרויסער פּאָרטרעט פון סטאַלינען אויף דער וואַנט איבער דעם נאַטשאַלניקס קאָפּ. לעימאַן אַליין. אַ שטרענג פּנים מיט זיין שפּיציק־אויסגעצויגענער נאָז, ווי ביי אַ רויב־פויגל, אַ ליסער, אַ גלאַט־ראַזירטער קאָפּ, וואָס שפּיגלט זיך אין ליכט־לאָמפּ. אין זיין פּנים, אין דעם גאַנצן מיליטערישן געשטעל איז דאָ, פילט זיך, שטרענגקייט, דיסציפּלין. ער האַלט אין האַנט דעם ראַפּאָרט פון דער „אורטשע", וואָס ער האָט, ווייזט אויס נאָר וואָס באַקומען, וועגן מיין פאַרברעכן — דאָס אָפּזאָגן זיך פון דער אַרבעט. ער מעסט מיך אָפּ מיט זיין שטרענגן און גרינגשעצנדיקן בליק און בורטשענדיק, ווי זיין שטייגער, פרעגט ער:

— פאַרוואָס ווילסטו נישט אַרבעטן? וואָס מיינסט דו, מיר וועלן זיך שפּילן מיט דיר?!

איך דערקלער אים די סיבה פון מיין אָפּזאָגן זיך פון דער אַרבעט אין כאָלאָדענקאָס בריגאַדע. כ'וויל אים דערוויזן, אַז נישט איך בין

שולדיק, נאָר זיי, דער בריגאַדיר, די „אורטשע", וואָס האָט מיך נישט געוואָלט אַריבערפירן אין אַן אַנדערע בריגאַדע. איך בעט אים, אַז ער זאָל אַנטקעגנקומען מיין ביטע און מיך אַריבערפירן אין אַן אַנדערע בריגאַדע.

דער נאַטשאַלניק לעימאַן לאָזט מיך נישט רעדן, רייסט מיר איי־בער מיינע רייד און זאָגט מיר מוסר, אַז נאָר מיט אַרבעט, מיט ערלעכער אַרבעט קען איך אויסקויפן מיינע קאָנטער־רעוואָלוציאָנערע זינד. אַ חוצפה פון אַ קאָנטער־רעוואָלוציאָנער נישט צו וועלן אַרבעטן! כ'וויל זיך פאַרענטפערן, דערוויזן. ער לאָזט נישט. בכלל איז עס אַרויסגעוואָרפענע רייד. ער איז טויב, זיין געהער איז געוואָרן באַשע־דיקט אויפן פראָנט, אין בירגער־קריג. ער הערט ווייניק און וויל אויך נישט הערן. מיר האָבן גאַנץ גוט געוווּסט אין לאַגער, אַז אויף יעדע אַנקלאַגע, וואָס ער באַקומט אויף די זע־קאַ, האָט ער גרייטע שטראָף — „בור". אפילו קינדער אין דער שטאָט נאַרילסק, אויף דער פריי, זענען אים נאָכגעלאָפן און זיך גערייצט מיט אים: „נאַטשאַל־ניק בור!" „בור" — אַזאַ „גוטן" נאָמען האָט ער געהאַט. אין לאַגער אָבער איז ער מיין באַלעבאָס, מיין גורל ליגט אין זיינע הענט.

כ'האָב גאָרנישט לאַנג געדאַרפט וואַרטן און עס איז, ווי אַ שווערער שטיין געפאַלן אויף מיין קאָפּ, זיין אורטייל:

— „בור", 10 מעת־לעת.

## אין „בור" — „באַראַק אוסילענאָוואַ רעזשימאַ"
### (באַראַק פון שטרענגסטן רעזשים)

דער „בור" געפינט זיך אין אַ באַראַק מיט פאַניערנע (דיק־טענע) ווענט, געבויט אויף אַ באַרג, פאַרשטענדלעך ארומגעצוימט מיט שטעכיקע דראָטן, ארומגעשטעלט מיט הויכע אָבסערוואַציע־טורעמס. דאָס איז אַ פלאַץ פאַר אַן ערך 100 פאַרברעכער פון צווישן די אַרעסטאַנטן. דער „בור" איז אַ ספּעציעלער איזאָלאַטאָר מיט אַ שטרענגערן רעזשים ווי אין לאַגער־איזאָליאַטאָר (יעדער לאַגער־פונקט האָט זיין אייגענעם איזאָלאַטאָר) מיט ספּעציעל שווערערע אַרבעט און אַ לענגערן אַרבעטס־טאָג און ערגערע באַשפּייזונג, ווי אין נאָרמאַלן איזאָלאַטאָר.

דער באַראַק איז געבויט געוואָרן אַלס סקלאַד, אַ שפּייכלער צו האַלטן בוי־מאַטעריאַלן, ווי: צעמענט, גיפּס א"א וואָס קאָנען באַשעדיקט ווערן

פון רעגן. דערפאַר האָט מען אים געבויט ווי אַ ציטווייליקע זאַך מיט דינע ווענט פון פאַניר. נאָכן אויסליידיקן דעם באַראַק, בעסער געזאָגט שפּייכלער פון די בוי־מאַטעריאַלן, איז ער געוואָרן פאַר־וואַנדלט אין דעם שרעקלעכן „בור", וואָס וואַרפט אָן אַ מורא אויף אַלע אַרעסטאַנטן פון נארילסקער לאַגער. אהין האָט מיך לעימאַן פאַר־שיקט אויף 10 מעת־לעת. די טעמפּעראַטור אין „בוד" איז נישט קיין העכערע, דאָרטן איז נישט פיל וואַרעמער, ווי אין פּראַסטיקן דרויסן. אויב אינדרויסן גייט אַ שניי מיט אַ ווינט, יאָגט עס געוויינטלעך דעם שניי אריין אין באַראַק דורך די שפּאַרעס אין די ווענט. מ׳פילט נאָך שטאַרקער די קעלט און ווינט, ווייל דער באַראַק געפינט זיך אויף א באַרג. אינמיטן „בור" שטייט אַ ברייטער אויוון, אַ „בורזשויקע" וואָס הייצט זיך אַ גאַנצן אָוונט (נאָר אין אָוונט זענען מיר דאָך אין „בור", ווייל אַ גאַנצן טאָג זענען מיר ביי דער אַרבעט), איז נאָר אַרום אויוון פילט מען אַ וואַרעמקייט און אין גאַנצן באַראַק איז אַ קעלט. דער שניי צוקאָפּנס, וואָס דער ווינט בלאָזט אריין צעטייעט אפילו נישט. פאַרשטענדלעך, אַז די בעסערע ערטער, די וואַרעמערע ארום דעם אויוון און די אויבערשטע נאַרעס אָקעגנאיבער דעם אויוון זענען פאַרנומען פון די „יחסנים", גנבים, באַנדיטן מיט אַ גרויסן סטאַזש — די אונטערוועלט. זיי זענען אויך די בריגאַדירן און „פרי־דורקעס" (צודינער צו דער אַדמיניסטראַציע), חנפענען זיך אונטער די באַלעבאַטים.

אונטער אַ שטאַרקער וואַך, מיט הינט, פירט מען אונדז צו דער אַרבעט אינדערפרי צו האַקן שטיינער אין די גרויסע שטיינערנע בערג.

12 שעה אַ טאָג אַרבעטן מיר ביי דער שווערער אַרבעט פון האַקן שטיינער מיט אַ קירקע אָן דער הילף פון וועלכע ס׳איז מעכאַנישע מיטלען אָדער אויפרייס־מאַטעריאַלן. די שטיינער ווערן געלייגט אין שטאַבלען, כדי מ׳זאָל זיי קענען אויסמעסטן, וויפל דעם טאָג איז געמאַכט געוואָרן. די אַרבעטס־נאָרמע איז באַשטימט פאַר דער גאַנצער בריגאַדע, אַזויפיל און אַזויפיל קובאַמעטער שטיינער דאַרפן ווערן פאַרגרייט במשך פון טאָג. דער בריגאַדיר יאָגט אונטער, דער „סטרע־לאָק" האָט אויך א חוב אונטערצוטרייבן. אויב די נאָרמע דורכן טאָג איז נאָך נישט געוואָרן אויסגעפירט, לאָזט מען די בריגאַדע נישט גיין אהיים ביז די נאָרמע ווערט פאַרטיק. דער „בור" הייסט „באַראַק מיט אַ שטרענגן רעזשים", דאָס דריקט זיך אויס, קודם־כל, אין דער באַשפּייזונג. די באַשטראַפטע, די „בוראָוצעס" באַקומען נאָר 300 גראַם ברויט א מעת־לעת; די אַרבעטס־נאָרמע מוז ווערן אויסגעפירט; צוויי מאָל אין טאָג, אינדערפרי און אין אָוונט באַקומען מיר טיי (הייסע וואַסער אָן צוקער) און אַ שיטערע „באַלאַנדע" (אזוי־גערופענע זופּ).

ביי דער אַרבעט, במשך פון 12 שעה, טאָר מען זיך נישט וואַרע־מען. אפילו אין די גרעסטע פרעסט טאָר מען נישט מאַכן קיין „קאַס־טיאַר" (פייער). די באַוואָפנטע היטער אונדזערע, וואָס טראָגן נייע, גוטע פוטערס, גוטע ווויליקעס (פילצענע שטיוול) וואַרעמען זיך אַ גאַנצן טאָג ביים „קאַסטיאַר". ס'איז דערלויבט פאַרן „בור"־אַרעס־טאַנט נאָר 5 מינוט אין אַ שעה איבערצוכאַפּן דעם אָטעם („פּערעקור" — צו רויכערן), אָבער אַ גאַנצן טאָג האָבן מיר דעם פראָסט. אויך דריקט זיך אויס די שטראָף אין דעם, וואָס מ'מוז אַרבעטן מיט 2 שעה לענגער ווי אין נאָרמאַלן לאַגער — 12 שעה.

אַן אַרעסטאַנט אין לאַגער ווערט באַפרייט דורכן דאָקטער פון דער אַרבעט צוליב קראַנקהייט, אויב ער האָט 37 גראַד היץ. דער „בור"־אַרעסטאַנט מוז האָבן 38 גראַד היץ, כדי צו קריגן אַ באַפריי־אונג פון דאָקטער. אויך ביי אַן אָנפרירונג פון אַן אבר, וואָס דאָס געשעט אָפט ביי אזעלכע באַדינגונגען, מוז דער „בוראַוועץ" האָבן אַ גאָר שווערע אָפּפרירונג, כדי צו באַקומען אַ באַפרייאונג פון דער אַרבעט.

די אַרבעטס־נאָרמע מוז ווערן אויסגעפירט און דערפאַר קריגט דער באַשטראָפטער נישט קיין בעסערע באַשפייזונג, ד"ה מער ברויט, ווי אין נאָרמאַלן לאַגער, נאָר די 300 גראַם. זידלערייען, אפילו קלעפּ, סיי פון בריגאַדיר, סיי פון „סטרעלאָק" זענען אַ נאָרמאַלע דערשיינונג. זעלטן ווער פון די באַשטראָפטע אויפן „בור", איז נאָך די 10 אָפּגעקומענע טעג (אַ נאָרמאַלע שטראָף) אַרויס אַ „גאַנצער", אָן אַן אָפּפרירונג אָדער שטאַרקע פאַרקילונג. מ'האָט טאַקע גערופן דעם „בור", צווישן זיך, די פאַבריק, וואָס „פּראָדוצירט" קאַליקעס.

כ'בין אָנגעקומען אין „בור" אין אָנהייב דעצעמבער, דער סאַמע קאַלטסטער פון די ווינטער־חדשים. די קעלטן זענען דערגאַנגען אין געוויסע טעג ביז 50 גראַד און דערצו נאָך מיט ווינטן. אין נאָרמאַלן לאַגער זענען די אַרעסטאַנטן, לויטן לאַגער־געזעץ, אין אַזאַ טעמפּעראַ־טור שוין נישט געוואָרן געפירט צו דער אַרבעט. אונדז אָבער האָט מען יאָ געטריבן אין דער שטיין־האַקעריי צו אַרבעטן אַ גאַנצן טאָג אויף דער ברענענדיקער פראָסט. מיין באַקליידונג, אַ נעבעכ־דיקע, קען נישט באַשיצן דעם קערפּער פון דעם פראָסט; די „טעלע־גרעיקע" (וואַטענע רעקלעך), דער „בושלאַט" (וואַטענע קורטקעס), וואַטענע הויזן — אונדזער אָנטועכץ — אַלץ איז פון ביידע זייטן סחורה און אין מיטן איז וואַטע. זיי זענען אַלט, די וואַטע איז אויס־געריבן, ס'וואַרעמט ווייניק. אויך די „ווויליקעס" זענען אַלטע, פיל מאָל פאַרראַכטענע און וואַרעמען ווייניק די פיס.

כ׳טו וואָס איך קען (וואָס קען איך דען טאָן?) כאַטש אַביסל צו דערוואַרעמען דעם קערפּער אין דעם ברענענדיקן פראָסט. כ׳וויקל אַרום די פיס מיט נאָך אַ שמאַטע, אויב איך קען זי נאָר קריגן, כ׳טו אָן אונטערן היטל אַ שמאַטע; אפשר וועט דאָס כאָטש אַביסל אָנוואַרעמען? נאָר ערגער פון אַלץ פרירן די הענט. די וואַטענע הענטשקעס ווערן גיך אויסגעריבן ביים אַרבעטן ביי די שטיינער, און אַנדערע הענטשקעס גיט מען נאָר איין מאָל אין חודש. פרירן טאַקע אומאויפהערלעך די הענט אין די צעריסענע הענטשקעס. מיט אַרבעט קען מען דעם קערפּער אביסל דערוואַרעמען, אָבער די פיס, ספּעציעל די שפּיצן פון די פינגער קען איך נישט דערוואַרעמען און זיי פרירן כסדר. דערצו דער הונגער, די קליינע פּיקע ברויט פון 300 גראַם, וואָס איך קריג, קען נישט זעטיקן, און דער אומאויפהערלעכער הונגער דער־קוטשעט אַ גאַנצן טאָג.

ס׳איז אוממעגלעך צו באַשרייבן, וואָס אַ מענטש פילט ווען ער איז הונגעריק. עסן אַ שטיקל ברויט — ווערט דער חלום, דער העכ־סטער טרוים אין זיין לעבן. נאָכן שווערן, קאַטאָרזשנעם אַרבעטס־טאָג פירט אונדז דער „קאָנוואָי״ צוריק „אהיים״, צום קאַלטן תפיסה־באַראַק. מיר שפּאַנען אין דער נאַכט־פינצטערניש, ארומגערינגלטע מיט באַוואָפנטע סאָלדאַטן מיט הינט, צווייפיסיקע און פירפיסיקע, אַ מחנה אַרעסטאַנטן אין שמאַטעס געקליידט. אין דער לופטן הילכן זידלערייען, מ׳יאָגט אונדז אונטער. אונדזער וואָך וויל שוין גיכער קומען אין זייערע וואַרעמע היימען און ווילן נישט פאַרשטיין, אַז מיר זענען מיד, אַדורכגעפרוירן און קענען נישט גיין גיכער, ווי זיי ווילט זיך. אַמערגסטן איז פאַר די אַרעסטאַנטן, וואָס גייען אין דער לעצטער רייע, די שוואַכסטע. זיי שטייען שטענדיק אָפּ. אַפילו ווען זיי זאָלן זיך שטעלן אין די פאָדערשטע רייען, בלייבן זיי דאָך די לעצטע צוליב זייער שוואַכקייט, ווייל די שטאַרקערע יאָגן זיי איבער. די וואָך שטופּט זיי, שטויסט זיי מיט די פּריקלאַדעס פון די ביקסן, זיי זאָלן גיין גיכער, זיך אונטערציען. איך פיל דאָס אָפּט אויף מיינע אייגענע אויסגע־מאַטערטע פּלייצעס און זייטן. קוים זיך דערשלעפּט „אהיים״ צום „בור״. אין באַראַק איז אויך די קעלט זייער גרויס, ספּעציעל פרירן די הענט. כ׳רייב אַ האַנט אין אַ האַנט זיי צודערוואַרעמען, צום אויוון לאָזן די „אורקעס״ נישט צו, זיי ווילן אַליין זיך וואַרעמען. אויף די קליידער, אויף די וווּליקעס צעטייעט דער איבערגעבליבענער שניי און זיי ווערן נאַס. אין נאַרמאַלן לאַגער איז דאָ אַן אָרט צו טריקענען די וווּליקעס (אַ „סושילקע״), אין „בור״ איז אַזעלכעס נישטאָ. צו־מאָרגנס טוט מען אַלץ אָן נאַסערהייט און אויפן פראָסט ווערט דאָס שטייף, ווי אַ ברעט...

כ׳וואַש זיך ארום מיט אַביסל וואַסער, קיין סך וואַסער איז נישטאָ, קיין זייף אויך נישט. כ׳באַקום די לאַנג־דערוואַרטעטע טעגלעכע שפּייז — די „באַלאַנדע״, אַ ביסל שמוציקע וואַסער, וואָס זיי רופן דאָס זופּ און דאָס שטיקל ברויט, 300 גראַם, גאַר אַ קליין שטיקל, אַ נאַסע קלעפּיקע מאַסע, מער וואַסער, ווי ברויט. טיילמאָל באַוויז איך נאָר צו נעמען אין האַנט דאָס שטיקל ברויט און עמעצער האָט דאָס אַ כאַפּ געטאָן פון מיין האַנט ארויס. געוועזן און נישטאָ! גיי זוך דעם ווינט אין פעלד. נישטאָ. פאַרפאַלן געוואָרן! כ׳ווייס נישט ווער ס׳האָט עס ארויסגעכאַפּט. אַ גאַנצן מעת־לעת וועל איך מוזן וואַרטן אויף אַן אַנדערע פּייקע ברויט; נאָר אַ צווייט מאָל וועל איך שוין זיין מער פאָרזיכטיק, נישט „פּראַשליאַפּען״, נישט פאַרזען. אָבער נישט שטענדיק העלפט דאָס. די „אורקעס״, די אונטערוועלטניקעס, זענען אויך הונגעריק, זיי האָבן דאָ נישט קיין גרויסע „פּעריפּעריע״, ווי אין לאַגער, ווו צו גנבענען, כאַפּן זיי ביי די „פרייערס״ וואָס עס לאָזט זיך, דאָס לעצטע שטיקל ברויט... כ׳האָב אָפּגעגעסן מיין טעגלעכע שפּייז, אָבער נישט געשטילט דעם הונגער. זיצן די „אורקעס״ נאָך אַביסל ביים אויוון און וואַרעמען זיך, טריקענען די וווּליקעס און דער געשטאַנק צעטראָגט זיך איבערן גאַנצן באַראַק.

די נאַכט איז נישט בעסער ווי דער טאָג: די קעלט, אפילו אין דער ענגשאַפט, צוגעטוליעט איינער צום צווייטן, קען מען זיך נישט דערוואַרעמען. עטלעכע מאָל אין דער נאַכט מוז איך לויפן משתין זיין. דאָס איז אַ גאַנצע אַרבעט: ארויסקריכן פון אונטער די אַלע שמאַטעס, באַלעסטיקן די דערנעבן־ליגנדיקע שכנים, וואָס רופט ארויס אומצופרידנקייט און זידלערייען. אינדערפרי קומט אַ דאָקטער אפשר אויף 15 מינוט, אויב עמעצער קלאָגט זיך אויפן געזונט־צושטאַנד, באַטראַכט ער. דער דאָקטער איז אַ הויכער, ברייטפּלייציקער חברה־מאַן; מ׳זאָגט, אַז ער האָט געדינט אַלס דעניקינס לייב־דאָקטער. ער באַקוקט אויף דער גיך די, וואָס דערקלערן, אַז זיי זענען קראַנק און קענען נישט גיין צו דער אַרבעט. מערסטנס שיקט ער צו דער אַרבעט. קיין באַפרייאונג גיט ער נישט, ווייל לויט די פאַר־שריפטן פון „בור״ איז דער קראַנקער, וואָס אין נאָרמאַלן לאַגער דאַרף באַפרייט ווערן פון דער אַרבעט מוז אין „בור״ גיין אַרבעטן. איך פיל זיך קראַנק, כ׳פיל כ׳האָב הויכע טעמפּעראַטור, אָבער דער דאָקטער גיט מיר נישט קיין באַפרייאונג, מוז איך גיין צו דער אַרבעט. אַ ברירה האָב איך? כ׳פיל אַ שטעכעניש אין די זייטן, דער קאָפּ איז מיר פודן־שווער. לויט די „בור״־פאַרשריפטן און אָפּשאַצונג פון דאָקטער הייסט דאָס: געזונט, פּעאיק צו דער אַרבעט.

ס׳האָבן זיך געענדיקט די 10 מעת־לעת אין „בור״. כ׳בין שוין

אָפּגעקומען די שווערע שטראָף. היינט גיי איך נישט צו דער אַרבעט. באַלד וועט קומען דער „נאַראַטשיק" און מיך פירן צוריק אין נאָרמאַלן לאַגער. כ'וועל ווידער אריינגעפירט אין קאָנטאָר, ווו כ'בין געווען מיט 10 מעת־לעת צוריק. דער נאַטשאַלניק לעימאַן זיצט, ער איז פאַר־נומען ביי זיין ביוראָ־טיש, ער קוקט אין פּאַפּירן, אין מיינע אַקטן, מסתמא. ער זאָגט מיט זיין ברומענדיקער שטימע:

— מאָרגן וועסטו גיין צוריק אין דיין בריגאַדע, „פּאָניאַל"? (פאַרשטאַנען?).

כ'וויים נישט פונוואַנען ס'האָט זיך ביי מיר גענומען מוט נאָך די צען מעת־לעת ליידן אין „בור" און מיין ענטפער איז געווען אַן אַנטשלאָסענער:

— איך בעט מיך אריבערפירן אין אַן אַנדער בריגאַדע, אין כאַלאַדענקאָס בריגאַדע וועל איך נישט אַרבעטן.

דער שטרענגער נאַטשאַלניק לעימאַן, האָט מיך אַדורכגעדרונ־גען מיט זיין גרינגשעצנדיקן בליק און געזאָגט, אַרויסגעברומט, פול מיט כעס, ווי אַ חיה:

— ביסט אַלץ פאַרעקשנט? ביסט ווייניק געווען אין „בור". פירט אים צוריק אויף נאָך 10 מעת־לעת! — גיט ער אַ קאָמאַנדע דעם „נאַראַטשיק".

כ'האָב זיך נישט באַוויזן אַנצוואַרעמען אין לאַגער און דער באַפעל איז גלייך געוואָרן אויסגעפירט. כ'בין געוואָרן אַוועקגעפירט צוריק אין „בור" אריין.

איך קען נישט באַנעמען, פונוואַנען ס'האָט זיך צו מיר גענומען די העזה זיך קעגנצושטעלן דעם נאַטשאַלניק, דעם אַלמעכטיקן לאַגער־אָנפירער? איך, אַ נישטיקער אַרעסטאַנט מיט אַ קאָנטר־רעוואָ־לוציאָנערער „סטאַטיאַ" פון שטראָף־קאָדעקס, וואָס געפין זיך איצ־טער אויפן נידעריקסטן שטאַפּל פון געזעלשאַפטלעכן לייטער, אַ פאַר־שטויסענער, אַ דערנידעריקטער, זאָל זיך אַנטקעגנשטעלן „זיי" — די אַלמעכטיקע מאַכטהאָבערס, נישט אויספירן זייערע באַפעלן, אפילו נאָך דער שווערער שטראָף, ווי דער „בור"?

ווידער ציט זיך די קייט פון איבערמענטשלעכע ליידן: קעלט, הונגער דורך טעג און נעכט, וואָס ציען זיך אָן אָ סוף. מיינע פיס זענען אָנגעפרוירן, כ'וויז זיי דעם „בור"־דאָקטער מיט דער האָפע־נונג צו קריגן אַ באַפרייאונג פון דער אַרבעט. זאָגט ער, אַז ס'איז צו ווייניק אָנגעפרוירן, לויט די פאַרשריפטן, צו געבן אַ באַפרייאונג. איך וויז אים מיין אָנגעפרוירענער נאָז (כאָטש איך פאַרבינד זי מיט אַ שמאַטע, געפינט אָבער דער פראָסט מיטן ווינט אַ וועג צו איר). מיין נאָז איז ווייס, אָנגעפרוירן, אַז ס'איז אַ ווייטיק זיך צוצורירן צו

איר. דער דאָקטער דערקלערט מיר, אַז אין „בור" גיט מען נישט קיין באַפּרייאונג אויף דער נאָז, מ'קען זי פאַרבינדן. מיט דער נאָז דאַרף מען דאָך נישט אַרבעטן. ער, דער דאָקטער האָט אינסטרוקציעס, אָנווייזונגען. ער קען די געזעצן ווען מ'דאַרף באַפרייען פון דער אַרבעט נאָרמאַלע אַרעסטאַנטן און אויך באַשטראָפטע — „בוראָוועס".

איך שלעפּ זיך קוים. גיין יעדן טאָג צו דער אַרבעט און פון דער אַרבעט איז מיר שוין זייער שווער מיט מיינע אָנגעפּרווירענע פיס. איך ריר זיך קוים. כ'שלעפּט אָבער די שטיינער. האַק די שטיינער. איך לעב קוים. באַוועג זיך קוים. כ'ווער אַפּאַטיש צו אַלץ, צום אַרום, אָבער מיין עקשנות האַלט אָן ווייטער. כ'וועל זיך נישט אונטערגעבן! כ'מוז אויספירן מיינס — מ'זאָל מיך אַריבערפירן אין אַן אַנדערער בריגאַדע. כ'וועל נישט אַרבעטן ביי דעם מנוול כאַלאַדענקאָ, כ'מוז געפינען גערעכטיקייט! נאָך די צווייטע 10 מעת־לעת גיי איך ווידער צוריק אין „בור" אויף די דריטע 10 מעת־לעת. קיינער פון די לאַגערניקעס איז נאָך אַזוי לאַנג נישט געווען אין „בור". ביי די „בור"־אַרעסטאַנטן פילט זיך אַ געוויסער מיטלייד מיט מיר, נאָר זיי קענען מיר מיט גאָרנישט העלפן. דער בריגאַדיר איז צו מיר שוין בעסער, ווייכער, ער פאָדערט נישט ספּעציעל פון מיר קיין אַרבעט, אַלצאיינס געפין איך זיך אין אַזאַ צושטאַנד, וואָס כ'קען נישט אַרבעטן. שלעפּן זיך צו דער אַרבעט מוז איך. ביי דער אַרבעט מוז איך זיך באַוועגן, כדי נישט פאַרפרווירן צו ווערן און אַ דערשעפּטער דערשלעפּ איך זיך יעדן טאָג צוריק פון דער אַרבעט.

די דריטע 10 מעת־לעת בין איך שוין נישט אויסגעווען. צו מיין „גליק" איז געקומען דאָס ניי־יאָר, און דערמיט אַן אַלגעמיינע קאָנטראָל אין לאַגער פון די זאַכן און אויך פון די אַרעסטאַנטן, אַזאַ מין אינווענטאַריזאַציע. האָט מען אַלעמען פון „בוך" באַפרייט און געפירט אין לאַגער אריין צו דער קאָנטראָל. ס'האָט מיר „אָפּגעגליקט", כ'בין באַפרייט געוואָרן פריער מיט 2 טעג.

כ'בין געקומען צוריק אין מיין באַראַק, אין זעלבן באַראַק, צו דער זעלבער בריגאַדע פון וואַנען מ'האָט מיך צוגענומען מיט 28 טעג צוריק. נאָר דעמאָלט בין איך געווען אַ „נאָרמאַלער" אַרעסטאַנט, ווי אַלע, און איצטער, נאָך דער „בור"־צייט איז צוריקגעקומען עפּעס אַ שאָטן פון אַ מענטש: אויסגעדאַרט, אויסגעמאַטערט, נאָר הויט און ביין, אַן אָפּגעפרווירענער און דערצו הונגעריק, שרעקלעך הונגעריק...

צומאַרגנס האָב איך באַקומען פון דער לאַגער־אַדמיניסטראַציע דעם „חוב" פון שפּייז: צוקער און טאַבאַק פאַר 2 חדשים. ווען מ'האָט מיך אוועקגעפירט אין „בור", האָט מען אויף צומאָרגנס ארויסגע־

געבן די אַרעסטאַנטן דעם חודשלעכן פּאַיאַק פון צוקער און טאַבאַק (מאַכאָרקע). אַלע זע־קאַ קריגן דאָס, סיי רויכערער און אויך נישט־רויכערער. זייענדיק שוין אין „בור" האָט מען צום צווייטן מאָל אַרויסגעגעבן מיט 2 טעג פריער — צוליבן ניי־יאָר — דעם פּאַיאַק. קיין רויכערער בין איך קיינמאָל נישט געווען און אָן צוקער, האָב איך געטראַכט, קען מען זיך באַגיין. וויכטיקער איז ברויט און זופּ, ווען מ׳איז הונגעריק. כ׳האָב גלייך מיינע צוויי־חדשימדיקע פּאַיאַקן פון צוקער און טאַבאַק אויסגעביטן אויף ברויט און זופּ. ס׳האָבן זיך געפונען אַזעלכעליידנשאַפטלעכע רויכערער, וואָס האָבן אַ טייל פון זייער ברויט אַוועקגעגעבן פאַר טאַבאַק. כ׳האָב אויפגעגעסן 2 קילאָ ברויט און 6 פּאַרציעס זופּ (אפשר אַ האַלבן עמער). אָבער כ׳בין געבליבן הונגעריק. דער בויך מיינער איז געוואָרן גרויס, האַרט, ווי אַ שטיין, נאָר כ׳האָב קיין זאַטקייט נישט געפילט, כ׳בין געווען הונגעריק. עס האָט מיר „אָפּגעגליקט", וואָס איך האָב נישט געקריגן קיין „פּאָנאָס" (דיזענטעריע). און דאָס האָט זיך אָפטמאָל זייער שלעכט געענדיקט, געווען אפילו טויט־פאַלן...

# ביים יידישן דאָקטער

איך בין נישט אימשטאַנד צו באַשרייבן ווי אַזוי איך האָב אויסגעזען נאָכן צוריקקומען פון „בור" — קיין שפּיגל ביי אונדז איז נישט געווען. יעדע עטלעכע וואָכן (אין באָד) האָבן אונדז „פּאַריקמאַכערס" (שערערס) ראַזירט און געשוירן אַלע ערטער ווו ס׳געפינען זיך האָר. אַזוי, אַז מיר האָבן זיך ספּעציעל נישט גענויטיקט אין קיין שפּיגל.

נאָכן קאָנטראָל, נאָך דער אינווענטאַריזאַציע פון די לאַגער־אַרעסטאַנטן, צוליב וועלכער מ׳האָט מיך מיט 2 טעג פריער באַפרייט פון „בור", בין איך אויף צומאָרגנס צו דער אַרבעט נישט געגאַנגען. כ׳בין געווען זיכער, אַז לויט די לאַגער־פאַרשריפטן, וואָס זענען פיל מילדער ווי אין „בור", וועל איך באַפרייט ווערן פון דער אַרבעט דורכן לאַגער־דאָקטער. צווייטנס, האָב איך פשוט נישט געקענט אפילו גיין, אפשר קריכן נאָר. אין באַראַק האָב איך געהערט, אַז ס׳איז אָנגעקומען אַ נייער דאָקטער אין אַמבולאַטאָריע. ביי די לאַגער־ניקעס האָט ער געהאַט אַ גוטן נאָמען, ווי אַן אויפמערקזאַמער, פיינער מענטש. כ׳בין אַוועק צום דאָקטער, ווי געווײנטלעך אויסגעוואַרט

אַ גרויסע רייע. כ׳בין אַריין אין זיין קאַבינעט, אַנגעקוקט דעם דאָק־טערס פּנים, אַ ייִדיש פּנים. ס׳איז מיר גלייך געוואָרן לייכטער אויפן האַרצן. דער דאָקטער האָט איבערגעלייענט מיין פאַמיליע־נאָמען און פאָטערס נאָמען אין מיין קראַנקן־קאַרטע און געזען, אַז ער האָט פאַר זיך אויך א ייד; אָבער ער האָט נאָך אין זיין לעבן נישט געזען אַזאַ ייד. בכלל דאַרף מען באַמערקן, אַז ייִדן אין רוסלאַנד, ווי דער דאָקטער גופא, זענען כמעט אַלע געווען פּריווילעגירטע צוליב זייערע פעאיקייטן און העכערע בילדונג.

פיל יידן זענען דאַן געווען אין דער אָנפירערשאַפט פון דער פאַרטיי און רעגירונג ווי אויך אויף אַנדערע אָנפירנדיקע פאָסטנס. אויף אַלגעמיינע אַרבעט אין לאַגער, אין בריגאַדעס זענען געווען זייער ווייניק יידן. פיל פון דעם דאָקטערס באַקאַנטע ייִדן, זענען געווען דאָקטוירים, אינזשיניערן, וויסנשאַפטלער — און דאָ שטייט פאַר אים עפּעס אַ געשפּענסט: — בלאַס, אויסגעדאַרט, הויט און ביין, אין שמאַטעס אָנגעטאָן מיט אָנגעפרוירענע הענט, פיס, נאָז. — איז דאָס דען מעגלעך, אַז דאָס באַשעפעניש איז אויך אַ ייד?!

כ׳האָב באַמערקט אויפן דאָקטערס פּנים אַן איבערראַשונג פאַר מיין אויסזען און מעמד, עס האָט אים פּשוט אויסגעפּעלט ווערטער, ער האָט אַרויסגעשטאַמלט:

— ווי אַזוי דערפירט מען זיך צו אַזאַ לאַגע?...

כ׳האָב נאָך אין דעם דזשונגל־לאַגער נישט געפילט אַזאַ מיט־געפיל ווי פון זיינע ווערטער. כ׳זע אין אים פּשוט אַ מלאך הגואל, וואָס איז געוואָרן אַראָפּגעשיקט פון הימל מיר צו העלפן אין אַזאַ שווערער צייט, ווען כ׳געפין זיך שוין ביים ראַנד פון אָפּגרונט. כ׳האָב אים געענטפערט מיט טרערן אין די אויגן:

— נישט איך האָב זיך דערפירט צו דער לאַגע, נאָר „זיי" האָבן מיך דערפירט. נאָר איר קענט מיר העלפן.

קודם־כל האָט מען מיר ארומגעוואַשן די אָפּגעפרוירענע ערטער: די פינגער פון די פיס, פון די הענט און מיין נאָז און דאָס באַשמירט מיט אַ ספּעציעלן זאַלב.

יעפים דאַווידאָוויטש אַראָנאָוויטש (אַזוי האָט געהייסן דער דאָקטער), זאָגט צו מיר מיט אַ טרייסטנדיקער שטימע:

— אַ חודש וועסטו נישט אַרבעטן. יעדע דריי טעג וועסטו קומען צו מיר אויף אַ וויזיט. דער לאַגער־דאָקטער האָט רעכט צו באַפרייען פון דער אַרבעט נישט מער ווי אויך 3 טעג. דערנאָך וועלן מיר זען וואָס ווייטער צו טאָן.

ס׳האָט זיך פאַר מיר אָנגעהויבן אַ נײַ לעבן אָן אַרבעט. כ׳האָב נישט מורא פאַר די „נאַראַטשיקעס", פאַרן קאָמענדאַנט, פאַרן גאַנצן

לאַגער־אַפּאַראַט, וואָס טרייבן צו דער קאַטאַרזשנער אַרבעט. כ'בין פּריווילעגירט: כ'בין אַ קראַנקער.

עס דערמאָנט זיך מיר שלום־עליכמס דערציילונג פון „מאָטל פּייסי דעם חזנס" מיטן נאָמען „מיר איז גוט איך בין אַ יתום". ס'איז מיר אויך גוט, כ'בין אַ קראַנקער. אמת, ס'איז מיר שווער צו גיין אויף מיינע אָפּגעפרוירענע פיס, די הענט זענען אויך אָפּגעפרוירן און פאַר־בינדן. עס איז ווייטיקלעך זיך צוצורירן צו עפּעס מיט די פינגער. זיי זענען ווי אָפּגעטויט. כ'קען אפילו נישט אויפקנעפּלען און פאַר־קנעפּלען די הויזן ביים אָנטאָן זיך אָדער ביים דערלידיקן דעם מענטש־לעכן געברויך און כ'מוז עמעצן בעטן מיר צו העלפן. אויך מיין נאָז איז פאַרבינדן, באַנדאַזשירט און כ'פיל ווי אַן אייטערדיקע ווונד וואָלט אויף מיין פּנים געווען. דאָס אַלץ איז מיר געווען „ליב", אבי נישט צו גיין יעדן טאָג צו דער אַרבעט.

צו אַלעם גוטן קומט אָבער אַ סוף, גיכער ווי צום שלעכטן. שטופנווייז בין איך צוריק צו זיך געקומען. די זאָרגזאַמע היילונג און נאָך מער די האַרציקע באַציאונג פון יעפים אָראַנאָוויטשן האָט מיר פיל געהאָלפן. יעדעס מאָל, ווען כ'בין געקומען צו אים אויף אַ וויזיט אין אַמבולאַטאָריע, בין איך, אַ חוץ די היילונג „לידיק" נישט אוועק־געגאַנגען; ער האָט מיר מיטגעגעבן אַ טאַלאָן אויף זופּ (זופּן אין קיך האָט מען געקריגן אויף טאַלאָנען) אָדער אַ שטיקל ברויט. אויך האָט ער מיך געשיקט צו זיינע באַקאַנטע יידן פון אי.טי.ער. (אינזשיניער־טעכנישער פּערסאָנאַל). זיי האָבן געוווינט אין ספּעציעלע באַראַקן און אויך געהאַט בעסערע באַדינגונגען. זיי האָבן מיר געהאָלפן, לויט דעם דאָקטערס רעקאָמענדאַציע מיט זופּ אָדער מיט ברויט, אפילו מיטן אַלטן אָנטועכץ. אויך האָב איך געהאַט פרייע צייט, נישט אַר־בעטנדיק, און ווען ס'איז מיר געוואָרן בעסער און די הענט האָבן שוין אביסל פונקציאָנירט, האָב איך געהאָלפן דעם „דניעוואַלני" (אויפרוימער אין באַראַק). כ'האָב פאַר אים געוואַשן די פּאָדלאָגע און אויך באַקומען דערפאַר אַ שטיקל ברויט, אָדער אַ טאַלאָן אויף זופּ.

מיין געזונט־צושטאַנד האָט זיך. שטאַרק פאַרבעסערט פאַר דעם חודש, וואָס כ'האָב נישט געאַרבעט, וואָס כ'בין געווען אויף „באָל־ניטשנע". ס'האָבן זיך ביסלעכווייז פאַרהיילט די אָנגעפרוירענע גלי־דער אויף אַזויפיל, אַז קיין באַפרייאונג פון דער אַרבעט פון מיין גוטן דאָקטער האָב איך מער נישט געקענט באַקומען. דאָס איז שוין געווען קעגן די פאַרשריפטן פון „לאַגער־קאָדעקס", לגבי וועלכע מיין גוטער מלאך, דער דאָקטער איז געווען אוממעכטיק. ס'האָט זיך דער־נענטערט די צייט צוריקצוגיין צו דער אַרבעט. כ'האָב געמוזט גע־פינען אַן עצה נישט צו גיין צוריק אין מיין פריערדיקער בריגאַדע,

ווייל זייענדיק אויפֿן „באַלניטשנעם״ פּאַיאָק האָב איך געקריגן מיין באַשפּייזונג פון כאַלאַדענקאָן. כ׳בין נאָך אַלץ פאַררעכנט געווען ווי אַ מיטגליד אין זיין בריגאַדע.

כ׳האָב גאַנץ גוט פאַרשטאַנען, אַז קומענדיק צוריק אין מיין אַל־טער בריגאַדע, וועט זיך אַלץ ווידער אומקערן צום שרעקלעכן אָנהויב, וואָס האָט שיער נישט דערפירט צו מיין סוף. כ׳האָב גערעדט וועגן דעם מיט מיין טייערן דאָקטער, געבעטן ביי אים אַן עצה און הילף. ער האָט מיר טאַקע געהאָלפן. ער האָט מיר געגעבן אַ צעטל, אַז צו־ליב מיין שלעכטן געזונט־צושטאַנד דאַרף איך אַרבעטן 3 חדשים אויף לייכטע אַרבעט ביז אַ מעדיצינישער קאָמיסיע. אָט דאָס צעטל איז געווען זייער אַ וויכטיקער און ווערטפולער דאָקומענט אין די לאַגער־באַדינגונגען צו זיין באַפרייט אויף 3 חדשים פון דער אַלגעמיינער אַרבעט, פון אַרבעטן אין אַ בריגאַדע.

קען זיין, אַז יעפים אַראָנאָוויטש האָט געטאָן מער פון זיינע רעכטן און זיינע מעגלעכקייטן. כ׳קען דאָס גענוי נישט וויסן, נאָר אַביסל שפּעטער איז ער פון אונדזער לאַגער פאַרשוווּנדן. מ׳האָט אים אריבערגעפירט ערגעץ אַנדערש, מעגלעך אין אַ צווייטן לאַגער־פּונקט. אַהער האָט מען געבראַכט אַ נייעם דאָקטער, ווערא אַבראַ־מאָוונאַ ציגעל, אַ יידישע פרוי. נאָר וועגן דעם וועל איך שרייבן שפּעטער.

ווען כ׳האָב געקריגן פון דאָקטער דאָס טייערע צעטל, אַז כ׳בין באַפרייט פון שווערע אַרבעט אויף 3 חדשים, דאַרף איך דאָך קריגן די לייכטע אַרבעט, דערצו מוז זיין אויפן דאָקטערס צעטל אַ רעזאָ־לוציע, אַ צושריפט פון לאַגער־נאַטשאַלניק, צי ער איז מסכים מיך אויסצונוצן אויף לייכטערע אַרבעט.

בין איך אַוועק צו לעימאַנען נאָך דער נויטיקער רעזאָלוציע.

נישט לייכט איז מיר אָנגעקומען זיך צו דערשלאָגן צו אים: ווען ער, לעימאַן, רופט אַן אַרעסטאַנט, ווען ער דאַרף אים באַשטראָפן, ברענגט מען גיך דעם זע־קאַ אריין אין זיין קאַבינעט, אין זיין ביוראָ. אין איצטיקן מאָמענט האָב איך אים גענדאַרפן, נישט ער מיך. כ׳האָב געמוזט אַדורכגיין פיל אינסטאַנצן, סעקרעטאַריאַטן פון דער ביוראָ־קראַטיע ביז כ׳האָב זיך צו אים דערשלאָגן. כ׳בין אריין אין זיין קאַבינעט. לעימאַן איז פאַרנומען. ער שרייבט עפּעס. זיין געגאָלטער קאָפּ איז אראָפּגעלאָזט אויפן טיש. ער הייבט אים אפילו נישט אויף צו געבן אַ קוק אויף מיר. הכנעהדיק לייג איך אַוועק אויפן טיש מיין טייער צעטל פון דאָקטער, ער זאָל אָנשרייבן זיין רעזאָלוציע צו דער „אורטשע״ (אַרבעטס־אָפּטייל) וואָס פאַר אַ לייכטע אַרבעט זיי זאָלן מיר געבן. אין זיינע עטלעכע אָנגעשריבענע ווערטער איז

איצטער אָפּהענגיק מיין גורל, צי וועל איך קריגן לייכטע אַרבעט צי נישט?

ענלעך האָט דער נאַטשאַלניק אויפגעהויבן זיין קאָפּ פון די פּאַפּירן און אויף מיר אַ קוק געטאָן. כ׳האָב באַמערקט אין זיין מינע, אַז ער האָט מיך גלייך דערקענט, אַז איך בין דאָס דער פּאַרעקשנטער „אָטקאַזטשיק״. ער האָט מיך אַדורכגעדרינגען מיט זיין שטרענגן בליק. ער האָט נאָכאַמאָל אַ קוק געטאָן אויף מיין צעטל און ווידער אויף מיר. כ׳זע, אַז אים איז שווער צו דעצידירן. ער וויל נישט אַנטקעגנקומען מיין ביטע וועגן לייכטע אַרבעט און געזעצלעך קען ער אָבער נישט אָפּזאָגן. אַזוי האָב איך געמיינט. דאָס האָט אָבער לאַנג נישט געדויערט: לעימאַן האָט אייגענע געזעצן, אַ חוץ די געשריבענע. דערפאַר איז ער דאָך אַ נאַטשאַלניק מיט אַזאַ שטאַרקער האַנט.

פול מיט כעס און שנאה האָט ער אויסגעשריען מיט זיין פולער שטרענגקייט:

— פאַר קאָנטר־רעוואָלוציאָנערן האָב איך נישט קיין לייכטע אַרבעט!

כ׳וויס נישט פונוואַנען ס׳האָט זיך צו מיר גענומען די דרייסטקייט און חוצפּה אים זיך אַנטקעגנצושטעלן אויך דאָסמאָל און ענטפערן מיט אַנטשלאָסנקייט:

— שווערע אַרבעט אויספירן קען איך נישט, דער דאָקטער באַשטעטיקט דאָס, לייכטע אַרבעט האָט איר נישט פאַר „קאָנטריקעס״, וואָס בלייבט מיר איבער צו טאָן? אויסגיין דאָ אין אייער לאַגער? וואָס דאַרף איך זיך נאָך מאַטערן צו קריגן דעם טויט? בעסער שיסט מיך גלייך!

לעימאַן האָט זיך אינגאַנצן נישט געריכט, אַז איך, אַ נעבעכדיקער, אַן אָפּגעריסענער אַרעסטאַנט, וואָס איז פאַר אים נידעריקער פון אַ וואָרעם, וועט זיך אים, דעם אַלמעכטיקן נאַטשאַלניק, אַנטקעגנשטעלן און אַזוי חוצפּהדיק ענטפערן. ער איז געוואָרן רויט פון כעס, ס׳האָט אים אינגאַנצן געוואָרפן. מיטן גאַנצן כוח האָט ער אויסגעשריען, אַז אין דער גאַנצער געבײדע האָט מען געהערט זיין היסטערישן געשריי:

— אַרויס פון דאַנען, סוואָלאָטש! איך וועל זיך מיט דיר אָפּרעכענען!

אויפן געשריי איז געקומען צו לויפן דער געהילפס־נאַטשאַלניק סערגיי איוואַנאָוויטש נאַזדריאַטשאָוו. ער האָט מיך ארויסגעפירט פון לעימאַנס קאַבינעט, מיך אַוועקגעזעצט אויף אַ שטול אין זיין אויפנעם־צימער. די צווייטע טיר פון נאַטשאַלניקס.

ווי כ׳האָב זיך שפּעטער איבערצייגט, האָט די העכערע נאַטשאַלסטווע אַזוי איינגעאָרדנט, אַז אין יעדן לאַגער־פּונקט איז געווען דאָס פּאָרל פון דער אָנפירערשאַפט, דער נאַטשאַלניק און זיין געהילף, מיט פאַרשידענע כאַראַקטערן: איז דער נאַטשאַלניק געווען אַ שטרענגער (אַ שלעכטער, ווי מיר האָבן דאָס גערופן) איז זיין „פּאָ־מאָשניק״, זיין געהילף, געווען אַ בעסערער, אַ מער מענטשלעכער. און אויב דער נאַטשאַלניק איז געווען אַ בעסערער (אויך אַזעלכעס האָט געטראָפן) איז זיין געהילף געווען אַ הונט מיט אויערן.

סערגיי איוואַנאָוויטש נאַזדריאַטשאָוו, לעימאַנס געהילף, איז פריער, פאַרן לאַגער, געווען אַ „פּאָליטרוק״ אין דער אַרמיי. ער האָט געדולדיק אויסגעהערט מיינע פּאַסירונגען פאַר דער לעצטער צייט: וועגן מיין אַנטיסעמיטישן בריגאַדיר, וועגן די 28 טעג אין „בור״, וועגן צעטל פון דאָקטער, אַז 3 חדשים דאַרף איך אַרבעטן אויף לייכטע אַרבעט. ער האָט מיך איבערגעלאָזט אויף עטלעכע מינוט אין זיין קאַבינעט אליין און איז אַריין צו לעימאַנען, מסתמא זיך באַראַטן, זיך אַדורכרעדן. סערגיי איוואַנאָוויטש האָט אויף מיר נישט געשריגן, זיך נישט געבייזערט, פאַרקערט ער האָט מיך געטרייסט און מיר געזאָגט, אַז איך דאַרף נישט זיין אַזוי איינגעשפּאַרט, דאָס וועט נישט געבן קיין גוטע רעזולטאַטן, דאָס וועט צו קיין גוטס נישט ברענגען. ער האָט מיר געזאָגט מוסר, אַז איך דאַרף געדענקען, אַז כ׳בין באַ־גאַנגען אַ קאָנטער־רעוואָלוציאָנערן פאַרברעכן, מוז איך געדולדיק אָפּקומען מיין שטראָף. כ׳האָב געשוויגן און אויסגעהערט זיינע רייד. כ׳האָב געוואָרט אומגעדולדיק וואָס דאָ וועט ווייטער זיין? דאָסמאָל האָט זיך דער ענין גראָד גוט געענדיקט: דער געהילף־נאַטשאַלניק האָט גענומען מיין צעטל פון דאָקטער און אויפגעשריבן אַ רעזאָלוציע צו דער „אורטשע״: „באַשעפטיקן אַלס דניעוואַלני״ און זיך אונטער־געשריבן. דאָס האָב איך געדאַרפן, אויף דעם האָב איך געוואָרט, פאַר דעם האָב איך דאָך אייגנטלעך געקעמפט. כ׳האָב מיינס אויס־געפירט! כאָטש אויף אַ קורצער צייט בין איך פּטור געוואָרן פון מנוּוולדיקן בריגאַדיר כאַלאָדענקאָ.

# איך ווער אַ „דניעוואַלני״

ס׳איז אַלגעמיין באַוווּסט, אַז ס׳איז שווער צו לעבן אין לאַגער: אומ־אויפהערלעכער הונגער, קעלט, ענגשאַפט, קאַטאַרזשנע אַרבעט, שווע־רע לעבנס־באַדינגונגען. דאָס דערפירט צו אַן אויסצערונג, צו פאַר־לירן די כוחות און אַלגעמיינע אָפּשוואַכונג. אָבער שטאַרבן לאָזן זיי אויך נישט. פאַרלירט מען די כוחות אויף אַזויפיל, אַז מען קען שוין מער נישט אַרבעטן — ווי ס׳איז געווען מיט מיר — גיבן זיי אַ מעג־לעכקייט צו „קומען צו זיך״ כדי דערנאָך צו ווערן צוריק אַ נוצלע־כער, פּראָדוקטיווער אַרעסטאַנט. דאָס קומט אָבער נישט אָן אַזוי לייכט, דאָס דאַרף זיך דער אַרעסטאַנט אַליין דערשלאָגן און אַדורכגיין נישט ווייניק שוועריקייטן, ווי איך בין אַדורכגעגאַנגען. כ׳האָב זיך אָבער פאַרט דערשלאָגן, וואָס כ׳האָב געוואָלט: באַקומען די לייכטע אַרבעט, אַלס „דניעוואַלני״ פון דער קאָמענדאַנטור — אַן אויפזעער, אויפרוי־מער אין באַראַק.

ס׳זענען פאַראַן אין לאַגער צוויי מינים „דניעוואַלניעס״, סיי פון די בריגאַדעס און אויך פון דער קאָמענדאַנטור. דער בריגאַדנער „דניעוואַלני״ פירט אויס זיין אַרבעט מערסטנס נאָכן אַרבעטס־טאָג (אַ גאַנצן טאָג אַרבעט ער מיט דער בריגאַדע). ער באַדינט אויס־שליסלעך זיין בריגאַדע. ער ברענגט דאָס ברויט, די זופּ פאַר דער בריגאַדע; טראָגט אַוועק די ווויליקעס צום טריקענען אין דער „סו־שילקע״ און אַנדערע אַרבעטן פאַר זיין בריגאַדע. דערפאַר איז ער פּריווילעגירט ביים בריגאַדיר, ביי דער אַרבעט. דער קאָמענדאַנטור־„דניעוואַלני״ (די אַרבעט וואָס איך האָב באַקומען) באַדינט די אַרעס־טאַנטן פון גאַנצן באַראַק־צימער. דער באַראַק באַשטייט פון 4 גרויסע צימערן און אין מיטן אַ לאַנגער קאָרידאָר. אין יעדן אַזאַ צימער וווינען בערך 100 אַרעסטאַנטן, 3 בריגאַדעס. יעדער צימער האָט אַ „דניע־וואַלני״ פון דער קאָמענדאַנטור. ביינאַכט טאָר איך נישט שלאָפן; כ׳דאַרף אַכטונג געבן, אַז אַלץ זאָל זיין אין אָרדענונג, מ׳זאָל נישט גנבענען איינער ביים צווייטן דאָס אָנטועכץ, די זאַכן, פּרעמדע, נישט איינוווינערס נישט אַריינלאָזן. פאַרטאָג מוז איך אויפוועקן די זע־קאַ צו דער אַרבעט. נאָכן „ראַזוואָד״ (ווען אַלע גייען שוין אַוועק צו דער אַרבעט) דאַרף איך צוראַמען דעם באַראַק, גוט אויסוואַשן די פּאָד־לאָגעס, אָנטראָגן וואַסער און „קיפּיאַטאָק״ (געקאָכטע וואַסער) פאַר די באַראַק־איינוווינער. דאַן קומט אַ קאָנטראָל פון דער קאָמענדאַנטור

צו זען, אויב אַלץ איז ריין, אין אָרדענונג — דערנאָך מעג איך זיך לייגן שלאָפֿן.

אויפֿן ערשטן בליק דוכט זיך טאַקע, אַז עס איז אַ לייכטע אַר־בעט. אין דער אמתן זענען דאָ געווגג שוועריקייטן ביים אויספֿירן אָט די אַרבעט. ס'איז, פֿאַרשטענדלעך, נישט צו פֿאַרגלייכן מיט דער אַרבעט אין אַ בריגאַדע: צו זיין 10 שעה אויפֿן פֿראָסט, אויספֿירן אַ שווערע נאָרמע. אין באַראַק געפֿינט מען זיך אין דער וואַרעם און דאָס איז אַ גרויס געווינס אין די באַדינגונגען פֿון די צפֿונדיקע, פּאָליאַרע פֿרעסט.

די ערשטע שוועריקייט פֿאַרן „דניעוואַלני" איז, וואָס ס'איז נישטאָ ווען צו שלאָפֿן: ביינאַכט טאָר מען נישט שלאָפֿן. ס'איז די פֿליכט פֿון „דניעוואַלני" צו זיין וואַך; פֿון דער קאָמענדאַנטור קומט מען אָפֿט קאָנטראָלירן און אויב מען טרעפֿט אים אַ שלאָפֿנדיקן שמעקט דאָס מיט פֿאַרלירן די אַרבעט און אויך גיין אין „איזאָלאַטאָר". בייטאָג, נאָכן צורוימען דעם גרויסן צימער, אויסוואַשן די פּאָדלאָגעס, מעג איך, לויטן רעגולאַמין פֿון דער קאָמענדאַנטור, יאָ שלאָפֿן. קומען אָבער קאָנטראָלערן פֿון דער „אורטשע" און זוכן צי באַהאַלטן זיך נישט זע־קאָ פֿון דער אַרבעט? און זיי לאָזן נישט שלאָפֿן. צו אַלעם מוז מען געפֿינען אַן עצה, אויב מ'קריגט אַביסל דערפֿאַרונג.

דער איינציקער אויסוועג איז צו „קויפֿן" אַ געהילף, וואָס זאָל בייטאָג דיזשורירן, דאַן האָב איך אַ מעגלעכקייט אַ ביסל צו שלאָפֿן. דערפֿאַר מוז דער „דניעוואַלני" צאָלן דעם געהילף מיט אַ טאַלאָן אויף זופּ אָדער אַ שטיקל ברויט. פֿאַר דעם „געצאָלטס" קריגט מען שטענדיק אַ קראַנקן, וואָס איז גרייט צוצודינען דעם „דניעוואַלני". ווען איך בין געווען קראַנק (דעם חודש) האָב איך אויך „צופֿאַר־דינט" ביים „דניעוואַלני" און אויך באַקומען אַביסל דערפֿאַרונג. עס האָט מיר אָפּגעגליקט: כ'בין געוואָרן „דניעוואַלני" אין דעם צימער, ווו איך האָב געוווינט. די זע־קאָ, וואָס כ'האָב באַדינט זענען געווען „קאָנטריקעס", געוועזענע אַרבעטער, פּויערים אויף דער פֿריי, אַ פּשוטער פֿאָלקס־עלעמענט. ס'האָבן זיך איינגעשטעלט גאַנץ גוטע באַציאונגען צווישן מיר און מיינע מיטוווינערס. דאָס איז זייער וויכ־טיק פֿאַר אַ „דניעוואַלני". כ'האָב זיך באַמיט, אַז צו זייער קומען פֿון דער אַרבעט זאָלן זיין אָנגעטראָגן פֿולע פֿעסער מיט קאַלט וואַסער און אויך „קיפּיאַטאָק". בכלל האָב איך זיך שטאַרק באַמיט זיי צופֿרידן צושטעלן און דאָס האָט זיך מיר מער־ווייניק איינגעגעבן, אַפֿילו מיין געוועזענער בריגאַדיר כאָלאָדענקאָ איז אויך געווען צופֿרידן פֿון מיר.

יעדע עטלעכע טעג בין איך, ווי פֿריער, געגאַנגען אין דער אַמבו־לאַטאָריע צו דער דאָקטערין ווערא אַבראַמאָווגאַ ציגעל. אויך זי האָט

זיך צו מיר זייער גוט באַצויגן, נישט ערגער פון יענעם פריערדיקן דאָקטער. אויך זי האָט מיר שטענדיק געגעבן אַ שטיקל ברויט אָדער אַ טאַלאָן אויף זופּ ביים אַוועקגיין. קען זיין, אַז דער דאָקטער יעפּיס אַראַנאָוויטש האָט איר געהאַט אָנגעזאָגט וועגן דעם? פון דעם האָב איך געהאַט צו צאָלן מיין „געהילף". כ'האָב אויך געהאַט באַקאַנט־שאַפט מיט די יידישע אינזשעניערן און טעכניקער (אין באַראַק פון די אי.ט.ער.) און ביי זיי אויך עפּעס געקריגן, אָדער אויסגעטוישט צוקער אָדער טאַבאַק (מאַכאָרקע) אויף ברויט. מיין לאַגע האָט זיך שטאַרק געענדערט צום בעסערן. כ'בין שוין נישט געווען אַזוי הונ־געריק. כמעט זאַט.

דאָס רעדל פון מיין לעבן האָט זיך אביסל אַ דריי געטאָן אין דער גוטער זייט. כ'האָב, פאַרשטענדלעך, אָנגעהויבן אויסזען בעסער. מיינע אָנגעפרוירענע גלידער האָבן זיך ביסלעכוויז, פּיל־ווייניק פאַרהיילט.

אָבער לאַנג לאָזט מען אין לאַגער נישט לעבן רואיקער, בעסער. ס'זענען שטענדיק פאַראַן פיל נישט־פאַרגינערס, וואָס קענען נישט ליידן, וואָס יענעם לעבט זיך בעסער פאַר אים, דערצו נאָך אַ ייד.

ס'האָט לאַנג נישט געדויערט און אין איינעם אַ פרימאָרגן האָט זיך אין באַראַק צעטראָגן אַ געשריי:

— בריגאַדיר, מ'האָט מיך ביינאַכט באַגנבעט! אַ טייל פון מיין פּייקע ברויט, וואָס כ'האָב איבערגעלאָזט אויף אינדערפרי, האָט מען ביי מיר צוגעגנבעט!

באַלד רופט מען ארויס דעם קאָמענדאַנט, מיין באַלעבאָס. כ'דער־קלער מיט דער גאַנצער פעסטקייט, אַז כ'בין ביינאַכט נישט גע־שלאָפן, כ'האָב נישט געזען, אַז עמעצער זאָל גנבענען. ס'געפינען זיך אויך אַזעלכע, וואָס זענען מיט מיר באַפריינדעט, וואָס באַשטעטיקן מיינע רייד. צי קען איך קאָנטראָלירן די אמתדיקייט פון דעם שריי־ערס, דעם אָנקלאָגערס ווערטער? צי האָט מען באמת ביי אים צוגעגנבעט דאָס ברויט, אָדער דאָס איז סתם אַ בלבול, אַז איך זאָל פאַרלירן מיין אַרבעט אַלס „דניעוואַלני"? קודם־כל שרייבט דער קאָ־מענדאַנט אַ פּראָטאָקאָל. גראָד איז דער קאָמענדאַנט געווען נישט קיין שלעכטער מענטש:

— כ'וועל זען ווייטער — זאָגט ער.

ס'גייט אַדורך אַ שטיקל צייט און עס רוקט זיך אויף מיר אַ ניי אומגליק. גאָר פון אַן אַנדערער זייט, פון דער העכערער מאַכט: ביי־נאַכט, ווען כ'שלאָף נישט, באַזוכט מיך אַן אַגענט פון דריטן אָפּטייל (די נ.ק.וו.ד. אין לאַגער). ער פאַרפירט מיט מיר אַ שמועס, פאַר־

וואָס איך זיץ, פאַרוואָס כ'בין געוואָרן אַ זע־קאַ? וואָס פאַרא פאַר־ברעכן כ'בין באַגאַנגען? פּאַרזיכטיק זאָג איך ארויס מיין מיינונג, אַז כ'בין קיין שום פאַרברעכן נישט באַגאַנגען, כ'בין אומשולדיק. דער אַגענט דריקט מיר אויס מיטגעפיל, ער האָט כלומרשט מיט־לייד מיט מיר. ער זאָגט דערביי, אַז כ'האָב אַ גוטע אַרבעט, אין דער וואַרעם, דאָס איז אַ גליק אין די היגע באַדינגונגען. דערנאָך האַלט ער גאָר פאַר מיר אַ סקאַרבאָווע לעקציע, אַז כ'דאַרף אויסקויפן מיינע זינד, זיך פאַרבעסערן, אויך דאַרף איך היטן מיין גוטן אַרבעטס־אָרט אין דער וואַרעם און ער וועט מיר דערין העלפן, אויב איך וועל פאַר אים טאָן איין „קלייניקייט": כ'זאָל אים איבערגעבן, אינ־פאָרמירן, וואָס עס רעדן צווישן זיך די בריגאַדניקעס, די „קאָנטרי־קעס", ווער ס'זאָגט ארויס מיינונגען קעגן דער סאָוויעטן־מאַכט? איך זאָג אים, אַז איך וויים גאָרנישט, כ'הער גאָרנישט, כ'בין פאַרנומען מיט מיין אַרבעט און כ'האָב נישט קיין צייט אויף אונטערצוהערן. ער, דער אַגענט, וויל מיך מאַכן פאַר אַ מסור, אַן אונטערטראָגער. ער זאָגט מיר אויך, אַז אַנדערע „דניעוואַלניקעס", אויב זיי ווילן זיך האַלטן אויף זייער אַרבעט, טוען אויך דאָס זעלבע. ס'איז מיין פליכט צו העלפן דער סאָוויעטן־מאַכט אויסצוגעפינען אירע שונאים. דער אַגענט זאָגט מיר דערביי, אַז ער וועט קומען די אַנדערע וואָך נאָך אינפאָרמאַציעס.

כ'געדענק גאַנץ גוט וויפל שלעכטס כאַלאַדענקאָ האָט מיר געטאָן, וויפל כ'האָב צוליב אים געליטן און מיט מיינע אַ מסירה קען איך אין אים נקמה נעמען. אויך האָב איך חשבונות מיט דעם שרייער וועגן דער מכלומרשטער גנבה, וואָס איז זיכער געווען אַ בלבול אויף מיר, מ'זאָל מיך אַראָפּנעמען פון דער אַרבעט אַלס „דניעוואַל־ני". אויך אין אים קען איך זיך נוקם זיין — עקבערט מיר אין געדאַנק. פון דער צווייטער זייט טראַכט איך, אַז מיט אַזעלכע מיט־לען, ווי מסרן, וועל איך אין זיי קיין נקמה נישט נעמען. זיין אַ מסור? דאָס איז דאָך עקלדיק. מענטשן זענען פאַרשפאַרט אין לאַגער, דער־צו אומשולדיק, זאָל איך, אַליין אַן אומשולדיקער, נאָך צולייגן אַ האַנט מיט מיין מסרן, צו פאַרגרעסערן דערמיט זייער אורטייל?

דער אַגענט פון דריטן אָפּטייל קומט צו מיר יעדע וואָך נאָך „אינפאָרמאַציעס" און ער באַקומט זיי נישט פון מיר. ער וואָרנט מיך יעדעס מאָל, אַז מ'וועט מוזן שטעלן אַהער אַן אַנדערן „דניעוואַלני", אַז כ'בין צופיל איינגעשפּאַרט, נישט וויליק מיטצואַרבעטן. איך קען אָבער נישט האַנדלען קעגן מיין געוויסן, צוליב אַ בעסערע אַרבעט, זאַטערע באַדינגונגען ווערן אַ מסור? בויען מיין גליק אויף יענעמס אומגליק? ניין, דאָס דערלאָזט נישט מיין געוויסן! כ'בין אין קלעם

פון בײדע זײטן: פון אײן זײט פון קאָמענדאַנט, מײן באַלעבאָס וואָס האָט צוגיפגעשטעלט דעם פּראָטאָקאָל, אַז אין באַראַק איז געשען אַ גנבה און דאָס איז דאָך מײן שולד; און פון דער צווייטער זײט: פון אַגענט פון דריטן אָפּטייל — ווייל כ׳וויל נישט געבן קיין „אינפאָרמאַציעס" בײם העלפן אויסגעפינען קאָנטער־רעוואָלוציאָנערן.

כ׳האָב געמײנט, אַז זײן אַ „דניעוואָלני" איז אַ לײכטע, גוטע אַרבעט. ווען כ׳האָב יעדן אינדערפרי געדאַרפן גײן אויף דער אַלגעמײנער אַרבעט מיט דער בריגאַדע, האָב איך מקנא געווען דעם „דניעוואָלני", וואָס בלײבט אין דער הײם, אין דער וואַרעם. איצט זע איך, אַז אויך די לײכטע אַרבעט האָט אירע בלויזן, אירע פּראָבלעמען, גאָר־נישט קײן לײכטע פּראָבלעמען. כ׳פּיל, אַז מײן לײכטע אַרבעט איז אין געפאַר, כ׳וועל זי אינגיכן מוזן פאַרלירן...

ס׳קומען אָבער לעצטנס פאַר אין לאַגער, אין מײן באַראַק, מאָדנע נישט־פאַרשטענדלעכע פאַר מיר, זאַכן: מ׳פירט איבער די אַרעסטאַנטן פון אײן באַראַק אין צווייטן, צימערן ווערן באַפרײט, ווערן לײדיק. ס׳פילט זיך אין דער לאַגער־באַוועגונג, אַז מ׳וואַרט אויף אַן עטאַפּ (מ׳דאַרף ברענגען אַרעסטאַנטן), אָדער ס׳דאַרף אַוועק־גײן אַן עטאַפּ? מײן צימער, וווּ איך בין „דניעוואָלני" איז געוואָרן לײדיק. כ׳בין געוואָרן „אַרבעטסלאָז", כ׳האָב נישט וועמען צו באַדינען. די בריגאַדעס, וואָס האָבן געוווינט אין מײן צימער זענען געוואָרן אַריבערגעפירט אין אַן אַנדער אָרט, אין אַ צווייטן באַראַק. מיך טשע־פּעט מען עפּעס דערווייל נישט. כ׳קריג יעדן טאָג מײנע טאַלאָנען אויף זופּ, מײן פּייקע ברויט, מ׳גיט מיר נישט קײן אַנדערע אַרבעט, מ׳שיקט מיך נישט אין קײן בריגאַדע. דער קאָמענדאַנט פאַרשט גאָר־נישט די גנבה, לויטן צוגיפגעשטעלטן פּראָטאָקאָל, אויך קומט נישט מער צו מיר דער אַגענט פון דריטן אָפּטייל נאָך קײן „אינפאָרמאַציעס" און מיך סטראַשען, אַז מ׳וועט מיך מוזן אַראָפּנעמען פון דער אַרבעט צוליב מײן נישט נאָכגיביקײט...

אינגיכן, נאָך עטלעכע טעג, איז געקומען אַן ענטפער אויף די אַלע פראַגן. אַלץ האָט זיך אויפגעקלערט: ס׳גרייט זיך אַן עטאַפּ פון „אַקטירטע" צום מאַטעריק. אהער, אויפן ווייטן צפון, אין פּאָליאַר־קרייז, האָט מען געבראַכט פאַראַיאָרן, אָדער פאַר צוויי יאָר, געזונטע אַרעסטאַנטן, אַלע זענען דאַן אדורכגעגאַנגען אַ מעדיצינישע קאָמיסיע פאַרן ווערן באַשטימט אויפן עטאַפּ. דורך דער צײט אָבער האָבן פיל זע־קאַ פאַרלוירן די כוחות, זײער געזונט. דערפאַר איז באַשטימט געוואָרן, אַז אין אַלע לאַגער־פּונקטן זאָלן ווערן אַדורכגעפירט מע־דיצינישע קאָמיסיעס פאַר די זע־קאַ און די קראַנקע און שוואַכע צו „אַקטירן" (צוגיפשטעלן אַקטן) און זײ אַרויספירן פון דאַנען, פון

שווערן פּאָליאַרנעם קלימאַט, אין אַנדערע לאַגערן אַריין און אויף זייער אָרט ברענגען אַהער „פּאָלנאָצעננע (פּולוורטיקע), געזונטע, אַרעסטאַנטן. די אונטערוועלטניקעס, די גנבים, באַנדיטן האָבן איינ־געלייגט וועלטן אַריינצופּאַלן אין עטאַפּ, צו ווערן „אַקטירט". זיי האָבן אָנגעווענדט פאַרשידענע מיטלען ביי דער מעדיצינישער קאָמיסיע: זיי האָבן קינסטלעך געהויבן זייער טעמפּעראַטור, עסנדיק טאַבאַק, אונטערשמירנדיק אונטערן אָרעם ווו מען לייגט דעם טערמאָמעטער, מיט ציבל, אָדער אַנדערע מיטלען. ווי איך געדענק, האָבן זיי אויך געמאַכט גרויסע באַמיאונגען נישט צו פאָרן אויפן „סעווער" (צפון). אויפן „מאַטעריק" האָבן זיי גרעסערע מעגלעכקייטן אפילו צו אַנט־לויפן און אפשר אויך אַ ברייטערע פּעריפעריע צו גנבענען.

איך בין נישט געגאַנגען ספּעציעל זיך קלאָגן אויף מיין געזונט־צושטאַנד צו ווערא אַבראַמאָווגאַ ציגעל. פון צייט צו צייט בין איך צו איר געגאַנגען אויף וויזיטן. זי האָט מיר אפילו נישט געזאָגט און איך האָב טאַקע נישט געוווּסט, אַז זי האָט מיך אַקטירט. כ'בין אויך געווען באַשטימט אויפן עטאַפּ.

דאָס איז געווען די סיבה פאַרוואָס מ'האָט מיך נישט געטשעפּעט, כאָטש כ'בין שוין עטלעכע טעג געווען אָן אַרבעט אין ליידיקן באַראַק. מ'האָט אונדז, די אַקטירטע, געדאַרפט פירן קיין דודינקע אין פּאָרט און פון דאָרטן מיט אַ שיף אויפן מאַטעריק.



די באַן־ליניע, וואָס האָט זיך געהאַלטן אין בויען ביי מיין אָנקו־מען קיין דודינקע האָט זיך שוין געהאַט פאַרענדיקט פאַר דער צייט, אַ מהלך פון בערך 120 קילאָמעטער. ס'האָט גענומען נישט קיין סך צייט אריבערצופירן אונדז, די אַקטירטע, פון נאָרילסק קיין דודינקע צום פּאָרט, פונוואַנען מיר האָבן געדאַרפט ווערן אָפּגעשיקט מיטן עטאַפּ אויף אַ שיף, ביי 3000 קילאָמעטער מיטן טייך יעניסעי צום קראַסנאָיאַרסקער פּאָרט.

# ווידער אין דודינקע

אין אַ שיינעם, זומערדיקן פרימאָרגן זענען מיר, אונדזער עשאַ־לאָן זע־קאַ, אָנגעקומען פון נאָרילסק קיין דודינקע. קורץ איז דער זומער אויפן ווייטן צפון, ווייניק זוניקע טעג אין יאָר האָט דער קלי־מאַט, אָבער אויך דאָ שיינט די זון, באַלייכט און וואַרעמט, אַז ס׳איז אַ מחיה. זומער־צייט איז דאָ ליכטיק כמעט 24 שעה אין מעת־לעת, דער טאָג ענדיקט זיך עפּעס אינגאַנצן נישט. דאָס רופט מען: „די ווייסע נעכט״. ווען ס׳קומט אָוונט־צייט, ווען די זון דאַרף נאָרמאַל אונטער־גיין, ווי איך בין געוווינט צו זען, ווערט אביסל טונקל. מ׳זעט באַ־שיימפּערלעך, ווי די זון, ווי אַ גרויסער פייערדיקער באַלעם קייקלט זיך אַלץ נידעריקער און נידעריקער אויפן ראַנד פון האָריזאָנט און פאַרשווינדט, גייט אונטער. ס׳ווערט אביסל טונקל, ווי אין אָוונט. אָבער אין אַ קורצע ווײַלע ארום, אפשר א שעה אָדער צוויי, זעט מען, ווי די זון הייבט זיך צוריק אויף, קריכט ארויס פון דער אַנדע־רער זייט הימל, פון האָריזאָנט. ס׳ווערט ווידער טאָג, אויס אָוונט, אויס נאַכט. מ׳פאַרלירט דעם חשבון פון צייט, פון טאָג און נאַכט.

די ערשטע צייט, ביז כ׳האָב זיך צוגעוווינט דערצו איז עס גע־ווען זייער מאָדנע. כ׳האָב נישט געקענט שלאָפן, אָבער צו וואָס גע־ווינט מען זיך נישט צו? מ׳מוז.

קומענדיק קיין דודינקע, האָט זיך אָנגעהויבן די נאָרמאַלע פּראָ־צעדור: דאָס איבערציילן, נאָכאַמאָל און ווידעראַמאָל, אויסרופן די נעמען, ווי יעדער דאַרף ענטפערן מיטן נומער פון דער „ליטשנע דיעלאָ״ (פון פאָרמולאַר). מיר זענען שוין געוואָרן אויס מענטשן, מיר זענען נאָר נומערן. דאָס אַלץ פאַרנעמט לאַנגע שעהן. אונדזערע דודינ־קער נייע באַלעבאַטים איילן זיך גאָרנישט. דער וועטער איז טאַקע אַ גוטער, אַ זוניקער, אַ מחיה צו זיין אין דרויסן. מיר האָבן אָבער נאָך היינט גאָרנישט געגעסן, אפילו נישט געטרונקען. מיר זענען נאָך היינט אויפן ניכטערן מאָגן, כאָטש ס׳דערנענטערט זיך שוין צום האַלבן טאָג. ס׳זעט אויס, אַז ביז דאָס ציילעניש און שרייבעניש וועט זיך נישט ענדיקן, איז נישטאָ קיין אויסזיכטן צו קריגן אַ ביסל „באַ־לאַנדע״. סוף־כל־סוף האָט זיך די פּראָצעדור פון אויפנעמען דעם נייעם עטאַפּ אויך געענדיקט און מ׳האָט אונדז איינקוואַרטירט אין דריי גרויסע באַראַקן, אינעם אַזוי גערופענעם „קאַראַנטין״ צו וואַרטן אויף דער שיף, אויפן עטאַפּ צום מאַטעריק.

גאָר אומגעריכט איז געקומען די מעלדונג, אַז אַלע דאַרפֿן זיך צוגרייטן צו אַ נייער מעדיצינישער קאָמיסיע.

ווידער אַ מעדיצינישע קאָמיסיע? מיר זענען אַלע אַקטירטע פון דער נאַרילסקער מעדיצינישער קאָמיסיע. מיר האָבן נישט געקענט וויסן די סיבה דערפון. קיינער איז נישט פאַרפליכטעט אונדז צו דער־ציילן. אונדזער אויפגאַבע איז נאָר אויסצופֿילן די באַפעלן פון „אויבן", פון דער אַנפירערשאַפט.

מ'האָט געזאָגט, אַז ס'קען זיין, אַז די שיף האָט נישט געקענט אריינגעמען אַזאַ גרויסע צאָל אַרעסטאַנטן, די אַקטירטע. ס'זענען אויך געווען קלאַנגען (מיר שפּיזן זיך אַלץ מיט קלאַנגען: „מ'האָט גע־זאָגט", „מ'האָט געהערט"), אַז אַ טייל זע־קאַ זענען געוואָרן אַקטירט „פּאָ בלאַטו" (נישט געזעצלעך, אונטערגעקויפט די דאָקטוירים). די איצטיקע מעדיצינישע קאָמיסיע איז געוואָרן דורכגעפירט אין גע־אייל. די שיף איז שוין געשטאַנען און אויף אונדז געוואַרט. די „בלאַט־ניאַ" (די אונטערוועלט) דערשנאַפּן אַלץ די ערשטע — זיי זענען דאָך נענטער צו דער נאַטשאַלסטווע. זיי לויפן ארום, ווי די פאַרסמטע מייז און זוכן אַן אָרט ווו זיך צו באַהאַלטן, כדי נישט אַדורכצוגיין די מעדיצינישע קאָמיסיע. וואָס קען אַראָפּנעמען זייער אַקטיראָווקע און זיי זאָלן בלייבן דאָ אויפן ווייטן צפון. כ'האָב זיך אויך געקענט אויס־באַהאַלטן פון דער קאָמיסיע און אויך פאָרן מיטן עטאַפּ אַלס אַק־טירטער. האָב איך אָבער געהאַט גרויסע ספקות; כ'האָב בכלל זיך געשלאָגן מיט דער דעה וואָס צו טאָן? וואָס אַן אמת האָב איך אליין נישט געמאַכט קיין שום באַמיאונגען מ'זאָל מיך אַקטירן. ס'איז גע־קומען פאַר מיר אין גאַנצן אומגעריכט, אומדערוואַרט. די דאָקטערין ציגעל האָט פאַר מיר געזאָרגט און מיך אַקטירט. כ'האָב דאַסמאָל אויך נישט געהאַט קיין גרויסן חשק צו פאָרן אויפן מאַטעריק. צופעליק האָב איך דאָ געטראָפן זע־קאַ, וואָס זענען נאָר וואָס געקומען פון מאַטע־ריק, פון אַ סיבירער לאַגער. די גרוסן זענען געווען קלאָגעדיקע. דאָס עסן און די באַדינגונגען זענען דאָרטן פיל ערגערע ווי דאָ. זיי האָבן געזאָגט, אַז זיי זענען צופרידן, וואָס מ'האָט זיי געבראַכט אַהער.

צוליב אָט די סיבות איז טאַקע ביי מיר געשטאַנען די פראַגע: צי זאָל איך גלייך, ווי אַנדערע, וואָס ווילן פאָרן מיט עטאַפּ, זיך אויס־באַהאַלטן? וואָס טוט מען אין איצטיקן מאָמענט? ווי אַזוי האַנדלט מען דאָ? זיך אויסבאַהאַלטן פון דער קאָמיסיע און פאָרן מיטן עטאַפּ אויפן מאַטעריק? איז ווער ווייסט וואָס פאַראַ סורפּריזן, וואָס פאַראַ שווערע באַדינגונגען ס'דערוואַרטן מיך דאָרטן? ס'קען זיין, אַז ס'וועט מיר ווערן ערגער ווי דאָ? וועל איך חרטה האָבן, ווייל כ'האָב אַליין פאַר־ערגערט מיין לאַגע. האָב איך דערפאַר באַשלאָסן יאָ צו גיין צו דער

מעדיציניִשער קאָמיסיע, זיך נישט אויסבאַהאַלטן. זאָל די קאָמיסיע אליין באַשטימען. אַזוי אָרום וועט דאָס נישט זיין אָפּהענגיק אין מיר זעלבסט — ס׳וועט זיין אַ גורל־זאַך. כ׳בין טאַקע אַוועק צו דער קאָמיסיע. דריי מענטשן זענען געזעסן און אונדז באַטראַכט. נאָר אַ מינוט אָדער צוויי האָט געדויערט די גאַנצע פּראָצעדור: זיי האָבן געהייסן זיך אויסטאָן נאַקעט, ווי ביי יעדער קאָמיסיע, ארומגעקוקט דעם קערפּער, ווי ביי אַ בהמה, וואָס מ׳וויל קויפן, צי איז נאָך דאָ עפּעס פליייש אויף די ביינער? צי די הענט און פיס זענען גאַנץ? זיי האָבן זיך איבערגעקוקט צווישן זיך און דער „סטאַרשי״ (דער עלטסטער, דער פאָרזיצער פון דער קאָמיסיע) האָט אַ מורמל געטאָן:

— „גאָדיען״ (ער טויג). ס׳הייסט, אַז כ׳טויג פאַרן צפון־לאַגער. כ׳בין מער נישט אַקטירט. מיט איין וואָרט: דער דאַקטער האָט אַראָפּגענומען מיין אַקטיראָווקע. כ׳בין געבליבן ווייטער אויפן ווייטן צפון, אין דודינקע.

## אויף לייכטע אַרבעט אין „אָוואָשניק״

אמת, כ׳בין מער נישט אַקטירט, דערפאַר אָבער בין איך געוואָרן באַשטימט דורך דער קאָמיסיע אויף לייכטע אַרבעט. ס׳האָט נישט לאַנג געדויערט און כ׳האָב טאַקע די לייכטע אַרבעט באַקומען. מ׳האָט מיך געפירט אַרבעטן אין אַן „אָוואָשניק״, אויפן קאַרטאָפל־סקלאַד פון דער דודינקער פּראָדוקטן־באַזע, איבערצוקלייבן קאַרטאָפל. וואָס קען נאָך זיין בעסער אין לאַגער, ווי אַרבעטן ביי קאַרטאָפל, ביי שפּייזאַרטיקלען? אויפן פאַליאַרנעם צפון, אין אַזאַ קאַלטן קלימאַט, ווו דער זומער איז א קורצער און די ערד איז, מערסטנס, אַ שטיינערדיקע און געפרוירענע, קענען דאָ נישט וואַקסן קיין גרינוואַרג, פּרוכטן, ווייץ, קאָרן אאַ״וו.

אין פאַרלויף פון קורצן זומער, ווען דער טייך יעניסעי איז נאָך נישט פאַרפרוירן, דורך דער צייט פון דער „נאַוויגאַציע״, ווי מען רופט דאָס דאָ, ווערן אריינגעפירט פון מאַטעריק קיין דודינקע שפּייזאַרטיקלען אויפן גאַנצן יאָר. אין ווינטער־צייט ווערן געפירט מיט עראָפּלאַנען אַ באַגרענעצטע צאָל אַרטיקלען, פּראָדוקטן, וואָס קענען זיך לאַנג נישט האַלטן, ווי: פּאָמידאָרן, עפּל, אפילו ווייַנטרויבן, אָבער דאָס איז נאָר פאַר דער „העכערער מאַכט״, פאַר דער נאַטשאַלסטווע.

געפינען זיך טאַקע דאָ, אין דודינקע, נעבן פּאָרט, גרויסע סקלאַ־

דעס פּאַר פּראָדוקטן צו באַזאָרגן סיי די פאַרשלאָסענע ווי אויך די פרייע בירגער אויף אַ גאַנץ יאָר. אין דער נאַוויגאַציע־צייט איז טאָקע די הויפּט־אַרבעט פון די זע־קאַ דאָס אויסלאָדענען די פּראָדוקטן פון די באַרזשעס, אריבערפירן אין די סקלאַדעס. אין פאַרלויף פון די אַנדערע חדשים פון יאָר אַרבעטן אין דודינקע אַ קליינע צאָל פאַר־שלאָסענע, בלויז ביי דער בויאונג פון הייזער און אין די פּראָדוקטן־סקלאַדעס.

אונדז, די נייע „געזונטע", וואָס די מעדיצינישע קאָמיסיע האָט אַנערקענט פאַר „גאָדיען" (טויגן פאַרן צפון), האָט מען איינקוואַר־טירט אין איינעם פון די ציטוויליק־אויפגעשטעלטע זומערדיקע באַ־ראַקן הארט נעבן ברעג פון טייך דודינקאַ (אַ טייכל נאָכן יעניסעי, נעבן פאָרט). נייע עטאַפּן זע־קאַ, וואָס מ'האָט געבראַכט פון מאַטע־ריק, האָט מען אויך איינקוואַרטירט אין די באַראַקן. כ'בין געשיקט געוואָרן אויף דער אַרבעט אין אַן „אָוואָשניק". די אַרבעט איז געווען אַ גוטע: איבערקלייבן קאַרטאָפל, ציבל, אויססאָרטירן די גוטע באַ־זונדער און די פאַרפוילטע, אָדער די וואָס הייבן צו פוילן, אויך באַ־זונדער. ווען די „באַרזשע" מיט קאַרטאָפל קומט פון קראַסנאָיאַרסק ווערן זיי אין דודינקע פאַרשיט אין ספּעציעל־צוגעגרייטע שפּייכלערס („אָוואָשניקעס"). דערנאָך ווערן זיי איבערגעקליבן, ווייל די קאַליע־געוואָרענע קאַרטאָפל, די פאַרפוילטע, אין לאַנגן וועג, וואָס דויערט אַן ערך אַ חודש, קענען גיך קאַליע מאַכן די ארומליגנדיקע קאַרטאָפל. אויף אָט דער אַרבעט אין „אָוואָשניק", זענען די זע־קאַ באַשעפטיקט אָדער דורך „בלאַט" (דורך באַקאַנטשאַפט, אָדער קענען „אונטערשמירן" ווען מען מ'דאַרף), אָדער „דאָכאָדיאַגעס", ווי איך בין געווען. אַזעלכע, וואָס זענען שטאַרק אָפּגעצערט און האַלטן זיך קוים אויף די פיס.

אויף אַזעלכע אַרבעטן קומט דעם זע־קאַ לאַנג נישט אויס צו אַרבעטן. מיט מיר איז אויך געווען דאָס זעלבע. גאָר גיך האָב איך געמוזט פאַרלאָזן מיין „בלאַטנאַיאַ" אַרבעט אין „אָוואָשניק", אין דער וואַרעם, אין אַ פאַרמאַכטער געביידע (די קאַרטאָפל מוזן דאָך האָבן וואַרעם) און כ'בין אויך געווען זאַט, קאַרטאָפל האָבן מיר געגעסן גענוג. ס'זענען אָבער דאָרטן אָפט פאַרגעקומען מעדיצינישע קאָמי־סיעס און די, וואָס האָבן זיך אביסל פאַרבעסערט אין געזונט, האָבן געמוזט באַפרייען דאָס אָרט פאַר אַנדערע „דאָכאָדיאַגעס". די געזונטערע זענען געוואָרן געשיקט קיין נאָרילסק בויען דעם מעטאַלורגישן קאָמ־בינאַט, אָדער דאָ, אין דודינקע, געוואָרן אויסגענוצט אויף אַלגעמיינע אַרבעט.

*

מיט דער שיף פון מאַטעריק איז געקומען אַ פּאַרטיע נייע אַרעס־טאַנטן, געזונטע, וואָס האָבן געדאַרפן פאַרטרעטן די אַקטירטע, וואָס זענען געוואָרן אַוועקגעשיקט. כ׳האָב דאָרטן באַקענט איינעם אַ ייִד פון קראַסנאָיאַרסק, ראובן גאָלדבערג. האָט ער מיר דערציילט ביי וואָס פאַראַ אויסטערלישע אומשטענדן ער איז געוואָרן אַרעסטירט און באַקומען 5 יאָר פאַר קאָנטער־רעוואָלוציאָנערער אַגיטאַציע: אין קראַסנאָיאַרסקן פּאָרט, ווו ער האָט געאַרבעט אַלס פרייער בירגער, האָט מען „געגרוזעוועט״ (אויפגעלאָדן) אויף אַ „באַרזשע״ זע־קאַ און רובקע האָט זיך, צוליב זיין אַרבעט, געפונען נישט ווייט פון דער „באַרזשע״. די אַרעסטאַנטן זענען געזעסן אויפן ברעג, פאַרשטענדלעך באַוואַכט אַרום און אַרום, געוואַרט ביז אַלע פאָרמאַליטעטן וועלן ווערן אַדורכגעפירט. צווישן זיי האָט זיך אויך געפונען אַ ייִד. ווען יענער האָט דערזען נישט ווייט אויפן ברעג רובקען, אַ ייִד, אַ פרייען בירגער, האָט ער געגעבן אַ געשריי צו אים אין ייִדיש:

— „ביטע, האָסטו נישט אַמאָל ציַיטונגס־פּאַפּיר צו רויכערן? (צו מאַכן אַ מאַכאָרקע־פּאַפּיראָס). רובקע האָט געגעבן אַ טאַפּ אין זיין טאַש און דאָרטן געפונען אַן אַלטע ציַיטונג, דוכט זיך אַ „פּראַוודאַ״. צוגיין צו די אַרעסטאַנטן איז געווען פאַרבאָטן. האָט רובקע די צײַ־טונג געגעבן דעם באַוואָפנטן סאָלדאַט, כדי יענער זאָל דאָס איבער־געבן דעם ייִדישן אַרעסטאַנט, וואָס האָט געבעטן. דער סאָלדאַט האָט, ווי ס׳פירט זיך, פאַנאַנדערגעוויקלט די ציַיטונג און ער האָט דאָרטן געזען אַן אויסטערלישע זאַך: ס׳איז דאָרט צום פּאָרטרעט פון סטאַ־לינען (יעדן טאָג זענען אין אַלע ציַיטונגען געווען פּאָרטרעטן פון סטאַ־לינען) מיט אַ בלייער געווען צוגעמאָלן אַ באָרד צו סטאַלינס גאָמבע און אַ ליולקע אין זיין מויל. דאָס האָט געמאַכט רובקעס טעכטערל סוועטאַ. אַ מיידעלע פון 5 יאָר, וואָס האָט זיך געלערנט צייכענען, זיך געשפּילט און דאָס צוגעצייכנט צו סטאַלינס בילד. רובקע, נעמענ־דיק אין דער פרי די ציַיטונג אין טאַש אריין, האָט דאָס נישט באַ־מערקט. דער ייִדישער אַרעסטאַנט האָט שוין די ציַיטונג פאַר זיינע מאַכאָרקע־פּאַפּיראָסן נישט באַקומען. די ציַיטונג האָט שוין געדינט ווי אַ זאַכלעכער באַוויז, אַז רובקע זאָל באַקומען 5 יאָר אַרבעטס־לאַגער פאַר קאָנטער־רעוואָלוציאָנערער אַגיטאַציע.



דאָרטן, אויפן אויפנעם־פּונקט פון דודינקער פּאָרט, האָב איך אויך באַקענט מיין צוקונפטיקן בריגאַדיר ליובאָווסקי און דעם „דיע־סיאַטניק״ באָריס לוואָוויטש מאַרקאָוו. מיט זיי, אונטער זייער אַנפי־

רערשאַפט, איז מיר אויסגעקומען צו אַרבעטן און זיי האָבן מיר פיל געהאָלפן אין פאַרלויף פון קנאַפּע 4 יאָר אין לאַגער. זיי זענען אויך געקומען מיטן נייעם עטאַפּ פון מאַטעריק.

ליובאַווסקי, אַ מיטלוווקסיקער, ברייטפּלייציקער, שטאַרק־באַ־רעדעוודיקער מאַן, אַ ייד. מ׳האָט גלייך געקענט זען, אַז ער איז געווען אַ גרויסע „שישקע״ (אַ וויכטיקע פיגור). זיין קערפּער, זיין פּנים, דער בויך איז געווען אַמאָל „אין די גוטע צייטן״ פאַרקיילעכ־דיקט, אָנגעפּילט. איצטער אָבער, קומענדיק מיטן עטאַפּ, נאָך לאַנגע חדשים זיצן אין תפיסה און שווערע אויספאַרשונגען, האָבן זיך זיינע באַקן געבאַמבלט, ווי צוויי ליידיקע זעקלעך און זיין בויך איז אויך אַריבערגעהאַנגען, ווי פון דאָרטן וואָלט מען אַלץ אויסגעליידיקט.

נישט בעסער האָט אויך אויסגעזען זיין חבר, אויך אַ ייד, באָריס לוואָוויטש מאַרקאָוו. ליובאַווסקי האָט מיר דערציילט, אַז ער איז געווען אַ מיטגליד אין דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי פון 1918־טן יאָר, געקעמפט אין דעם בירגער־קריג און דערנאָך געבויט די נייע באָל־שעוויסטישע מלוכה. ר׳איז געווען אויף הויכע פּאָסטנס. זיין לעצטער אַמט, פאַר אַרעסט, איז געווען: פּאַרזיצער פון וואַלד־טרעסט פון דער אוקראַינישער רעפּובליק. אַליין איז ער געווען אַ קיעווער. פּלוצלינג, אומגעריכט איז ער געוואָרן אַרעסטירט. דאָס איז געווען אַ מסירה. עפּעס אַ בעל־קנאה האָט אויף אים אויסגעטראַכט די סאַמע אויס־טערלישע באַשולדיקונגען, ווי: שפּיאָנאַזש, פאַרראַט, סאַבאָטאַזש.

די אַזוי־גערופענע „אויספאַרשונג״ האָט זיך געצויגן ביי 4 חדשים און ער האָט זיך נישט איינגעבראָכן, זיך נישט „מודה״ געווען. דער לעצטער מיטל פון די אויספאַרשערס איז געווען: מ׳האָט אים שפּעט ביינאַכט געפירט אונטער אַ וואַך פון תפיסה צו אַ בית־עולם, דאָרטן איז געווען גרייט אַ גרוב. ליובאַווסקין האָט מען אַוועקגעשטעלט ביים ראַנד פון גרוב. פאַר אים זענען געשטאַנען צוויי סאָלדאַטן מיט די אויסגעשטרעקטע ביקסן צום שיסן. ער האָט געהערט אַ הויך, גרילצנדיק געשריי:

— זיי זיך מודה אין דיינע פאַרברעכנס, פאַרשאָלטענער הונט! אויב נישט איז שוין דיין קבר פאַרטיק!

ליובאַווסקיס האַר זענען נאָך דער נאַכט פון אָט דער שרעק־לעכער אויספאַרשונג געוואָרן פון שוואַרץ — גרוי׳ און ער האָט זיך „מודה״ געווען. ער איז געוואָרן פאַרמשפּט צו 15 יאָר זיין פאַר־שלאָסן אין די לאַגערן פון וויטן צפון.

כאָטש מיין אורטייל איז נישט געווען קיין „וויטע־צפון־לאַגערן״, האָבן זיי מיך דען נישט פאַרשיקט אַהער...

אויך באַריס לוואָוויטש מאַרקאָוו איז געווען אויף דער פריי אָן אָנגעזעענע פערזענלעכקייט. זיין אויסזען איז געווען זייער אָן איידע־לער. אליין אַ וויסנשאַפטלער, האָט ער, אויך נאָך אַ שווערע אויס־פאָרשונג באַקומען 10 יאָר לאַגער.



ווען כ׳האָב נאָך געאַרבעט אין „אָוואָשניק״ האָב איך זיך באַמיט, (כאָטש ס׳איז מיר זייער שווער אָנגעקומען) צו ברענגען יעדן טאָג אַ קעסעלע געקאָכטע־געשמאַלצענע קאַרטאָפל פאַר מיינע נייע פריינד: ליובאָווסקין און מאַרקאָוון. דאָס איז געווען זייער שווער אַדורכצו־פירן, ווייל אַרויסגייענדיק פון „אָוואָשניק״ האָט מען אונדז באַזוכט, און אריינקומענדיק צוריק אין לאַגער האָט מען ווידער באַ־זוכט. האָב איך אָבער שוין געהאַט מיינע אויסגעפּרוּווטע מיטלען, מיינע „פּאַרטלען״ אַדורכצושמוגלען דאָס קעסעלע אָפּגעקאָכטע קאַר־טאָפל פאַר מיינע הונגעריקע פריינד. דאָס איז טאַקע פאַר זיי געווען אַ גרויסע הילף. נאָכן זיצן לאַנגע חדשים אין תפיסה און שווערן עטאַפּ מער ווי אַ חודש, האָבן זיי זיך צוגעכאַפּט צום עסן, ווי נאָך אַ גרויסן תענות און אביסל געקומען צו זיך.

ס׳האָט נישט לאַנג געדויערט און זיי: ליובאָווסקי, אַלס בריי־גאַדיר און מאַרקאָוו אַלס „דיעסאַטניק״ (אָנפירער פון אַ בוי־אָפּטיי־לונג), האָבן געפונען זייער אָנגעזען אָרט, אַ פּריווילעגירטע פּאָזיציע אין דער נייער אַרעסטאַנטסקער סביבה פון נאַרילסקער לאַגער.

# אין ליובאָווסקיס בריגאַדע

אין אַ קורצער צייט אַרום, ווען דער שיף־פּאַרקער אויפֿן טייך יעניסעי האָט זיך פֿאַרענדיקט און דער טייך דודינקאָ איז געוואָרן פֿאַרקאָוועט אין אײַז, האָט מען די גרעסטע צאָל אַרעסטאַנטן, אויך מיך (שוין זייענדיק אין ליובאָווסקיס בריגאַדע) און מאַרקאָוון אַוועק־געשיקט קיין נאָרילסק.

דאָס באַקענען אין דודינקע מיין נייעם בריגאַדיר, אַלעקסאַנ־דער מיכאַילאָוויטש ליובאָווסקי איז געווען פֿאַר מיר אַ גרויס גליק. קען זיין, אַז נאָר אים האָב איך צו פֿאַרדאַנקען דאָס איבערלעבן עט־לעכע יאָר פֿון די שווערע לאַגער־באַדינגונגען. אַן ערך 4 יאָר בין איך געווען אין זיין בריגאַדע, אונטער זיין אַפּוטרופּסות. איך האָב געהאַט אַ לייכטער און מענטשלעכער לעבן. כ׳האָב אויך פֿיל געלערנט פֿון אים, ווי אַזוי צו לעבן אין דעם גרויסן לאַגער־דזשונגל און שפּע־טער אין סאָוויעטישן דזשונגל... ליובאָווסקי האָט דאָס גוט געקענט און געהאַט אַ גרויסע דערפֿאַרונג וועגן דעם סאָוויעטישן לעבנס־שטייגער. ער האָט געקענט די אַלע דריידלעך, איינגאַנגען און אויסגאַנגען, ווי אַזוי שטענדיק צו זיין פֿון די ערשטע, פֿון די בעסטע, אָדער טאַקע דער ערשטער און דער בעסטער. דאָס איז נישט קיין לייכטע תורה. נישט קענענדיק דאָס אַלץ, קען מען זייער לייכט צעברעכן האַלדז און נאַקן.

אונדזער בריגאַדע איז באַשטאַנען פֿון עטלעכע און דרייסיק אַרעסטאַנטן, אַלע „קאָנטער־רעוואָלוציאָנערן”. דאָס איז געווען אַ גרופּע פֿון געוועזענע „שישקעס”. קיין פּראָסטע בשר־ודמס זענען נישט געווען אין ליובאָווסקיס בריגאַדע, אַלע געוועזענע הויכע פּערזענלעכקייטן, אויף וויכטיקע פּאָסטנס אויף דער פֿריי. צום ביישפּיל, טימאָשענקאָ איז געווען דער רעדאַקטאָר פֿון דער צענטראַלער רויטאַרמייאישער צײַ־טונג „קראַסנאַיאַ זוויעזדאַ” מיטן ראַנג פּאָלקאָווניק. טיאָמקין ווידער איז געווען אויף דער פֿריי דער פֿאָרזיצער פֿון קיעווער שטאָט־ראָט. אַנדערע בריגאַדניקעס זענען געווען אויף דער פֿריי סעקרעטאַרן פֿון שטאָטישע און אפֿילו געגנטלעכע פּאַרטיי־קאָמיטעטן, אָדער אויך אויף מלוכהשע הויכע אַמטן. זיי אַלע זענען געווען פֿיזיש שטאַרק, גוט געבויט און אונטערנעמעריש. איך בין געווען דער יינגסטער אין דער בריגאַדע און דער איינציקער, וואָס איז נישט געווען קיין „שיש־

קע״ אויף דער פריי — אָן דער סאָוויעטישער לעבנס־דערפאַרונג. די בריגאַדניקעס האָבן מיך טאַלערירט צוליב ליובאָווסקין. זיי אַלע זענען געווינט געווען פון דער פריי, פון זייער סביבה, צו האָבן דרך־ארץ איינער פאַרן אַנדערן, זיך רופן לויטן נאָמען און פאָטערס נאָמען, ווי גלייכע מיט גלייכע.

ליובאָווסקי איז זייער ווייניק אין דער אַרבעטס־צייט געווען מיט דער בריגאַדע. פאַקטיש האָט ביי דער אַרבעט מיט אונדז אָנגע־פירט דער געהילפס־בריגאַדיר טימאָשענקאָ. ער איז געווען א הויכער, ברייטפּלייציקער חברהמאַן, אַ גיבור מיט אַ סאָלדאַטסקן גע־שטעל און מיט אַ מיליטערישער אייזערנער דיסציפּלין.

אין דער פריי איז מיט אונדז צוזאַמען געקומען צו דער אַרבעט ליובאָווסקי. ער האָט זיך דערדערעדט מיטן „דיעסאַטניק״ (אַרבעטס־געבער) וואָס פאַראַ אַרבעט מיר זאָלן טאָן דעם טאָג און ער איז גלייך אַוועק און ביז מיטאָג האָבן מיר אים נישט געזען. ווו ער איז געווען: אין ביוראָ, אָדער ערגעץ־אַנדערש? — האָבן מיר נישט געוווּסט.

אונדזער אַרבעטס־אָרט, מערסטנטייל, איז געווען אויפן שטח פון דער בויאונג פון מעטאַלורגישן זאַוואָד. דאָס איז געווען אַ גרויסער פלאַץ ארומגעצוימט מיט שטעכיקע דראָטן און „ווישקעס״ (אָבסער־וואַציע־טורעמס) אויף יעדע עטלעכע מעטערס. ווי כ׳האָב זיך שפּעטער דערוווּסט, האָט ליובאָווסקי מיט זיין נישט אַרבעטן מער אויפ־געטאָן, ווי מיר מיט אונדזער אַרבעט. מ׳דאַרף נעמען אין אַכט, אַז אין יענע באַדינגונגען איז געווען זייער וויכטיק זיין סאָוויעטישע דערפאַרונג. ליובאָווסקי האָט זיך שטענדיק באַמיט, אַז זיין בריגאַדע זאָל באַקומען אַ בעסערע און לייכטערע אַרבעט און גלייכצייטיק זאָל דער פּלאַן ווערן אויסגעפירט נישט ווייניקער ווי אויף 125 פּראָצענט, ווייל נאָר דאַן באַקומט די בריגאַדע די גרעסטע פּייקע — אַ קילאָ ברויט, בעסער און מער געקעכטס. אויך דאָס אַנטועכץ באַקומען זיי נייע, ערשטער „סראָק״. אפילו די וווינונגס־באַדינגונגען זענען געווען בע־סערע פאַר אויסצייכענענדיקע זיך בריגאַדעס. ס׳האָט זיך אַזוי באַקומען, אַז דאָס גאַנצע לעבן אין לאַגער איז געווען אָפּהענגיק פון די אויס־געאַרבעטע פּראָצענטער.

נישט שטענדיק אָבער, האָט מען געקענט ערלעך אויספילן דעם פּלאַן. בעסער געזאָגט: מען האָט קיינמאָל נישט געקענט ערלעך אויס־פילן דעם פּלאַן. כדי ס׳זאָלן פאַרט זיין אויפן פּאַפּיר די הויכע פּראָ־צענטער פון פּלאַן האָט זיך געפאָדערט „די רוסישע סמיקאַלקע״, אָדער ווי ביי ליובאָווסקין — „די יידישע סמיקאַלקע״. מיט בלויז

אַרבעט האָט מען קיין הויכע פּראָצענטער נישט געקענט דערגרייכן... פאַרשטענדלעך, אַז מ׳האָט געדאַרפט גוט, שווער אַרבעטן אויסצופילן דעם פּלאַן, אָבער נאָך מער האָט מען געדאַרפן שכל, וויסן ווי אַזוי צו באַשרייבן און אויסטייטשן די אָפּגעטוענע אַרבעט; אָדער איינשליסן אין אַרבעטס־ראַפּאָרט אַזעלכע אַרבעטן, וואָס מ׳וואָלט געקענט טאָן, ביים אויספילן דעם געגעבענעם אַרבעטס־פּראָצעס. ליובאָווסקי און ענלעכע צו אים בריגאַדירן — די פּיפּיקע בריגאַדירן — האָבן גוט געוווּסט אָט די טעכניק. פאַר מענטשן, וואָס זענען דאָרט נישט געווען, וועט די דאָזיקע טעכניק זיין זייער שווער צו באַנעמען.

קודם־כל האָט ליובאָווסקי געהאַט אַ גוואַלדיקע פעיקייט זיך צו באַקענען און באַפריינדן מיט מענטשן, ספּעציעל מיט דער העכערער נאַטשאַלסטווע, ווי די „פּראָראַבן״ (אַרבעטס־אַפּירערס), נאַטשאַלניק „אוטשאַסטקאַ״ (אַרבעטס־אָנפירער פון אַ געוויסן געביט) און אפילו מיט דעם אָנפירער פון דער גאַנצער בויאונג. ער האָט געפונען מיט זיי א געמיינזאַמע שפּראַך און געוווּסט ווי אזוי לגבי זיי צו האַנדלען. ער אליין איז דאָך אין דער פאַרגאַנגענהייט, אויף דער פריי, אויך געווען אַ וויכטיקע פּערזענלעכקייט אין דער אָנפירערשאַפט.

די פריינדשאַפט צווישן ליובאָווסקין און די נאַטשאַלסטווע איז נישט באַשטאַנען בלויז אין ווערטער, אין געשפּרעכן. מען האָט אויך געדאַרפט צאָלן, געבן, אונטערקויפן פאַר יעדער „טובה״. פרעגט זיך טאַקע, מיט וואָס האָט ער, אליין אַ זע־קאַ, געקענט צאָלן פאַר דער אַזוי־גערופענער „פריינדשאַפט״? קודם־כל האָט זיך ליובאָווסקי באַמיט צו דערשנאַפּן וואָס דער נויטיקער, פאַר אים, נאַטשאַלניק דאַרף האָבן.

אין מלחמה־צייט, און נישט נאָר אין מלחמה־צייט, איז געווען אַ גרויסער מאַנגל אין מלבושים, אין שיך. האָט ליובאָווסקי געהאַט אין דער בריגאַדע אַ שוסטער און אַ שניידער, כדי צו קענען באַזאָרגן זיינע נויטיקע נאַטשאַלניקעס — זיי אונטערקויפן מיט שיך און אויך מיט באַקליידונג. אונדזערע בריגאַדניקעס האָבן געהאַט אַן אויפגאַבע צו קויפן ביי די ניי־געקומענע אַרעסטאַנטן, אָדער ווו ס׳איז נאָר מעגלעך געווען, אַלטע שינעלן, קאָלדרעס און דאָס איז געוואָרן איבערגעמאַכט אויף באַקליידונג. אויך שטיוול, שיך, האָבן די בריגאַדניקעס געקויפט, וואָס איז אויך געוואָרן איבערגעאַרבעט. אַלץ איז געוואָרן געקויפט פאַר ברויט, טאַלאָנען אויף זופּ, טאַבאַק (מאַכאָרקע) און אויך פאַר געלט. דאָס אַלץ האָט דער בריגאַדנער שוסטער און שניידער, אין געהיים פאַרשטענדלעך, איבערגעמאַכט פאַר דער נאַטשאַלסטווע. ס׳האָט זיך באַקומען: „אין האַנט וואַשט די צווייטע״. אויב ליובאָווסקי האָט זיי באַזאָרגט, אונטערגעשמירט, מיט א מלבוש

אָדער אַ פּאָר שיך, האָט ער. דאָס הייסט זיין בריגאַדע, געקריגן „ספּראַווקעס" (ציינגנישן) אויף פאַרשידענע כלומרשט „אויסגעפירטע אַרבעטן", וואָס זענען פּאַקטיש נישט געטאָן געוואָרן. אָט די צעטלען האָבן ליובאָווסקין געהאָלפן צום אויספילן דעם פּלאַן. פאַרשטענדלעך, אַז די בריגאַדע האָט אַ גאַנצן טאָג געאַרבעט, שווער געאַרבעט, אָבער פאַרשרייבנדיק ערלעך אונדזער אָפּגעטוענער אַרבעט וואָלט אפילו קוים געסטייעט אויף 100 פּראָצענט. אונדזער בריגאַדע האָט אָבער געדאַרפן — פאַר אונדזער באַשפּייזונג, אָנטועכץ און בכלל פאַר אונדזער אַלגעמיינע פּאָזיציע אין לאַגער — נישט ווייניקער, ווי 125 פּראָצענט. האָט שוין ליובאָווסקי געניצט זיינע „ספּראַווקעס" און דערמיט געהעכערט די פּראָצענטער. דער סיסטעם גילט אויך אויף דער פריי. עס איז דאָ אַ רוסיש ווערטל: „בלאַט ווישע נאַרקאָמאַ" (פּראָטעקציע איז העכער פון יעדער מאַכט). אומעטום האָט ליובאָווסקי געהאַט „בלאַט": סיי אין דער קאַפּטיאָרקע (אין קליידער־מאַגאַזין), אין דער קיך און אויך ביי דער העכערער נאַטשאַלסטווע. האָט טאַקע זיין בריגאַדע און איך בתוכם, געלעבט בעסער פון אַנדערע בריגאַדניקעס. ס'זענען אויך געווען אין אונדזער לאַגער נאָך עטלעכע אַזעלכע „פאַרגעשריטענע, בעסערע בריגאַדעס" — סטאַכאַנאָווסקע בריגאַדעס, האָט עס געהייסן (אין רוסלאַנד אין דאַן געווען דער מוסטער פאַר אַלע אַרבעטער אַ געוויסער סטאַכאַנאָוו, וואָס האָט אויסגעפירט דעם פּלאַן אויף עטלעכע הונדערט פּראָצענט). האָט טאַקע אונדזער בריגאַדע געדינט ווי אַ מוסטער פאַר אַנדערע בריגאַדעס, ווי שלאַגלערס, די פריי־ווילעגירטע אין לאַגער און שטענדיק אַראָפּגעשיינט פון רויטן טאָוול.

ווי געווייינטלעך האָט ליובאָווסקי געהאַט נישט ווייניק שונאים. וואָס האָבן אים מקנא געווען און נישט פאַרגינען סיי אַלס בריגאַדיר, סיי אַלס ייד. מסירות, היינטערפּיסלעך האָבן נישט געפעלט, אָבער צו אַלעם האָט ליובאָווסקי געפונען אַן עצה. כ'האָב דאָס אַלץ באַשריבן, כדי דער לייענער זאָל באַקומען אַ באַגריף וועגן סאָוויעטישן לעבנסשטייגער, וועגן דעם סיסטעם, וואָס איז חל נישט נאָר אין די לאַגערבאַדינגונגען, נאָר אויך אויף דער פריי. אין סיסטעם פון קאָרופּציע, האָבן „בלאַט" האָט באַדייט דאָרטן — „קענען לעבן".

אָט די בריגאַדע פון ליובאָווסקין און אַדאַנק דער מענטשלעכער באַציאונג סיי פון בריגאַדיר, און אויך פון די בריגאַדניקעס, האָט מיר פיל געהאָלפן איבערצוקומען, אָפּצוקומען מיין נישט־פאַרדינטע האַרבע שטראָף.

כאָטש ליובאָווסקי איז געווען אויף דער פריי אויף הויכע מלוכהשע און אויך פאַרטייאישע פּאָסטנס, און פאַרשטענדלעך, גוט באַהערשט די רוסישע שפּראַך, האָט ער פאָרט ליב געהאַט יידיש, און זיך געפילט

ווי אַ ייד. ער האָט זיך נישט אַסימילירט. ס'האָט געטראָפן, אַז ער איז געקומען אין מיטן טאָג צום אַרבעטס־פּלאַץ און מיך אוועקגע־נומען פון דער אַרבעט אויף אַ שעה אָדער מער און מיר האָבן גע־שמועסט, אין יידיש, וועגן פאַרשידענע זאַכן. ער האָט מיך אויסגע־פרעגט וועגן מיין לעבן אין פוילן. וועגן זיך האָט ער נישט שטאַרק ליב געהאַט צו דערציילן.

אין צוזאַמענהאַנג מיט דער ווידעראויפלעבונג פון סאָוויעטישן יידנטום אין די נאָך מלחמה־יאָרן און זייער דראַנג צו עמיגרירן קיין ישראל, דערמאָנט זיך מיר דער האַרציקער מענטש און דער טייערער ייד ליובאָווסקי, ביי וועמען עס איז פאָרט פאַרבליבן נאָך אַזוי פיל יאָרן סאָוויעטן־מאַכט, דער נאַציאָנאַלער געפיל, דאָס פינטעלע ייד...

מיר זענען געווען אין דער בריגאַדע זעקס יידן. דריי פון אונדז האָבן זיך געפילט ווי יידן. די אַנדערע דריי, וואָס זענען אויף דער פריי געווען אין דער מלוכהשער, אָדער פאַרטייאישער אַנפירערשאַפט האָבן זיך רוסיפיצירט, אַסימילירט, „פאַראיוואַנעוועט”, ווי מ'פלעגט דאָס אָנרופן. דאַקעגן ליובאָווסקי, איזי און איך האָבן נישט באַהאַלטן אונדזער יידישקייט. ביז איזיס קומען אין דער בריגאַדע, בין איך געווען דער יינגסטער. איזי קאָנסיסטאָריום (אַזאַ מאָדנע פאַמיליען־נאָמען) האָט געשטאַמט פון אַ שטעטל, אָדער דאָרף, אין ווילנער געגנט פון פוילן, נישט ווייט פון דער סאָוויעטישער גרענעץ. אַ יונגער יאַט פון אַ יאָר 16־17, פעסט געבויט, מוסקולירט, הויכער ווּקס. ס'איז נישט געווען קלאָר פון זיין דערציילן, צי ער האָט פאַרבלאָנדזשעט אויף דער סאָ־וויעטישער זייט, אָדער צי האָט ער געשוואַרצט די גרענעץ? ס'איז נאָר געווען קלאָר, אַז דערפאַר האָט ער געקריגן 10 יאָר לאַגער.

איזי איז געווען אַ ווייניק־באַרעדעוודיקער, אָבער אַ פיינער יאַט, אַ געהאָרכזאַמער, אַנגענעמער און אַן אַרבעטסזאַמער. ער איז געווען באַליבט ביי די בריגאַדניקעס. יונג, לעבנסלוסטיק, זיך קיינמאָל נישט געקלאָגט אויף זיין גורל, אַלץ גענומען באהבה.

ליובאָווסקי האָט זיך ארומגעטראָגן מיטן געדאַנק צו שאַפן אַ יידישע בריגאַדע. ער וועט זיי וויזן — די גויים, אַז יידן זענען נישט קיין פוילענצער; אַז יידן קענען בעסער אַרבעטן פאַר זיי, האָט ער גע־טראַכט. אידער ליובאָווסקי האָט זיך גענומען צו פאַרווירקלעכן זיין פלאַן, האָט ער זיך באַראַטן מיט זיין געהילף, טימאָשענקאָ, און אַנ־דערע זיינע פריינד אין דער בריגאַדע. זיי האָבן אים אָפּגערעדט פון דעם פלאַן, מאָטיווירנדיק, אַז דאָס קען ארויסרופן אַנטיסעמיטיזם און צוליב דער קנאה צו ליובאָווסקין און זיין יידישער בריגאַדע וועט זיין פלאַן קיינמאָל קיין דערפאָלג נישט האָבן. ער האָט איינגעזען

די ריכטיקייט פון זייערע רייד און אויפגעגעבן דעם געדאַנק וועגן שאַפן אַ יידישע בריגאַדע.

ווען איך האָב אָנגעהויבן דעם אורטייל איז אין לאַגער געווען איינ־געפירט אַ סיסטעם, אַז יעדעס יאָר פלעגט אַ קאָמיסיע באַטראַכטן די אויפפירונג און ארבעט פון די לאַגערניקעס, סיי פון די קרימינעלע און סיי פון די פּאָליטישע (מיין קאַטעגאָריע). פאַר גוטער אַרבעט און גוטער אויפפירונג האָבן זיי געגעבן קאָנצעסיעס, פאַרקלענערט דעם אורטייל. אין 1940 האָט מען מיר אויך פאַרקלענערט דעם אורטייל מיט 3 חדשים. מיטן אָנהייב פון קריג, אין 1941, האָבן זיי ליקווי־דירט די „זאַטשאָטן" פאַר די פּאָליטישע. מיינע 3 חדשים זענען אויך צוגענומען געוואָרן.

די לאַגער־אָנפירערשאַפט האָט איינגעפירט אַ נייעם סיסטעם: איין מאָל אין עטלעכע יאָר האָט די אָנפירערשאַפט פון „גולאַג" געגעבן קאָנצעסיעס, פאַרקלענערט דעם אורטייל פאַר גוטע אַרבעט און גוטע אויפפירונג. פון אונדזער בריגאַדע האָבן 5 בריגאַדניקעס: ליובאָווסקי אַליק, איזי און דריי רוסישע בריגאַדניקעס האָבן באַקומען קאָנצעסיעס — אויף 2 יאָר האָט מען זיי פאַרקלענערט דעם אורטייל. בכלל האָט ליובאָווסקי געקריגן 15 יאָר לאַגער און זיך באַפרייט נאָך 8 יאָר: 5 יאָר האָט מען אים אַראָפּגענומען דורך אַן אַפּעלאַציע, וואָס זיינע פריינד אין קיעוו האָבן אָפּגעגעבן, און 2 יאָר דורכן „גולאַג", פאַר גוטער אַרבעט.

איך האָב נישט געהאַט דאָס מזל צו באַקומען אַ קאָנצעסיע, אַ פאַרקלענערונג פון אורטייל. ס'איז געווען זייער פיין פון ליובאָווסקיס זייט, אַז פון זיין בריגאַדע, וואָס האָט געציילט 32 זע־קאַ האָט ער רעקאָמענדירט פאַר קאָנצעסיעס 2 יידן און 3 רוסן.

ליובאָווסקין וועל איך קיינמאָל נישט פאַרגעסן, אים בין איך פאַר־פליכטעט פאַר זיין הילף אין די שווערע יאָרן פון קאַטאָרגע־לאַגער.

# דער טויט פון סערגייען — דער גרוזין

צו אונדז, אין ליובאָווסקיס בריגאַדע, איז געקומען אַ נייער בריגאַדניק, אַ יינגער חברהמאַן פון אַ 19־20 יאָר. סערגיי האָט ער געהייסן. מ׳האָט גלייך דערקענט, אַז ער איז אַ גרוזינער: טונקלהויטיק, אַ לענגלעכע נאָז און זיין רעדן רוסיש האָט געהאַט אַ ספּעציפיש גרוזינישן אַקצענט.

ער איז געוואָרן אַרעסטירט פון דער שול־באַנק. ער האָט געלערנט אין מעדיצינישן אינסטיטוט ערגעץ אין גרוזיע. היציקע מענטשן זענען די גרוזינער. דאָס האָט מען גלייך אין אים געקענט באַמערקן. ער איז געוואָרן באַשולדיקט אין קאָנטער־רעוואָלוציאָנערער אַגיטאַציע, פאַר דערציילן אַן אַנעקדאָט, וואָס האָט קריטיקירט די סאָוויעטן־מאַכט. ער איז געווען אַ פריילעכער, גוטמוטיקער און אַ באַרעדעוודיקער. כ׳האָב מיט אים אָפט געשמועסט און אָנגעהאַלטן פריינדלעכע באַציאונגען גלייך פון זיין קומען אין דער בריגאַדע. איך אַליין, אַ געוועזענער סטודענט פון ביראָבידזשאַנער פּעדאַגאָגישן טעכניקום, אויך אַן אַרעסטירטער פון דער שול־באַנק און ער, אַ געוועזענער סטודענט, האָט דער געמיינזאַמער גורל אונדז דערנענטערט און באַפריינדעט. מיר האָבן טיילמאָל געשפּילט אין שאַך. מיר האָבן געהאַט שאַך־פיגורן, וואָס זענען געווען געמאַכט פון שוואַרצן ליימיקן ברויט. סערגיי איז געווען באַליבט ביי די בריגאַדניקעס. אָפט האָט מען געהערט אין באַראַק זיין רוסיש רעדן מיט דעם גרוזינישן אַקצענט. מער פון אַלץ איז סערגייען געפעלן דאָס רוסישע זידל־וואָרט, דער „מאַט”. צי האָט ער דערמיט געוואָלט דערוויזן, אַז ער באַהערשט שוין פולשטענדיק די רוסישע שפּראַך, נישט ערגער פון אַנדערע? צי איז אים סתם געפעלן געוואָרן דער קלאַנג פון דעם פאַרשפּרייטן און שטאַרק פּאָפּולערן זידל־וואָרט? יעדנפאַלס ער האָט אָפט גענוצט דעם „מאַט”, אפילו ווען מ׳האָט זיך אַן אים געקענט באַגיין. דער „מאַט” האָט געקלונגען זאַפטיק, פול מיט חן אין זיין גרוזינישן אויסשפּראַך. אין אונדזער בריגאַדע, וווּ ס׳האָט זיך זעלטן געהערט אַ זידל־וואָרט, ווייל די מערהייט בריגאַדניקעס זענען אַליין געווען געוועזענע „שישקעס”, אינטעליגענטע מענטשן, האָט מען פון דעסטוועגן טאָלערירט סערגייס „מאַטעווען”.

צי האָט מען דען געקענט וויסן, אַז דאָס רוסישע זידל־וואָרט וועט

זיין די סיבה פון זיין טויט? אָבער אין דער אמתן איז די הויפּט־סיבה פון זיין טויט געווען די הפקרות פון אונדזערע היטערס.

ווען דאָס אומגליק מיט סערגייען האָט געטראָפן זענען מיר געווען באַשעפטיקט ביי אַ זייער שווערער אַרבעט. אין די ספּעציעלע אַרבעטס־באַדינגונגען איז פיזיש געווען זייער שווער אויסצופירן די נאָרמע. מיר און צוויי אַנדערע בריגאַדעס, האָבן געהאַט אַן אויפגאַבע צו בויען אַ שמאָל־ליניקע אייזנבאַן־ליניע פון בערך דריי קילאָמעטער אויף אַ מיטן פון אַ באַרג. מיר האָבן געדאַרפט גראָבן גריבער אין מיטן פון שטיינערנעם באַרג אויף צו שטעלן סטאָלבן. אויף זיי האָבן געדאַרפן זיין צוגעפעסטיקט בעלקעס, דערנאָך זאָל געלייגט ווערן אַ בריק פאַר דער באַן־ליניע. מיט דער באַן־ליניע האָט מען דערנאָך געדאַרפט פירן אין וואַגאָנעטקעס קוילן פון דער שאַכטע אויף גרויסע קוילן־סקלאַדעס.

אַלע מאַטעריאַלן צו דער בויאונג, אויך מיר, די אַרבעטער, זענען מיט דער הילף פון אַ „לעביאָטקע" (הייב־מאַשין אויף אַ טראָסט) געוואָרן ארויפגעפירט אויפן באַרג אין אַ וואַגאָנעטקע געפירטע אויף רעלסן צום שפּיץ באַרג. דאָרטן איז שוין געווען אויפגעבויט אַ באַראַק פאַר אַ ביוראָ, אַ „קורילקע" (אַן אָרט זיך אַביסל אָפּצורוען און רויכערן) און אַן אינסטרומענטאַלקע.

דער פאָרפאַל מיט סערגייען איז פאָרגעקומען אין אַ פריען מאָרגן. אין צפונדיקן קלימאַט פון די ווינטערדיקע נעכט, איז נאָך געווען גוט פינצטער, ווען מיר האָבן אָנגעהויבן דעם אַרבעטס־טאָג. אונדזער בריגאַדע איז געקומען צו דער אַרבעט מיט אונדזער „סטרעלאָק". דער אַרבעטס־פּלאַץ איז געווען ארומגעצוימט מיט שטעכיקע דראָטן זוּן באַשטעלט מיט „ווישקעס", אַזוי, אַז אַ גאַנצן טאָג האָבן מיר נישט געפילט, אַז מיר זענען באַוואַכט, ס'איז נאָך געבליבן אַ ביסל צייט ביזן אָנהייב פון דער אַרבעט. צוויי פון דער בריגאַדע זענען אַוועק נאָך די אינסטרומענטן און מיר אַלע האָבן געוואָלט גיין זיך וואַרעמען צו דער „קורילקע". דאָרט איז געשטאַנען אַ גרויסער אויוון, אַ „בור־זשויקע". מיר קומען צו צו דער „קורילקע", מ'לאָזט אונדז נישט אריין. עטלעכע באַוואָפנטע סאָלדאַטן שטייען ביי דער טיר און לאָזן קיינעם נישט צו נאָענט. ווי ס'האָט זיך שפּעטער ארויסגעוויזן האָט דאָרטן זיך געפונען סערגייס טויטער קערפּער. מיר, די בריגאַדע, זענען אויפגעציטערט געוואָרן פון דער געשעעניש. כ'געדענק נישט גענוי ווי אַזוי סערגיי איז דער ערשטער געקומען אויף דער בויאונג, אין דער „קורילקע". ער איז נישט געקומען צוזאַמען מיט אונדזער ברי־גאַדע, נאָר מיט דער גרופּע, וואָס האָט געדאַרפן צוגרייטן דעם אַרבעטס־אָרט מיט די אינסטרומענטאַלשטשיקעס און „לעביאָטקעס". ער

האָט געאַרבעט אויף דער „לעביאַטקע״. יעדנפאַלס סערגיי איז געקומען אין דער „קורילקע״ דער ערשטער און דאָרטן געפונען דעם טויט. דער „סטרעלאָק״, וואָס האָט אים דערשאָסן האָט דערקלערט, אַז סערגיי האָט אים גערזידלט, „געמאַטעוועט״.

ווי אַזוי דאָס איז פאָרגעקומען האָבן מיר גענוי נישט געקענט וויסן, ווייל דערביי זענען נאָר געווען צוויי מענטשן סערגיי און דער „סטרעלאָק״. מיר האָבן נאָר געקענט האָבן השערות: ס׳ווייזט אויס, אַז סערגיי איז געווען אליין נעבן אויוון אין דער „קורילקע״ און זיך געוואָרעמט און ס׳איז אריינגעקומען דער „סטרעלאָק״. צוליב דער פינצטערניש האָט סערגיי נישט געוווּסט, אַז דאָס איז אַ „סטרעלאָק״. מסתמא האָט דער אריינגעקומענער געפאָדערט סערגייס זיץ־פּלאַץ, זיכער געפאָדערט מיט חוצפה. סערגיי האָט דאָס נישט אויסגעהאַלטן, מיינענדיק, אַז דאָס איז אַ זע־קאַ, ווי ער, און ער רעדט מיט אַזאַ העזה און פאָדערונג. האָט ער אים אויסגעזידלט מיט זיין באַליבטן „מאַט״. דער „סטרעלאָק״ האָט גלייך געכאַפּט זיין ביקס און סערגייען דערשאָסן אויפן אָרט.

די ידיעה וועגן סערגייס טויט האָט אונדז אַלעמען דערשיטערט. מיר האָבן געפילט, ווי דער „סטרעלאָק״ וואָלט געשאָסן אין יעדן איינעם פון אונדז. מער נאָך פון אונדז אַלע איז געווען אויפגעבראַכט ליובאָווסקי. ער האָט זיך גאָרנישט געקענט שענקען וואָס גראָד אין זיין בריגאַדע, מיט זיינס אַ בריגאַדניק זאָל געשען אַזאַ טראַגישער פאַל. ער האָט געביילט די פויסטן, אַז ער וועט ד׳עם „סוואָלאָטש״, דעם „פּראָיזוואָלניק״ (הפקרניק) אָנלערנען. עס איז אָבער געבליבן ביים רעדן.

די הפקרות איבער די פאַרשלאָסענע, ווי אַלע מאָל, האָט געזיגט: ז׳עם פריילעכן, גוטמוטיקן סערגייען האָט מען באַגראָבן און דער „סטרעלאָק״ האָט נאָך באַקומען אַ פּרעמיע „פאַר ריכטיק אָנווענדן דאָס געווער״.

מיר האָבן זייער שווער איבערגעלעבט אָט דעם טראַגישן פאַל...

## אונדזער „פּראָראַב“ — אינזשיניער האַלפּערשטיין

ליובאָווסקיס בריגאַדע איז געוואָרן איבערגעשיקט אַרבעטן אויפן וויכטיקסטן אָביעקט פון נאָרילסקער מעטאַלורגישן קאָמבינאַט — אויף דער בויאונג פון דער געבײַדע פאַרן קאָמבינאַט.

די שווערסטע אַרבעטן, דאָס גראָבן די קאָטלעוואַנעס פאַר די פונדאַמענטן אין דער שטענדיק־פאַרפרוירענער ערד מיט שטיינער געמישט, איז אונדז אויסגעקומען אַ ביסל אדורכצופירן. מיר האָבן אויך פאַרענדיקט, צוזאַמען מיט אַנדערע בריגאַדעס, די בעטאָן־אַרבעטן. ס'האָט זיך געבויט א גרויסער מעטאַלורגישער קאָמבינאַט. אין די נאָרילסקער בערג האָט זיך געפונען פיל קוילן און מעטאַלן: אײַזן, ניקל און אפילו אַזאַ טײַער מעטאַל ווי קאָבאַלט. כדי דאָס אַלץ איבערצואַרבעטן האָט מען געדאַרפן בויען דעם מעטאַלורגישן זאַוואָד. די געבײַדע, די צעכן פון קאָמבינאַט, די קאָנסטרוקציעס האָבן געמוזט זײַן אַלץ מעטאַלענע. די גאַנצע געבײַדע האָט געמוזט זײַן געבויט פון בעטאָן (אײַזנבעטאָן) און מעטאַל — אָן האָלץ. אין אַט די צעכן פון קאָמבינאַט האָט מען שפּעטער אויפגעשטעלט ריזיקע אויוונס, וואָס האָבן געאַרבעט אונטער זייער אַ הויכער טעמפּעראַטור. עס זענען אויך אויפגעשטעלט געוואָרן מילן צו צעמאָלן די טײַערע שטיינער, וואָס פאַרמאָגן אין זיך מעטאַל — פשוט אויף פּראָשעק. פון דעם פּראָשעק האָט מען מיט דער הילף פון עלעקטראָדן סעפּאַרירט דאָס טײַערע מעטאַל באַזונדער און דעם אָפּפאַל, דעם שלאַק באַזונדער. ס'האָט געדאַרפן זײַן אַ גראַנדיעזע אונטערנעמונג, וואָס איז געווען זייער שווער אדורכצופירן אין די קאַלטע באַדינגונגען פון ווײַטן צפון. מיט אַזאַ לאַנגן ווינטער פון גרויסע פרעסט, שנייען, שטורעמווינטן. באַזונדערס איז געווען שווער אַדורכצופירן די בעטאָן־אַרבעטן, וואָס פאָדערן אַ וואַרעמע טעמפּעראַטור. אָבער וואָס קענען דען אַרעסטאַנטן נישט מאַכן? דורך צוואַנגס־אַרבעט, הונגער, טעראָר, אונטער דער ביקס מיט אומאויספּילבאַרע נאָרמעס אין די שווערסטע באַדינגונגען, צווינגט מען די אומגליקלעכע קנעכט אַלץ צו טאָן, אפילו דאָס אוממעגלעכע.

די בויאונג איז מיט יעדן טאָג געגאַנגען פאָרויס. ס'האָבן זיך שוין אָנגעהויבן די אַרבעטן פון דער מעטאַל־קאָנסטרוקציע. דער אָנפירער, דער „פּראָראַב“ פון דעם טייל אַרבעטן איז געווען דער אינ־

זשיניער באַריס שלאָמאָוויטש האַלפּערשטיק, פאַרשטענדלעך אויך אַ זע־קאַ. ער איז געווען אַ גרויסער ספּעציאַליסט אויף דעם געביט. זיין ידישער אויסזען האָט זיך גלייך אויסגעטיילט מיט זיין לענגלעכער נאָז און די אויגן באַברילט מיט גרויסע ברילן. ווי כ׳האָב זיך שפּעטער דערוווּסט איז ער געקומען קיין סאָוויעט־רוסלאַנד פון אַמעריקע אין די אָנהייב דרייסיקער יאָרן. אַלס אַן אַמעריקאַנער קאָמוניסט איז ער געקומען בויען דעם סאָציאַליזם. ער איז געווען אַן אָנגעזעענער אינזשיניער אין אמעריקע און זיך פאַרווערבירט קיין רוסלאַנד צו אַרבעטן ביי זיין ספּעציאַליטעט אויף דער בויאונג פון די מעטאַל־זאַוואָדן אויף אוראַל. אין 1937־טן יאָר, בשעת דער גרויסער „רייניקונג״ האָט ער באַקומען 10 יאָר לאַגער אויף דער באַשולדיקונג אין „סאַבאָטאַזש״ און „שפּיאָנאַזש״. זיין אָפּשטאַמונג איז, דוכט זיך, געווען פון ליטע.

אונדזער בריגאַדע איז טאַקע אָנגעקומען אַרבעטן אויף זיין שטח. די אַרבעט וואָס מיר האָבן געדאַרפן אויספירן איז געווען אַ שווערע און אויך אַ געפערלעכע. ס׳איז אונדז אויסגעקומען צו שלעפּן שווערע טיילן פון דער מעטאַל־קאָנסטרוקציע אויף גרויסע הויכקייטן אָן דער הילף פון מעכאַניזאַציע. שוויסערס, זאַקלאָפּשטשיקעס, די ספּעציאַליסטן (די „יחסנים״, האָבן מיר זיי גערופן) האָבן געטאָן זייער אַרבעט ביים מאָנטירן די קאָנסטרוקציע. מיר אָבער, די נישט־קוואַליפיצירטע, די געהילפן, האָבן געדאַרפן אַלץ צוגרייטן: די טיילן ארויפשלעפּן מיט די הענט און אויסלייגן אויף די גויטיקע פּלעצער, צוהאַלטן ביים צושוויסן, ביים צוקלאַפּקעווען. די אַרבעט איז אָפטמאָל פאָרגעקומען אויף גרויסע הויכקייטן פון עטלעכע שטאָק. אמת, מיר האָבן געהאַט אַזעלכע רימענס, פאַסקעס זיך צוצופעסטיקן צום אָרט, ווען מיר האָבן געאַרבעט אויף אַ הויכקייט. אָבער אריבערגיין פון איין פּלאַץ צום צווייטן אויף דער זעלבער הויכקייט, דורך אַ שמאָלע מעטאַלענע באַלקע, האָט שוין יעדערער געמוזט געטרויען זיין אייגענער געשיקטקייט און פאַרזיכטיקייט. ס׳האָט טאַקע געטראָפן, אַז אפילו פאַרזיכטיקע און דערפאַרענע זע־קאַ האָבן אויך באַצאָלט מיט זייער לעבן אַראָפּפאַלנדיק פון אַזאַ הויכקייט. אַזאַ פאַרפאַל האָט פּאַסירט מיט וואָלאָדיע פּעטראָוון: נאָר 4 וואָכן איז אים געבליבן צו פאַרענדיקן זיין 10־יאָריקן אורטייל און ער האָט געפונען זיין טויט אַראָפּפאַלנדיק פון אַזאַ הויכקייט, אַרבעטנדיק ביי דער מעטאַל־קאָנסטרוקציע. מיר האָבן אים שטאַרק באַדויערט. מער האָבן מיר גאָרנישט געקענט טאָן. אַ שטיקל פּאַפּיר, אַ צונויפגעשטעלטער אַקט, אַז ער איז געווען „אומפאַרזיכטיק״ האָט באַרעכטיקט זיין פריצייטיקן טויט.

ליובאָווסקי האָט מיט אונדזער „פּראַראַב" האַלפּערשטיין געהאַט אַ געמיינזאַמע שפּראַך. קודם־כל זענען דאָך בײדע געווען ייִדן, אויך האָבן זיי זיך באַפרײַנדעט און דאָס איז געווען זייער גינסטיק פאַר אונדזער אויספּילן דעם פּלאַן פאַר אונדזערע פּראָצענטער. מיר האָבן טאַקע שווער געאַרבעט, דעם געהעריקן סכום אַרבעט האָט די בריגאַדע געמוזט מאַכן, אָבער דער פּראָצענט איז דערפאַר געווען אַזעלכער, אַז מיר האָבן געקענט זיין שלאָגלערס, סטאַכאַנאָווצעס.

בכלל איז אינזשיניער האַלפּערשטיין געווען אַ פײַנער, אידעלער מענטש און אַלע אויף דער בויאונג האָבן אים רעספּעקטירט, ליב געהאַט. מ׳האָט פון אים נישט געקענט הערן קיין הויך וואָרט, שוין אָפּגערעדט פון די געווינטלעכע זידל־ווערטער, די „מאַטן", וואָס זענען געווען „נאָרמאַל" ביי אַנדערע אָנפירער אויף דער בויאונג. איך האָב זיך מיט אים באַפרײַנדעט, כאָטש אויף אַ דיסטאַנץ, ווי ס׳דאַרף זיין צווישן אַ פּשוטן אַרבעטער און אַ „פּראַראַב", אַן אָנפירער פון דער בויאונג. דערצו האָט ליובאָווסקי מיך אָפּט געשיקט אין באַראַק פון די אי.טי.ער. (אינזשיניער־טעכנישער פּערסאָנאַל), דאָרטן האָט אויך געוווינט אינזשיניער האַלפּערשטיין.

כאָטש אונדזער בריגאַדע האָט געהערט צו די שלאָגלערס און מיר האָבן באַקומען אַ בעסערן עסן פון אַנדערע, האָט עס נאָך נישט געהייסן, אַז מיר זענען געווען זאַט. דער הונגער, טיילמאָל שטאַרקער, טיילמאָל שוואַכער, איז געווען דער שטענדיקער באַגלייטער פון אונדזער אַרעסטאַנסקן לעבן. אויך דער אינזשיניער האַלפּערשטיין האָט געהונגערט. ליובאָווסקי האָט שטענדיק געפונען מיטלען ווי אַזוי צו קריגן אַן איבעריקע פּייקע ברויט אָדער אַ פּאָרציע צוקער. ער האָט אויך מיט זיינע מיטלען געקריגן טאַבאַק און דאָס אויסגעביטן אויף ברויט אָדער צוקער. ער האָט אויך געהאָלפן האַלפּערשטיינען מיט פּראָדוקטן. איך בין געווען אַ צייט ליובאָווסקיס פּאַרטרויאונגס־מאַן, זיין אַגענט אויסצוטוישן טאַבאַק אויף פּראָדוקטן. ער האָט געוווּסט, אַז מיר קען מען געטרויען, אַז כ׳וועל אים נישט אָפּנאַרן, צונעמען אַ העלפט פאַר זיך, ווי אַנדערע האָבן דאָס געקענט טאָן. איך בין אויך געווען דער שליח צו[illegible] אינזשיניער האַלפּערשטיין מיט די פּראָדוקטן, וואָס ליובאָווסקי האָט געשיקט. ער האָט דאָס געטאָן נישט נאָר ווי אַ בריגאַדיר צו אַ „פּראַראַב". דאָס אויך, אָבער דער עיקר איז דאָס געווען אַ הילף צו אַ ייִדן, צו אַ ברודער. כ׳בין מיט צופרידנקייט געווען דער פאַרמיטלער, דער שליח. כ׳האָב זיך באַמיט אומבאַמערקט אַוועקצוטראָגן יעדעס מאָל די מתנה פון אונדזער באַראַק צום באַראַק פון די אי.טי.ער.

ס׳איז מיר אויסגעקומען זיך נענטער צו באַקענען מיטן אינ־

זשיניער האַלפּערשטיין. ער איז געווען אַ פּשוטער, האַרציקער מענטש, אַ קענער אין די „קליינע אותיעלעך". כאָטש ער איז געווען אין אַמע־ריקע אַ קאָמוניסט. ער האָט מיר דערציילט וועגן זיין גוטן לעבן אין אמעריקע. וועגן אַלעמען האָט ער גערעדט אין דער שטיל, פאַר־זיכטיק, געשעפּטשעט... כ'ווייס נישט פאַרוואָס ער האָט צו מיר געהאַט אַזאַ צוטרוי? קען זיין דערפאַר, וואָס ער האָט געזען, אַז ליור־באָווסקי האָט אויך צו מיר צוטרוי, כ'בין זיין „קוריער". אין דעם באַראַק פון די אי.טי.ער. האָב איך אויך באַקענט אַנדערע יידן: האַל־פּערשטיינס חברים, אויך אינזשיניערן, טעכניקערס, דאָקטוירים.

כ'האָב זיך דאָן אויך באַפריינדעט מיטן אינזשיניער ארבוזאָוו סאַלאָמאָן אַבראַמאָוויטש. אויף דער פריי האָט ער געאַרבעט אין מיניסטעריום פאַר דער שווערער אנדוסטריע. ווי אַ דערפאַרענער אינזשיניער איז ער געוואָרן געשיקט דורכן מיניסטעריום קיין פראַנק־רייך אויף אַ קאָנפערענץ. דאָס איז שפּעטער געווען די „סיבה" פון זיין אַרעסט און באַשולדיקונג אין „שפּיאָנאַזש".

סאַלאָמאָן אַבראַמאָוויטש האָט מיר דערציילט וועגן זיין לעבן און זיין אַרבעט אויף דער פריי. ער האָט ליב געהאַט יידן און אויך ליב געהאַט צו רעדן יידיש. ער איז שטענדיק געווען וויליק צו העלפן אַ נויטבאַדערפטיקן, באַזונדערס אַ ייד. ער האָט מיר דערציילט וועגן דער גרויסער ביוראָקראַטיע, פּראָטעקציאָניזם אין לאַנד. דאָס פּאַרטיי־ביכל איז וויכטיקער ווי די קוואַליפיקאַציע, די דערפאַרונג. ער האָט מיר אויך דערציילט וועגן דער גרויסער אָפּגעשטאַנענקייט פון דער סאָוויעטישער טעכניק אין פאַרגלייך מיטן מערב. ער וואָלט, מיין איך, מיט קיין אַנדערן נישט געווען אַזוי אָפנהאַרציק, ווייל אזעלכע זאַכן דאָרטן צו רעדן איז געווען זייער געפערלעך, מ'האָט דערפאַר געקענט קריגן אַ נייעם „סראָק" (אורטייל). אויך אים האָב איך געהאָלפן צו קריגן אין לאַגער צוקער, ברויט און אַנדערע נויטיקע פאַר אים זאַכן, דורך אויסטוישן אפילו עפּעס אַ בעסער מלבוש. סאַלאָמאָן אַבראַמאָוויטש האָט מיר טאַקע שפּעטער צוגעהאָלפן קריגן אַ בעסערע אַרבעט. מיין בילדונג אין רוסלאַנד האָט געהייסן נישט קיין נידעריקע. כמעט מיטל־בילדונג. כ'בין דאָך אַרעסטירט געוואָרן פון דער שול־באַנק פון ביראָבידזשאַנער פעדאַגאָגישן טעכניקום.

אין דער צייט האָט די אָנפירערשאַפט פון קאָמבינאַט באַשלאָסן צו קאָמפּלעטירן אַ גרופּע בריגאַדניקעס פון די בוי־בריגאַדעס, זיי צו לערנען אַלס בוי־מייסטערס. אין אַ בוי־בריגאַדע האָב איך דאָך געאַרבעט. אויך מיין בילדונג האָט אַנטשפּראָכן די געגעבענע פאָ־דערונגען און דער עיקר די רעקאָמענדאַציע, דער „בלאַט" פון אַן ערשטראַנגיקן אינזשיניער סאַלאָמאָן אַבראַמאָוויטש אַרבוזאָוו האָט

טאָקע געהאָלפֿן, אַז כ׳זאָל ווערן אריינגענומען אין דער גליקלעכער גרופּע פֿון 28 אַרעסטאַנטן זיך צו לערנען אַלס בוי־מייסטערס. אַ גאַנץ יאָר זענען מיר געווען באַפֿרייט פֿון פֿיזישע אַרבעט, פֿון מאַכן נאָר־מעס, מיר זענען געוואָרן סטודענטן. דאָס איז געווען אַ ריזיקע פּריווי־לעגיע אין לאַגער, וואָס איך האָב דערגרייכט אַלץ אַדאַנק דעם אינ־זשינער ארבוזאָוו. די באַשפּייזונג איז פֿאַרשטענדלעך געווען נישט אַזאַ גוטע, ווי אין ליובאָווסקיס בריגאַדע, דערפֿאַר אָבער האָב איך נישט געדאַרפֿט אַרבעטן אויפֿן פֿראָסט, נישט מאַכן קיין גרויסע נאָרמעס.

די לערע איז מיר געגאַנגען גאַנץ לייכט. מיין קולטורעלער ניוואָ, מיין בילדונג איז געווען העכער, ווי ביי אַנדערע בוי־אַרבעטער אין דער גרופּע. האָבן טאָקע טייל שילערס געדאַרפֿט אָנקומען צו מיר נאָך הילף ביים מאַכן די לעקציעס. כ׳האָב זיי גערן געהאָלפֿן און דערמיט זיך איינגעשאַפֿט פֿריינד. אין פּראַקטישע בוי־אַרבעטן זענען זיי געווען פֿיל שטאַרקער, דערפֿאַרענער פֿון מיר.

דאָס יאָר לערנען איז גיך אַדורך און איך האָב באַקומען אַ צייגע־ניש, אַז כ׳האָב געענדיקט אויף „גוט״ („כאַראָשאָ״) דעם קורס אַלס בוי־מייסטער.

## צי קען אַ ייד זיין אַ בוי־מייסטער אין לאַגער?

ס׳איז געקומען דער לאַנג־דערוואַרטעטער טאָג. נאָך אַ יאָר לערנען אויפֿן קורס אויף בוי־מייסטער, האָט די עקזאַמינער־קאָמיסיע געמאַכט איר דעציזיע, אַז כ׳האָב אָפּגעגעבן דעם עקזאַמען אויף „כאַראָשאָ״ (גוט). כ׳בין געווען איבערגליקלעך. כ׳האָב געמיינט, אַז ביזן סוף פֿון מיין אורטייל וועל איך האָבן אַ לייכטער לעבן אלס ספּעציאַליסט, נישט דאַרפֿן מער גראָבן די פֿאַרפֿרוירענע אַרקטישע ערד, זיין פּריווילעגירט ווי אַן אי.טי.ער. אָבער, ווי זאָגט זיך דאָס ווערטל: „דער מענטש טראַכט און גאָט לאַכט״. ווען כ׳האָב אָנגע־הויבן צו אַרבעטן אַלס בוי־מייסטער האָב איך זיך אָנגעטראָפֿן אויף אַ גאַנצע רייע שוועריקייטן, וועגן וועלכע כ׳האָב פֿריער נישט געהאַט קיין אַנונג. ספּעציעל צוליב די לאַגער־באַדינגונגען און אויך צוליב מיינע נישט גענוגנדיקע קענטענישן אין דער בוי־אַרבעט. אויפֿן קורס האָב איך געקריגן אַ געוויסן סכום טעאָרעטישע קענטע־נישן, אָבער עס האָט מיר געפֿעלט פּראַקטישער וויסן. מיינער אַ באַ־

קאַנטער ייִדישער „פּראָראַב" אויף דער בויאונג — שאַפּראַן — האָט מיר גלייך געזאָגט, אַז אַ ייִד אין לאַגער קען נישט אַרבעטן אַלס בוי־מייסטער. האָב איך געספּקט צי ער איז גערעכט? ווי ס'האָט זיך שפּעטער ארויסגעוויזן, איז ער טאַקע יאָ געווען גערעכט. דאָס קען מען ערשט פאַרשטיין וויסנדיק וואָס שטעלט מיט זיך פאַר די פונקציע פון בוי־מייסטער אויף דער בויאונג אין לאַגער.

דעם בוי־מייסטער אין די לאַגער־באַדינגונגען קען מען פאַרגלייכן צו דעם מיטן צווישן צוויי שטיינער. דער העכערער שטיין איז דער „פּראָראַב", וועלכער פאָדערט, אַז די בריגאַדע זאָל אויספירן אומ־אויספירבאַרע נאָרמעס. דער אונטערשטער שטיין איז דער בריגאַדיר, וואָס פאָדערט פאַר זיין בריגאַדע ברויט, כאָטש זיי האָבן די נאָר־מעס פאַקטיש נישט אויסגעפילט. מוז דער מיטן צווישן די צוויי שטיי־נער, דער בוי־מייסטער געפינען דעם אופן, דעם מיטל זיי ביידע צו־פרידנצושטעלן. ווי זאָגט מען אין רוסיש: דער וואָלף זאָל זיין זאַט און דאָס שעפּעלע זאָל זיין גאַנץ. ביידע צדדים זענען גערעכט. סיי דער „פּראָראַב", סיי דער בריגאַדיר, אין זייערע פאָדערונגען. מוז דער בוי־מייסטער האָבן אַ גרויסע דערפאַרונג אין די בוי־אַרבעטן און קענען ווי געהעריק „באַשרייבן" די אַרבעט, ווי ליובאָווסקי האָט געקענט. אויך דאַרף זיין אַ צוזאַמענאַרבעט פון די צוויי פאַקטאָרן אין באַצוג צום בוי־מייסטער, סיי פון „פּראָראַב" ווי אויך פון ברי־גאַדיר. נאָר דאַן קען דער מיטלסטער, דער בוי־מייסטער, אויספירן זיין אויפגאַבע אין די לאַגער־באַדינגונגען.

אַ ייִד, ווי איך, האָב זיך אַנגעטראָפן אין מיין נייער פּאָזיציע אויף דעם פאַרקערטן: נישט צוזאַמענאַרבעט, נישט הילף, נאָר פאַר־קערט, אַ קעגנרעאַקציע סיי פון „פּראָראַב" און אויך אָפּטמאָל פון ברי־גאַדיר. פאַקטיש האָב איך דאַן נישט געהאַט די געהעריקע דערפאַרונג אויפן בוי־געביט. פאַר אַ יאָר לערנען אין קלאַס קען מען נישט ווערן קיין קוואַליפיצירטער בוי־מייסטער אויף אַלע געביטן פון דער בוי־אונג. ווי: האָלץ־אַרבעטן, בעטאָן־אַרבעטן און אַנדערע. כ'האָב נאָך אַלץ, ווי געזאָגט, געטאַפּט אין דער פינצטער.

אַ ייִד אין לאַגער — האָט מיר ריכטיק דערקלערט שאַפּראַן — קען זיין אַ „פּראָראַב", ער איז באַלעבאָס פון דער לאַגע, פון קיינעם נישט אָפּהענגיק. אויך קען ער זיין אַ בריגאַדיר ווי ליובאָווסקי און אַנדערע. כ'האָב זיך איבערצייגט אויף מיינע אייגענע פּלייצעס, אַז שאַפּראַן איז טאַקע געווען גערעכט. ס'איז טאַקע געווען זייער גוט פאַר מיר דער יערלעכער קורס אַלס בוי־מייסטער, אָבער אַרבעטן לויט דער קוואַליפיקאַציע אין די לאַגער־באַדינגונגען איז מיר, לייי־דער, ווייניק אויסגעקומען.

פון מיינע פלענער, ליכטיקע חלומות, האָט זיך אויסגעלאָזט אַ טייך: כ׳האָב נישט געקענט מאַנעוורירן צווישן די העכערע און די נידעריקע אינסטאַנצן, כ׳האָב אויך נישט געהאַט זייער גוטן ווילן בנוגע צוזאַמענאַרבעט מיט מיר. פאַרקערט, זיי האָבן זיך באַמיט מיר צו שטערן, צו ווייזן מיין נישט־דערפאַרנקייט, מיין הילפסלאָזיקייט.

דער איינגעוואָרצלטער אַנטיסעמיטיזם האָט גענומען די אויבער־האַנט און כ׳האָב לאַנג נישט אַנגעהאַלטן מיט מיין בוי־מייסטעריי.

נאָר אַ קורצע צייט האָט זיך מיר איינגעגעבן זיך צו האַלטן אויף דער אַרבעט.

# כ׳ווער אַ בוי־מייסטער ביי קאַטאָרזשניקעס

ווערנדיק אַ בוי־מייסטער האָבן זיך מיינע לעבנס־באַדינגונגען פאַרבעסערט. כ׳בין געוואָרן אַן אי.טי.ער. געקריגן שענער אַנטועכץ, בעסערע באַשפּייזונג, געוווינט אין אַ בעסערן באַראַק.

סוף 1944, ווען די רויטע אַרמיי האָט אָפּגעהאַלטן נצחונות אויף די פראָנטן קעגן די נאַציס, זענען געבראַכט געוואָרן אין לאַגער אַ נייער סאָרט אַרעסטאַנטן — קאַטאָרזשניקעס, האָבן זיי געהייסן, זיי האָבן געוווינט באַזונדער. דאָס זענען געווען די אזויגערופענע „קריגס־פאַר ברעכער״. מ׳האָט זיי געהאַלטן אונטער אַ ספּעציעלן שטרענגערן רעזשים, אָפּגעזונדערט פון די געוויינטלעכע זע־קאַ. אויף זייערע קליי־דער איז געווען צוגענייט אַ גרויסע לאַטע מיט אַן אָנגעשריבענעם נומער, אויך אויף די וואַטניקעס. זייערע אורטיילן זענען געווען נישט וויניקער פון 15 ביז 25 יאָר קאַטאָרגע. מ׳האָט זיי געפירט צו דער אַרבעט און פון דער אַרבעט זייער שטאַרק באַוואַכט און מיט הינט. מ׳האָט זיי פאַררעכנט ווי „איזמעניקי ראָדיני״ (פאַררעטער פון פאָטערלאַנד). צווישן זיי זענען געווען געוועזענע קריגס־געפאַנ־גענע, וואָס זענען אַריינגעפאַלן אין דער דייטשישער געפאַנגענשאַפט, אויך אַזעלכע וואָס האָבן זיך פרייוויליק איבערגעגעבן די דייטשן. ס׳זענען אויך געווען אַזעלכע, וואָס האָבן געמאַכט פרווון צו בלייבן בעסער אויפן מערב, איידער זיך אומקערן אהיים און מיט כוח האָט מען זיי געפירט צוריק. האָבן זיי דערפאַר באַקומען פיל יאָרן קאַ־טאָרגע. אַ סך פון זיי האָבן דערקלערט, אז זיי זענען אינגאַנצן אומ־שולדיק. קענענדיק די סאָוויעטישע באַדינגונגען, האָט מען זיי דאָס געקענט גלויבן.

מיר, די געווינטלעכע זע־קאַ, האָבן זיך געפונען אין אַ פריווי־לעגירטער לאַגע. דאָן האָבן מיר געקענט איינזען, אַז שלעכטס צו שלעכטס איז נישט גליַיך. זיי, אונדזערע מאַכט־האָבערס קענען מאַכן שלעכט און קענען מאַכן נאָך ערגער. אין פאַרגליַיך מיט די קאַטאָרזש־ניקעס זענען מיר, באמת, געווען די פריווילעגירטע. די קאַטאָרזשניקעס האָט מען געשיקט נאָר אויף שווערע, שוואַרצע אַרבעט מיט העכערע נאָרמעס אויסצופילן, ווי די זע־קאַ. אפילו ספּעציאַליסטן האָט מען נישט אויסגענוצט לויט דער ספּעציאַליטעט. בין איך טאַקע, ווי דער „פּריווילעגירטער" זע־קאַ באַשטימט געוואָרן אַלס בוי־מייסטער ביי די קאַטאָרזשניקעס. זייערע באַדינגונגען אין לאַגער און אויך ביי דער אַרבעט זענען געווען שווערערע, שטרענגערע, ווי ביי זע־קאַ. נאָך דער אַרבעט, נאָכן אָפּעסן דאָס ביסל יושקע, די זופּ, האָט מען זיי פאַרשלאָסן אין די באַראַקן, ווי אין אַ תפיסה מיט אַ „פּאַראַשע" (שטינק־פאַס) אינעווייניק.

ווי אומעטום אין ראַטנפאַרבאַנד זענען אויפן געביט פון משפטן מלחמה־פאַרברעכער געווען נישט ווייניק מיסברויכן. צווישן די קאַ־טאָרזשניקעס זענען געווען אַ שפּאָר ביסל אומשולדיקע. קודם־כל זענען געוואָרן אָנערקענט פאַר „שולדיק" אַלע, וואָס זענען אריינגע־פאַלן אין דער דייטשישער געפאַנגענשאַפט און זיי זענען געמשפּט געוואָרן אַלס „פאַררעטער פון פאָטערלאַנד". די מאַכט־אָרגאַנען האָבן זיך נישט געגעבן די מי זיך פאַנאַנדערצוקלייבן אין די סיבות און אומ־שטענדן ביי וועלכע דער סאָוויעטישער סאָלדאָט איז אריינגעפאַלן אין געפאַנגענשאַפט. דאָס איז געווען אַ נייער „נאָבאָר" פאַר די לאַ־גערן, נייע אומזיסטע אַרבעטס־קראַפט אויף לאַנגע יאָרן — פון 15 ביז 25 יאָר.

אָן שום ספק, אַז ס'זענען געווען צווישן זיי נישט ווייניק פאַר־רעטער, וואָס האָבן זיך מיטן אייגענעם ווילן איבערגעגעבן דער דיי־טשישער געפאַנגענשאַפט, אָדער ווי די וולאַסאָוועצעס, וואָס האָבן פאַרביסן געקעמפט קעגן דער רויטער ארמיי מיט די נאַציס צוזאַמען. אַ טייל פון זיי האָבן אפילו באַקומען טויט־שטראָף. כ'האָב צווישן די קאַטאָרזשניקעס אויך געטראָפן אַ ייִד, איזראַיל דאַווידאָוויטש אַבראַ־מאָוויטש. אויף דער פריי איז ער געווען פּראָפעסאָר פון מאַטעמאַ־טיק אויפן אוניווערסיטעט אין טשערנאָוויץ. אַן עלטערער, גרויער מענטש איבער די זעכציקער יאָרן. ווען די דייטשן זענען אריין קיין טשערנאָוויץ, האָט ער מיר דערציילט, האָבן זיי דאָרט געמאַכט אַ געטאָ, און ער איז באַשטימט געוואָרן אַלס פאָרזיצער פון ייִדן־ראַט. ער האָט מיר דערציילט, און מען האָט אים געקענט גלויבן, אַז ער האָט די ייִדן אין געטאָ געטאָן פיל גוטס. ווען די רוסן זענען אריין קיין

טשערנאָוויץ, איז פאַר זיי גאָרנישט געווען וויכטיק ביי וואָס פאַראַ אומשטענדן ער איז געוואָרן דער פאָרזיצער פון יידן־ראַט? צי האָט ער געהאָלפן די יידן, צי נישט? ס׳איז פאַר זיי געווען גענוג, אַז אַלס פאָרזיצער פון יידן־ראַט זאָל ער געשטעמפּלט ווערן אַלס פאַררעטער און קאָלאַבאָראַטאָר מיט די דייטשן און דערפאַר קריגן 15 יאָר קאַ־טאָרגע. ער האָט נאָך געהאַט גליק, וואָס ער האָט דערפאַר נישט געקריגן טויט־שטראָף. איזראַיל דאַווידאָוויטש האָט שרעקלעך אויס־געזען, ווען ער איז געקומען אין לאַגער: דאַר, אויסגעמאָגערט, הויט און ביין פון לאַנגע חדשים זיצן אין תפיסה און דערנאָך שלעפּן זיך מיטן עטאַפּ צום וויטן צפון, צו דער אַרקטיק. די פיס זיינע זענען געווען געשוואָלן, ער האָט קוים זיך געקאָנט רירן. זיין בריגאַדיר, אַן אמתער מלחמה־פאַרברעכער, נישט קיין קליינער אַנטיסעמיט, וואָס האָט מסתמא נישט איין יידיש לעבן געהאַט אויף זיין געוויסן, דינענדיק די נאַציס, האָט געטריבן דעם אַלטן, קראַנקן איזראַיל דאַ־ווידאָוויטשן אויף די שווערסטע אַרבעטן. כ׳האָב באַמערקט, אַז אַן אַנדער בריגאַדניק, דעם בריגאַדירס אַ פריינד, אַ יונגער, פעסטער מענטש, האָט געקריגן אַ לייכטע אַרבעט צו ציילן די „טאַטשקעס״ (די וועגעלעך) מיט ערד, וואָס די בריגאַדניקעס האָבן אויסגעגראָבן און אַרויסגעפירט. דאַקעגן דעם אַלטן און שוואַכן יידישן פּראָפעסאָר האָט דער בריגאַדיר געשטעלט גראָבן די פאַרפרוירענע ערד. סיי אַלס בוי־בייסטער און נאָך מער אַלס ייד האָב איך נישט געקענט ליידן אַזאַ אומגערעכטקייט. האָב איך טאַקע באַפוילן דעם בריגאַ־דיר ער זאָל דעם אַלטן פּראָפעסאָר שטעלן אַלס „אוטשאָטשיק״ און דעם יונגן, שטאַרקן בריגאַדניק צו גראָבן די ערד. איך בין דאָ אין דעם פאַל, געווען די העכערע מאַכט, אַ בוי־מייסטער, און כ׳האָב איצ־טער געהאַט די מעגלעכקייט צו העלפן דעם שוואַכן, איידעלן פּראָפע־סאָר איזראַיל דאַווידאָוויטשן. כ׳האָב דאָס טאַקע גערן געטאָן. כ׳האָב אים אָפט געהאָלפן מיט אַ שטיקל ברויט אָדער אַ טאַלאָן אויף זופּ, וויל מיין לאַגע איז דאַן געווען אַ פּריווילעגירטע.

ס׳איז כדאי צו דערמאָנען, אַז ווען די רוסן האָבן אָקופּירט ליטע, האָט מען געבראַכט אין אונדזער לאַגער דעם „קאָמאַנדני סאָסטאַוו״, די גענעראַלן און הויכע אָפיצירן פון דער ליטווישער אַרמיי. אויף אונדזער לאַגער־פּונקט זענען זיי געווען ביי 250 אַזעלכע אַרעסטאַנטן. זיי זענען געווען געוווינט פון דער היים צו אַ זאַט לעבן און גוטע באַדינגונגען אין אַ לייכטן אייראָפּעאישן קלימאַט. דאָ, אין צפון־לאַגער, האָבן זיי זיך אָנגעטראָפן אויף נייע אומדערטרעגלעכע באַ־דינגונגען פון הונגער, קעלט און שווערע קאַטאָרגע־אַרבעט. זיי האָבן מיטגעבראַכט מיט זיך פון זייערע היימען ווערטפולע זאַכן: קאָסט־

יומען, העמדער, קאָלדרעס, וואָס דאָ האָט מען אזעלכעס נישט געזען. זיי האָבן דאָס אַלץ גאָר גיך פאַרקויפט פאַר ברויט, כאָטש אַביסל צו שטילן דעם אומאויפהערלעכן הונגער. דאָס האָט אָבער נישט גע־האָלפן. אין משך פון אַן ערך דריי חדשים נאָך זייער קומען, האָט מען זעלטן געקענט טרעפן עמעצן פון די הויכע, פעסטגעבויטע געוועזענע גענעראלן, הויכע אָפיצירן. זיי האָבן זיך נישט אויסגעטויגט, זיי האָבן נישט געקענט אויסהאַלטן די שווערע באַדינגונגען און דעם קלימאַט און גיך אומגעקומען.

די סאָוויעטישע מאַכט־אָרגאַנען האָבן פשוט אַהערגעבראַכט דעם ליטווישן גענעראַל־שטאַב אויף פאַרניכטונג.

## צוריק אויף אַלגעמיינע אַרבעט

אין לאַגער איז נישטאָ קיין סטאַבילקייט, קיין באַשטענדיקייט, ספּעציעל ווען מ׳געפינט זיך אין אַ בעסערע פּאָזיציע. ווען מ׳איז אין אַ בעסערע לאַגע, אויף אַ בעסערער אַרבעט, דאַרף מען זיך שטענ־דיק ריכטן אויף ענדערונגען. ס׳איז דאָ אין לאַגער אַ גאַנצער אַפּאַ־ראַט פון „אורטשע״, וואָס טיילן פאַנאַנדער די אַרבעטן צווישן די זע־קאַ. אַ גרויסע ראָל שפּילט דאָ „בלאַט״ (פּראָטעקציע) און אונ־טערקויפן. ווער ס׳האָט מיט וואָס אונטערצוקויפן די „נאַראַטשיקעס״ פון דער „אורטשע״, די „דיעסאַטניקעס״ ביי דער אַרבעט, דער האָט בעסערע, לייכטערע אַרבעטן. אַ חוץ, פאַרשטענדלעך, די גרויסע ספּע־ציאַליסטן, זיי האָבן פאַר קיינעם נישט מורא. איך האָב נישט געהאַט מיט וואָס צו „שמירן״, אונטערצוקויפן. איז מיר טאַקע געווען בי־טער. כ׳האָב דאָך געלעבט, מערסטנס אויפן פּאַיאָק.

אַנדערע אַרעסטאַנטן האָבן פון ציט צו ציט באַקומען פּעקלעך פון דער היים. זיי האָבן איבערגעלאָזט פרויען, קינדער און משפחה אויף דער פריי, וואָס האָבן זיי געהאָלפן. מיין משפחה האָט זיך גע־פינען אין פּוילן. זיי האָבן אפילו נישט געוווסט, וווּ מיין געביין איז אַהינגעקומען. עטלעכע חדשים פאַר מיין אַרעסט האָב איך איבער־געריסן די קאָרעספּאָנדענץ מיט מיינע עלטערן און משפחה, כדי מען זאָל מיך נישט חושד זיין אין „פאַרבינדונגען מיט אויסלאַנד״, ווען כ׳האָב געזען, אַז מען אַרעסטירט אויסלענדער. אויך דאָס האָט מיר נישט געהאָלפן.

לאַנג איז מיר נישט אויסגעקומען צו אַרבעטן אַלס בוי־מייסטער

ביי די קאַטאָרזשניקעס. כ׳האָב נישט געהאַט מיט וואָס „אונטערצו־שמירן״. מ׳האָט מיך אינגיכן אריבערגעפירט אין אַן אַנדערן לאַגער, פון נאָרמאַלע זע־קאַ, נישט פון קאַטאָרזשניקעס. כ׳האָב נאָך אויך געאַרבעט אַלס בוי־מייסטער ביי דער קאָמענדאַנטור אין לאַגער גופא ביים פאַרריכטן די נאַרעס, טישן, און אויוונס אין די באַראַקן. אויך נישט קיין שלעכטע אַרבעט, פאַרשטענדלעך אַ סך אַן ערגערע ווי פריער.

אָבער דאָן האָט מיט מיר פּאַסירט אַ זעלטענע געשעעניש: אין איינעם אַ פרימאָרגן איז דער געהילפס־נאַטשאַלניק פון לאַגער־פּונקט געקומען אין באַראַק אריין, ווו איך האָב געאַרבעט מיט איינער פון די בריגאַדעס, וואָס זענען געווען צו מיין דיספּאָזיציע. בכלל האָבן מיר געקריגן די ׳נאַריאַדן׳ (די באַשטעלונגען וואָס פאַר אַ סאָרט אַרבעטן מיר דאַרפן אויספירן) פון לאַגער־קאָמענדאַנט. דער געהילפס־נאַטשאַלניק, אַליין אַ טאַטאַר, שטענדיק אַ בייזער, אַ שרייענדיקער — אריינקומענדיק אין באַראַק האָט ער אויף מיר געגעבן אַ קוק, גע־פרעגט וואָס איך טו דאָ? האָב איך געענטפערט, אַז איך בין דער בוי־מייסטער. ער האָט אויף מיר געגעבן נאָך אַ קוק, מיך אַדורכגע־דרונגען מיט זיינע קרומע, טאַטאַרישע אייגעלעך און געגעבן אַ פּאַטש מיט די הענט און אויסגעשריגן מיט פאַרוווּנדערונג:

— דו, אַ בוי־מייסטער? דו ביסט דאָך אַן „אָטקאַזשטשיק״ (אַזעלכער וואָס זאָגט זיך אָפּ פון דער אַרבעט) אַ, ניין, ביי מיר וועסטו קיין בוי־מייסטער נישט זיין! און פאַרענדיקט מיט אַ דריי־גאָרנדיקן „מאַט״. ער האָט מיך דערקענט ווען ער האָט געאַרבעט אין „בור״. מיט עטלעכע יאָר צוריק. בין איך דאָרט געזעסן אַלס „אָטקאַזשטשיק״ (זע קאַפּיטל „אין בור״). כ׳האָב זיך דעמאָלט אין „בור״ אויסגעטיילט פון אַנדערע אַרעסטאַנטן מיט מיין ידישן אויס־זען. ס׳האָט גאָרנישט געהאָלפן מיין פאַרענטפערן זיך, אַז דאָ איז דאָך אַן „אויסבעסערונגס־לאַגער״ (אַזוי איז דער נאָמען פון לאַגער) און איך האָב זיך פאַר די יאָרן „אויסגעבעסערט״. דער זלידנער טאַטאַר, מסתמא, נישט קיין קליינער אַנטיסעמיט דערצו, האָט זיך געהאַלטן ביי זיינס: אויב כ׳בין געווען אַן „אָטקאַזשטשיק״ — טאָר איך נישט אַרבעטן אַלס בוי־מייסטער און כ׳דאַרף נאָר אַרבעטן אויף אַלגעמיינע, שווערע אַרבעט. קען זיין, אַז ער האָט פון עמעצן געקריגן „אין דער לאַפּע אריין״, ווי ס׳פירט זיך, ער זאָל יענעם געבן אָט די אַרבעט? יעדנפאַלס אויף צומאָרגנס האָט שוין אויף מיין אָרט געאַרבעט אַן אַנדערער, כאָטש יענער האָט נישט געהאַט קיין צייגעניש אַלס געענדיקטער בוי־מייסטער ווי איך. ער האָט דער־פאַר געהאַט „בלאַט״ — דער געהילפס־נאַטשאַלניק, דער בייזער טאַטאַר, האָט פאַר אים געפונען אַ בעסערע אַרבעט.

מיך האָט מען גלייך אריבערגעפירט אין אַ בריגאַדע, אויף אַל־געמיינע אַרבעט, דערצו נאָך מיט דער „גוטער רעקאָמענדאַציע" פון געהילפס־נאַטשאַלניק אַלס „אָטקאַזשטשיק".

פאַרשטענדלעך, אַז מיינע לעבנס־באַדינגונגען האָבן זיך ראַדיקאַל פאַרערגערט. וואָלט מיין פריערדיקער בריגאַדיר ליובאָווסקי געווען אויף דעם לאַגער־פּונקט, וואָלט איך ביי אים געבעטן הילף, אריי־בערצוגיין צוריק אין זיין בריגאַדע. איז אָבער ליובאָווסקיס בריגאַדע געווען אין אַ צווייטן לאַגער־פּונקט אָדער אין דודינקע. כ'האָב גענוי נישט געקענט וויסן.

דאָס לאַגער־לעבן איז זייער קאָמפּליצירט. מ'קען אַ געוויסע צייט, צופעליק אָדער נישט צופעליק, לעבן אין בעסערע באַדינגונגען, אָבער אַז ס'ווערט עפּעס „קאַליע", אַז די אָנפירערשאַפט פירט איבער אויף אַנדערע אַרבעט, אויף ערגערע בדינגונגען, נעמט גאָרנישט לאַנג, אַז דאָס לעבן, דאָס געזונט זאָל זיך אָנהייבן קייקלען באַרג־אַראָפּ און קען דערפירן לרוב צום אָפּגרונט.

אין דער בריגאַדע אויף אַלגעמיינע אַרבעט האָב איך זעלטן גע־פונען פריינדשאַפט, חברשאַפט, ווי כ'האָב געהאַט אין ליובאָווסקיס בריגאַדע. טייל פון די בריגאַדניקעס, אמת, נישט אַלע מיינען, אַז אויב איך בין אַ ייד, מוז איך האָבן מער פון זיי. אַזוי זענען זיי גע־ווינט צו זען ביי יידן אויף דער פריי, וואָס לעבן אין גרעסטן טייל אין בעסערע באַדינגונגען און זענען גרויסע ספּעציאַליסטן ווי אויך אין דער אָנפירערשאַפט. זיי טראַכטן דערביי, אויב איך האָב מער, דאַרף איך זיך מיט זיי טיילן. גיי דערקלער זיי, אַז איך בין גאָר אַן אַנדער סאָרט ייד: כ'האָב גאָרנישט, כ'האָב נאָך ווייניקער פון זיי. קענען זיי דען דאָס גלויבן?

„קאָנטריקעס", ווי אַ כלל, האָבן געהאַט באַזונדערער בריגאַדעס און אויך געוווינט באַזונדער און די באַציאונג צו אונדז איז אויך געווען אַ שטרענגערע, אַן ערגערע. ס'האָט אויך געטראָפן, אַז אין אַ בריגאַדע פון „קאָנטריקעס" זאָלן אויך זיין „ביטאָוויקעס" (קרימינעלע). אין אונדזער בריגאַדע האָבן מיר געהאַט אַזעלכן, „גלוכאַי" האָט ער גע־הייסן (אַזאַ מין „בלאַטנאַי" צונאָמען). אויף דער פריי איז ער געווען אַ גנב, אָבער ער האָט זיך ערגעץ אַרויסגעכאַפּט מיט אַ „נישט געוווּטשע־נעם" וואָרט, אָדער אַן אַנטי־מלוכהשן אַנעקדאָט און דערפאַר אריינ־געכאַפּט אַן אורטייל אַלס „קאָנטריק" און איז געווען אין אונדזער בריגאַדע. כ'האָב באַמערקט, אַז לעצטנס קוקט אויף מיר „גלוכאַי" קרום, מיט פּרעטענסיעס, ווי כ'וואָלט אים עפּעס געווען שולדיק און כ'צאָל אים נישט אָפּ. כ'האָב אויף דעם נישט געלייגט קיין ספּעציעלן אַכט און זיך באַמיט אים אויסצומיידן.

איינמאָל אין אָוונט, אַרויסגייענדיק אין דרויסן אין קלאָזעט, פיל איך ווי עמעצער גייט מיר נאָך. כ׳דריי זיך אויס צו זען ווער דאָס איז. ווייזט זיך ארויס, אַז דאָס איז „גלוכאָי״. ער גייט צו צו מיר גאַר נאָענט און זאָגט שטיל, אָבער דייטלעך מיט דראָונג:

— „דיענגי דאַוואַי״ (גיב מיר געלט!).

— וואָס פאַראַ געלט? — פרעג איך דערשראָקן.

— דו ווייסט שוין וואָס פאַראַ געלט. יידן האָבן געלט! פיר מיך נישט אַרויס פון געדולד, גיב מיר געלט!

כ׳דערקלער אים, אַז איך בין אַזאַ אַרעסטאַנט ווי ער. שוין ביי 6 יאָר אין לאַגער. פון וואַנען זאָל איך האָבן געלט? באַלד פיל איך אַ שטאַרקן קלאַפּ פון זיין פויסט אונטערן בויך און צוגלייך אַ צווייטן קלאַפּ.

— גיסט געלט, אָדער ווילסט קריגן נאָך? — פאָדערט ער מיט שטרענגקייט. כ׳בעט זיך ביי אים, גיב אים צו פאַרשטיין, אַ נעכטי־קער טאָג. ס׳העלפט נישט. ער האַלט זיך ביי זיינס, ער באַזוכט מיך, סטראַשעט ווידער מיט קלעפּ. ער האָט ביי מיר גאַרנישט געפונען. מיט עטלעכע שטאַרקע קלעפּ האָט זיך פאַרענדיקט דער איבערפאַל.

פאַר וועמען קען איך זיך באַקלאָגן? צי וועט העלפן מיין באַ־קלאָגן זיך? כ׳געפין זיך אין אַ דזשונגל און די מענטשן זענען, מערסטנס, ווי די חיות, נישטאָ קיין געזעץ, קיין שוץ. כ׳בין נישט קיין מענטש מיט רעכטן, כ׳בין אַן אַרעסטאַנט מיט פליכטן, דערצו נאָך אַן אַרעסטאַנט פון נידעריקסטן שטאַפּל, אַ „קאָנטריק״. מ׳מוז פאַרשווייגן, אָפּווישן די אויגן פון טרערן, פאַרבייסן די ציין פון ווייטיק און ליידן אין דער שטיל. כמוז גיין אין שפּאַן, אָפּקומען מיין נישט־פאַרדינטע שטראָף.

פאַר מיר, אַלס ייד אין די שווערע לאַגער־באַדינגונגען האָט דער אַנטיסעמיטיזם סיי פון דער אָנפירערשאַפט סיי פון די אַרעסטאַנטן, אמת נישט פון אַלע, נאָך מער פאַרשווערט מיין אַרעסטאַנטסקע לעבן. ס׳האָט זיך מיר דערמאָנט, אַז אין פוילן האָט מען געזאָגט, ספּעציעל ביים „בונד״, אַז דער יידישער אַרבעטער איז דאָפּלט אונטערדריקט, סיי אַלס אַרבעטער און סיי אַלס ייד. איך האָב אויך געליטן אַלס אַרעס־טאַנט און ווייער אָפּט אַלס ייד, אַלס יידישער אַרעסטאַנט...

# צוליב אַ בלעטל...

ס׳איז מלחמה־צייט. דורכן ראַדיאָ־הילכער גיט מען איבער יעדן טאָג, אַז „דער שונא איז אָנגעפאַלן אויף אונדזער לאַנד, אפילו נישט דערקלערנדיק מלחמה. מיר וועלן אים צעקלאַפּן, דער זיג וועט זיין אונדזערער!״.

טייל לאַגערניקעס האָבן אָנגעגעבן ביטעס, אַז מ׳זאָל זיי שיקן אויפן פראָנט. זייערע ביטעס ווערן נישט באַפרידיקט. ס׳ווערן געשיקט אויפן פראָנט נאָר אויסנאַמען מיט „בּיטאָוויע סטאַטיעס״ (קרימינעלע).

די בויאונג פון נאָרילסקער קאָמבינאַט, ווו אונדזער לאַגער געפינט זיך, האָט באַקומען איצטער אַ ספּעציעל־וויכטיקע באַדייטונג: ס׳זענען זייער נויטיק פאַר מלחמה־צוועקן די טייערע מעטאַלן, וואָס דאַרפן דאָ ווערן פּראָדוצירט אין דער צוקונפט. די בויאונג גייט אינטענסיווער, אָבער אָן טעכנישע מיטלען, מערסטנס מיט די הענט. אפילו אויפרייס־מאַטעריאַלן, וואָס זענען אַזוי נויטיק פאַר דער אייביק־פאַרפרוירענער ערד, איז אויך דאָ ווייניק. וואָס קען מען דען אויפטאָן אָן טעכנישע מיטלען, נאָר בלויז מיט אַרעסטאַנטסקע הענט?

ס׳ווערט דערוואַרט אַ קאָמיסיע פון צענטער, פון מאָסקווע. ס׳פילט זיך גלייך, אַז ס׳דאַרף קומען העכערע נאַטשאַלסטווע: קודם־כל איז דאָס עסן געוואָרן אַביסל בעסער, דאָס איז שוין דער ערשטער סימן. מ׳האָט אויך אַרויסגעגעבן בעסערע אויבערשטע בגדים. ס׳איז אָבער אַ צרה, וואָס מ׳לאָזט אונדז נישט רוען. מ׳יאָגט אונדז צו רייניקן סיי די באַראַקן, אויך דעם דרויסן, דער לאַגער זאָל אויסזען שענער צום אָנקום פון דער קאָמיסיע. יעדן טאָג, נאָך דער אַרבעט און אפילו אין אונדזערע אָפּרו־טעג, וואָס פאַלן אויס איינמאָל אין צוויי וואָכן, אָדער איין מאָל אין חודש, טרייבט מען אונדז אויף „סובאָטניקעס״ צו רייניקן.

זינט ס׳האָט זיך אָנגעהויבן די מלחמה (1941) מוזן אויך מיר, די זע־קאַ, געבן אונדזער צושטייער צום זיג: מיר מוזן אַרבעטן 2 שעה מער ווי פריער. פון אונדזערע בידנע גראָשנס, וואָס מיר פאַרדינען יעדן חודש, אָדער פון געלט, וואָס מיר האָבן אויף אונדזער קאָנטע פון דער פריי, באַרגן מיר (מיר מוזן באָרגן!) דער מלוכה געלט — אַ „זייאָם״ (הלוואה).

דער גאַנצער לאַגער איז אריינגעצויגן געוואָרן אין די צוגרייטונגען צו באַגעגענען די קאָמיסיע פון צענטער: מ׳פּוצט, מ׳רייניקט יעדעס ווינקעלע; דער נייער לאַגער־נאַטשאַלניק זובראָוו, האָט אפילו צוגעטראַכט אַ נייעס, ווי אַזוי צו אימפּאָנירן דער קאָמיסיע: ער האָט באַשלאָסן צו באַגרינען דעם לאַגער־פּונקט.

אין אונדזערע באַדינגונגען פון ווייטן צפון, וווּ ס׳וואַקסט גאָרנישט קיין גרינס, אַ חוץ קליינע קוסטעס אין דער טונדרע, האָט דער נאַטשאַלניק זובראָוו באַשלאָסן איינצוזעצן ארום די באַראַקן גרינע טונדרע־ביימעלעך און נעבן דער גאַרקיך מאַכן אַ קליינעם סקווער. די גאַנצע באַגרינונג וועט אַלצאיינס נישט האַלטן מער ווי לאַנג די קאָמיסיע וועט באַזוכן דעם לאַגער. יעדן טאָג נאָך דער אַרבעט האָט מען אונדז געטריבן צו באַגרינען דעם לאַגער. פון דער טונדרע איז געבראַכט געוואָרן ערד און ביימעלעך צום פאַרזעצן. דאָס אַלץ האָבן געבראַכט די לאַגערניקעס וואָס האָבן געהאַט רעכט ארויסצוגיין אויסער דער לאַגער־זאָנע, די קרימינעלע. פאַרשטענדלעך, אַז די גאַנצע באַשיינונג, באַגרינונג איז געמאַכט געוואָרן אויפן חשבון פון אונדזער אָפּרו־צייט.

דער לאַגער האָט טאַקע באַקומען אַ יום־טובדיקן אויסזען: באַגרינט, אַלץ איז שוין געווען גרייט צום אָנקום פון דער העכערער נאַטשאַלסטווע פון צענטער. דער לאַגער־נאַטשאַלניק האָט געוואָלט ווייזן דער קאָמיסיע וואָס פאַר אַ גוטער באַלעבאָס ער איז, זיי באַאיינדרוקן.

וועגן די דערגרייכונגען אויף דער בויאונג קאָן מען דערווייזן מיט פּאַפּיר און אַ פּען — עס וועט זיי שוין דערווייזן די דערפאָלגן. „בומאַגאַ טערפּיעט" (פּאַפּיר קען אַלץ אויסהאַלטן) איז דאָ אַ רוסיש ווערטל. וויכטיקער פון אַלץ, האָט דער נאַטשאַלניק אויסגערעכנט, איז דער ערשטער איינדרוק, די שיינקייט פון לאַגער. יעדנפאַלס איז נאָך די בויאונג פון גרויסן נאַרילסקער מעטאַלורגישן קאָמבינאַט געווען אין סטאַדיע פון צוגרייטונג. יעדן טאָג איז געקומען אַ פאַרשטייער פון דער „קאָוועטשע" (דערציאונגס־אָפּטיילונג) אונדז צו אַגיטירן, אַז מיר דאַרפן בעסער אַרבעטן, געבן מער פּראָצענטער: דאָס לאַנד געפינט זיך דאָך אין מלחמה־צושטאַנד.

— אַלץ פאַרן פראָנט!

— אַלץ פאַרן זיג! — האָבן אַרויסגעשיינט גרויסע לאָזונגען פון די ווענט אין דער קיך, אין די באַראַקן. מיר זענען דאָך „קאָנטריקעס", פאַרמשפּטע פאַר קאָנטער־רעוואָלוציע, פאַר אַנטי־מלוכה־טעטיקייט, און דאָך פאָדערט מען פון אונדז פאַטריאָטיזם. קען מען ביי זיי געפינען לאָגיק?

אונדזער נאַטשאַלניק פון לאַגער־פּונקט באַמיט זיך מיט אַלע כּוחות צו מאַכן אַ גוטן איינדרוק אויף דער קאָמיסיע וואָס דאַרף קומען. אין דעם איז אָפּהענגיק זיין קאַריערע, זיין צוקונפט.

גאָר בקרוב דאַרף קומען די קאָמיסיע. אַלץ איז שוין גרייט, די לאַגער־זאָנע אין ריין, אויסגעפּוצט, פאַרזעצט ביימעלעך אַרום די באַראַקן, געמאַכט אַ סקווער ארום דער קיך. דער נאַטשאַלניק שיינט פאַר שמחה. ער איז זיכער, אַז דאָס וועט געפעלן ווערן דער קאָמיסיע, און מ׳וועט אים לויבן פאַר דער גוטער אַרבעט און ער וועט מעגלעך, אויך געהעכערט ווערן אין זיין אַמט, אין „טשין״.

ביי מיר פילט זיך גאַרנישט קיין שמחה. מיין שטימונג איז אַ געדריקטע, כ׳פיל זיך נידערגעשלאָגן. יעדן פרימאָרגן, ווען ס׳איז נאָך פינצטער, מוז איך אויפשטיין, גיכער איבערכאַפּן דאָס ביסל שיטערע יושקע און איילן צו דער שווערער קאַטאָרגע־אַרבעט אויף 10 לאַנגע שעהן. כ׳פיל צו אַלץ אַ גלייכגילטיקייט...

ס׳איז ביי מיר אַ געווינהייט אַזאַ, אַז אַדורכגייענדיק דורך אַ גרינעם קוסט אָראָפּצורייסן אַ בלעטעלע, כ׳טו דאָס אינסטינקטיוו.

והא־ראיה — גייענדיק אינדערפרי צו דער גאַרקיך אין געאייל גיכער אָפּצועסן און ארויסגיין צו דער אַרבעט, האָב איך לויט מיין געוווינהייט, אפילו נישט טראַכטנדיק, אַז איך טו דאָס — אַראָפּגעריסן אַ בלעטעלע פון אַ ניי־איינגעזעצטן קוסט.

כ׳וויס נישט פון ווו און פון וואַנען כ׳האָב דערהערט אַ שטאַרקן געשריי:

— „מערזאַוויעץ״, סוואָלאַטש, וואָס טוסטו?!

פאַר מיר איז געשטאַנען דער לאַגער־נאַטשאַלניק זובראָוו, רויט פון כעס, פול מיט רציחה, גרייט זיך צו וואַרפן אויף מיר; ער האָט זיך איינגעהאַלטן מיט איינזערנע צוואַנגען מיך נישט דורס צו זיין. ער האָט זיך געוואָנדן צום דערנעבן־שטייענדיקן „נאַראַטשיק״:

— ברענג באַלד דעם „מערזאַוויעץ״ אין מיין קאַבינעט אריין!

צו דער אַרבעט בין איך שוין דעם טאָג נישט געגאַנגען. דער „נאַראַטשיק״ האָט געוואַרט אויף מיר ביז כ׳האָב אויסגעזופּט די „באַ־לאַנדע״, ער איז שוין פון מיר נישט אָפּגעטראָטן און מיך גלייך אַוועקגעפירט נאָכן „ראַזוואָד״ אין נאַטשאַלניקס קאַבינעט. דאָ האָט שוין זובראָוו אויף מיר אויסגעגאָסן אַ גאַנצע סעריע זידלערייען און „פּאַמאַטעריעס״:

— דו שעדיקער, אונטעררייסער, פאַרניכטער! — האָט ער גע־שריגן — מ׳וואָלט דיך געדאַרפן משפטן פאַר שעדיקעריי, זאָלסט האָבן צו געדענקען!

כ׳פּרוביר זיך צו פאַרטיידיקן, אַז כ׳האָב דאָס נישט געטאָן מיט קיין כיוון, נישט מיט קיין ספּעציעלן שלעכטן מיין, נאָר פּשוט אינסטינקטיוו. ער לאָזט מיך נישט רעדן, ער לאָזט מיך זיך נישט פאַרטיידיקן. ער ברענט פון כּעס.

— פירט אים אין איזאָלאַטאָר אויף 10 טעג! — טראָגט דער נאַטשאַלניק ארויס זיין אורטייל.

צום אומגליק האָב איך דאַסמאָל געהאַט גליק. גראָד איז מיר אין איזאָלאַטאָר געווען נישט אַזוי שלעכט, אַ חוץ, וואָס די פּייקע ברויט איז געווען אַ קלענערע — נאָר 300 גראַם און די שיטערע יושקע. אַקוראַט איז אין דער צייט געווען אין איזאָלאַטאָר צו ווייניק באַשטראָפטע, נאָר פינף און ס׳האָט זיך זיי נישט געלוינט צו שיקן אַ ספּעציעלן וועכטער, אַ „קאָנוואָי", ער זאָל די „איזאָלאַטאָרטשיקעס" פירן אויסער דער זאָנע אויף שווערע אַרבעט. דערפאַר האָט מען אונדז אויסגענוצט אויף אַרבעט אין דער זאָנע, ווו מ׳דאַרף נישט קיין „קאָנוואָי", אויף צו רייניקן — אַ לייכטע אַרבעט — וואָס אין די לאַגער־באַדינגונגען איז דאָס ממש אַ געווינס, אַ גליק.

צום אומגליק האָב איך דאָס מאָל דווקא געהאַט גליק...

## דורך פּראָטעקציע צו שניידעריי

מיין לאַגע האָט זיך ראַדיקאַל פאַרערגערט. וועלטן האָב איך געקריגן אַ פולע פּייקע (800 גראַם ברויט אַ טאָג) און דאָס איז דאָך די הויפּט־שפּייז. אַז מ׳קריגט ווייניקער ברויט קריגט מען אויך אַן ערגערן מיטאָג. דער הונגער, וואָס איז דער שטענדיקער באַגלייטער פון אַרעסטאַנט, איז געוואָרן נאָך שטאַרקער, נאַגנדיקער. אַ גאַנצן טאָג געפינט מען זיך אויפן פראָסט פון אַרקטיקן צפון־קלימאַט, ווערט מען אַדורכגעפרוירן דורך און דורך. מיין אַנטועכץ איז געווען מיינסטנס פון „דריטן סראָק". דאָס אַנטאָן טיילט זיך אויף דריי קאַטעגאָריעס, „סראָקן" הייסט דאָס. דער ערשטער „סראָק" אַנטועכץ באַשטייט פון נייע זאַכן: הויזן, „טעלעגרייקעס" (שפּענצערס) און „בושלאַטן" (האַלב־מאַנטלען). צווייטער „סראָק"־אַנטועכץ איז שוין אַביסל פאַרראַכטענע. דאַקעגן דער דריטער „סראָק" איז שוין געווען אַ לאַטע אויף אַ לאַטע, מ׳האָט געניי נישט געקענט וויסן וואָס פאַראַ קאָליר דער מלבוש האָט געהאַט ביים געבוירן ווערן. די וואַטע אין אַזאַ אַנטועכץ איז געווען

צעריבן און האָט גאָר ווייניק געוואָרעמט. אַקוראַט ווי אַרעסטאַנטן, וואָס פילן נישט אויס דעם פּלאַן, דאַרפן געפּרווירן ווערן.

מיטן פאַרערגערן זיך פון מיינע לעבנס־באַדינגונגען ביי דער אַלגעמיינער אַרבעט, האָט זיך גיך אויך פאַרערגערט מיין געזונט־צושטאַנד וואָס האָט זיך אָנגעהויבן קייקען באַרג אַראָפּ. כ׳בין שוין געווען אין לאַגער עטלעכע יאָר און כ׳האָב פאַרשטאַנען פון מיין לאַגער־דערפאַרונג, אַז כ׳מוז עפּעס טאָן זיך צו ראַטעווען, ווי לאַנג ס׳איז נאָך נישט צו שפּעט. כ׳מוז זוכן פּראָטעקציע. כ׳מוז געפינען עפּעס אַ מיטל צו פאַרבעסערן מיין איצטיקן מצב.

צו מיר זענען דערגאַנגען קלאַנגען, אַז אַבראַם יאַקאָוולעוויטש סווינסקי איז געוואָרן „זאַוויעדושטשי״ (פאַרוואַלטער) פון צענטראַלן לאַגער שניידער־וואַרשטאַט, וואָס האָט זיך געפונען אויסער דער זאָנע. אים האָב איך באַקענט נאָך מיט עטלעכע יאָר צוריק. מיר האָבן זיך געטראָפן אין לאַגער. ער איז געקומען אין איין עטאַפּ מיט ליובאָוו־סקין און מאַרקאָוון. פון צייט צו צייט האָבן מיר צווישן זיך גע־רעדט ידיש. אָבער קיין ספּעציעלע פריינדשאַפט ווי מיט ליובאָוו־סקין און מאַרקאָוון איז צווישן אונדז נישט געווען. פאַרן אַרעסט, אויף דער פריי איז סווינסקי געווען אַ גרויסע „שישקע״, געווען אין דער אָנפירערשאַפט, אפילו העכער פון ליובאָווסקי׳ן. אַליין איז ער געווען אַ קליינער, אַ פיזיש שוואַכער, נאָר ער האָט געהאַט אַ גרויסן פאַרטייאישן סטאַזש.

ווען סווינסקי איז געקומען אין לאַגער, האָט ער נישט געקענט ווערן קיין בריגאַדיר, ווי אַנדערע ידדן (געלערנטע ידדן) ווי ליובאָוו־סקי אָדער גאָלדבערג. זיין קליינע פיגור, זיין אויסזען פון אַ שוואַך מענטשל, האָט נישט געקענט אַרויסרופן קיין רעספּעקט צו זיך, ווי צו אַ בריגאַדיר. האָט מען אים, ווי געווינטלעך, געשיקט אויף אַלגעמיינע אַרבעט. זייענדיק געוווינט פון דער פריי שטענדיק צו זיין אָנגע־זעענער, העכער אין זיין פּאָזיציע פון אַנדערע, איז ער דאָ אין לאַגער געוואָרן אַראָפּגענידערט צו דער נידעריקסטער מדרגה, צו דעם נידע־ריקסטן טייל פון די אַרעסטאַנטן. ער האָט באַקומען אַ גרויסע „קיר־קע״ (אַ מכשיר צו גראָבן ערד), און ער האָט געדאַרפן, ווי אַנדערע בריגאַדניקעס, מאַכן אַ נאַרמע, אויסגראָבן אַזויפיל און אַזויפיל איי־ביק־פאַרפרוירענער ערד מיט דער הילף פון דער מעטאַלענער „קירקע״. די שטאַרקע פעסט־געבויטע איוואַנעס האָבן טאַקע גע־קענט גראָבן די ערד, מחמת זיי זענען געווינט געווען דערצו פון דער היים און טאַקע געמאַכט די נאַרמע. אַבראַם יאַקאָוולעוויטש סווינ־סקי אָבער, וואָס איז נישט געווען געוווינט צו פיזישע אַרבעט און איז אויך געווען פיזיש שוואַך, אַז ער האָט נאָר עטלעכע מאָל גע־

געבן אַ קלאַפּ מיט דער מעטאַלענער „קירקע" אין דעם פאַרפרוירע־נעם שטיינערנעם גרונט וואָס איז געווען האַרטער פון דער „קירקע", איז ער גיך פאַרשוויצט געוואָרן. די „קירקע" האָט זיך פאַרטעמפּט, און פון דער ערד האָט ער ווייניק אויסגעגראָבן. ער איז געווען אַן איינגעשפּאַרטער, ער האָט דווקא געוואָלט דעריאָגן די אַנדערע ברי־גאַדניקעס. האָט ער אָבער נישט געהאַט דעם פיזישן כוח דאָס אַדורכ־צופירן און ס'האָט זיך ביי אים גאָרנישט באַקומען, ס'האָט זיך אים גאָרנישט איינגעגעבן. איז ער דאַן געזעסן אויף דער פאַרפרוירענער ערד, ביי זיין קליינעם גריבל אין פאַרגלייך מיט גרויסע אויסגע־גראָבענע גריבער פון אַנדערע שטאַרקע בריגאַדניקעס און שטיל אין זיך געוויינט. אחוץ וואָס ער האָט געקריגן אַ קלענערע פּייקע ברויט און איז געווען מער הונגעריק פון אַנדערע בריגאַדניקעס, איז אים געווען אַ ווייטיק און אַ חרפּה. ער, וואָס איז שטענדיק געשטאַנען העכער פון אַט די איוואַנעס, פון די אַרבעטער — מיט זיי קאָמאַנ־דעוועט — שטייט איצטער אָפּ פון זיי.

נאַטירלעך האָט אים אויך געמאַטערט דער פראָסט און הונגער. האָט ער געזוכט אַן אויסוועג צו זיין שווערער לאַגע. האָט ער דאַן באַ־שלאָסן זיך צו העלפן אויפן חשבון פון זיינע מיט־אַרעסטאַנטן, צו ווערן אַ מוסר: ער וועט צוטראָגן צו דער לאַגערנער נקודה, צום דריטן אָפּ־טייל, ווער ס'האָט קאָנטער־רעוואָלוציאָנערע מיינונגען.

קען זיין, אַז אויף דער פריי האָט ער דאָס אויך געטאָן. ער האָט זיך, מסתּמא, פאַרענטפערט פאַר זיין געוויסן, אַז אפילו אין לאַ־גער איז ער געטריי דער ראַטנמאַכט... ער האָט געמסרט זיינע פריינד, יידן, וואָס האָבן געהאַט צו אים צוטרוי און האָבן אין געשפּרעכן מיט אים אַרויסגעזאָגט זייערע מיינונגען. צום ביישפּיל, דער געוועזענער פּראָקוראָר פון דניעפּראָפּעטראָווסק, סאַמאַילאָוו, האָט אין אַ געשפּרעך מיט סווינסקין געזאָגט, אַז לויט זיין מיינונג וועלן די דייטשן אָנפאַלן אויפן ראַטנפאַרבאַנד (דאָס איז געווען פאַרן קריג). האָט ער אים פאַרמסרט. ס'איז פאַרגעקומען אַ פּראָצעס קעגן סאַמאַילאָוון. סווינסקי איז געווען אַן עדות פון דער באַשולדיקונג און סאַמאַילאָוו האָט באַ־קומען נייע 8 יאָר לאַגער פאַר באַשמוצן.... היטלער־דייטשלאַנד — אַ פריינד פון ראַטנפאַרבאַנד. שפּעטער, ווען דייטשלאַנד איז טאַקע אָנגעפאַלן אויפן ראַטנפאַרבאַנד, איז סאַמאַילאָווס נייער אורטייל אַלצ־איינס געבליבן אין קראַפט: גיי זוך ביי אַ קאָזאַק יושר!...

ער האָט אויך אַנדערע יידן געמסרט און נישט נאָר יידן, און יענע האָבן געקריגן נייע אורטיילן. איך האָב וועגן דעם אַלעם געוווּסט און זיך באַמיט צו זיין מיט אים פון דער ווייטנס. אַבראַם יאַקאָוו־לעוויטש האָט פאַר זיין גוטן דינען דער נקודה געקריגן אַ וואַרעם

ערטעלע צו דער אַרבעט אין לאַגער. ער איז געוואָרן „דניעוואַלני״ אין דער „אורטשע״־קאָנטאָר, געהאָלפן די „נאַראַטשיקעס״. מ׳האָט אים אויך אינגיכן פאַרקלענערט דעם אורטייל אויף 2 יאָר און ס׳האָט נישט לאַנג געדויערט און ער איז באַפרייט געוואָרן. דאָס אַלץ, דעם גאַנצן גליק זיינעם האָט ער געבויט אויפן אומגליק פון אַנדערע אַרעסטאַנטן.

ווען מיין איצטיקע לאַגע האָט זיך אַזוי שטאַרק פאַרערגערט, איז שוין אַבראַם יאַקאָוולעוויטש סווינסקי געווען אַ פרייער בירגער, אָבער ער איז צוריק אין זיין היימשטאָט קיעוו נישט געפאָרן. ערשטנס נאָכן פאַרענדיקן זיין קאָנטער־רעוואָלוציאָנערן אורטייל האָט ער געקראָגן אַ פאַספּאָרט מיט באַגרענעצונגען, ער האָט נאָר געקענט וווינען איבער 100 קלמ. פון אַ גרויסער שטאָט, אויך פון קיעוו. צווייטנס, האָט ער זיך דאָ, אין צפון גוט געפילט. ד׳ערוויל (מלחמה־צייט) זיכערער מיט אַ בעסערער „סנאַבזשעניע״ (באַזאָרגונג).

ער איז אַלס פרייער בירגער געוואָרן „זאַוויעדושטשי״ (פאַרוואַל־טער) פון צענטראַלן שניידער־צעך פאַרן גאַנצן לאַגער. כאָטש כ׳האָב נישט געהאַט וועגן אים קיין גוטע מיינונג און כ׳האָב אים נישט ליב גע־האַט, נאָר ווי זאָגט זיך אַ ווערטל: אַז מען דאַרף דעם גנב, שניידט מען אים אָפּ פון דער תליה. כ׳האָב געזען, אַז ער קען מיך ראַטעווען אין מיין שלעכטער לאַגע — האָט איך אָנגעהויבן זוכן קאָנטאַקטן, פאַר־בינדונגען מיט סווינסקין דורך די שניידערס, וואָס זענען אהין גע־גאַנגען אַרבעטן פון אונדזער לאַגער־פונקט און ס׳האָט זיך מיר איינ־געגעבן: ס׳איז אָנגעקומען אין „אורטשע״ אַ פאָדערונג פון שניידער־צעך אויף מיין נאָמען, מ׳זאָל מיך שיקן אהין.

צוזאַמענגנס בין איך שוין געגאַנגען צוזאַמען מיט די שניידערס צום צענטראַלן שניידער־צעך פון לאַגער. כ׳האָב זיך דאָרטן באַגעגנט מיטן נאַטשאַלניק, ד״ה מיט סווינסקין. ער האָט מיך אויפגענומען אין זיין שיינעם קאַבינעט. ס׳איז אים קוים געווען צו דערקענען, אַז דאָס איז דער זעלבער געוועזענער נעבעכדיקער אַרעסטאַנט, וואָס איך האָב געקענט. אונטער דעם מאַסיוון ביוראָ־טיש אין זיין קאָנטאָר, איז געזעסן דער נאַטשאַלניק. מ׳האָט זיך גאָרנישט געקענט פאַרשטעלן, אַז דאָרטן זיצט אַזאַ קליינע פיגור. זיין קײ־לעכדיק פנים איז געווען גלאַט־ראַזירט, און ער האָט געקוקט אויף מיר מיט שטאָלצקייט, ווי אַ נאַטשאַלניק אויף אַן אונטערטעניקן, אויף אַ זע־קאַ.

ער האָט זיך צו מיר געוואָנדן אין רוסיש, ווען מיר זענען גע־בליבן אויג אויף אויג. דערמיט האָט ער געוואָלט אונטערשטרייכן די אָפיציעלקייט און זיין וואַזשנעקייט. ער האָט געזאָגט, אַז ער האָט

מיר געטאָן אַ גרויסע טובה און מיך אַרויסגעפּאָדערט אין זיין צעך און באַפּרידיקט מיין ביטע. דאָ וועל איך זיין אין דער וואַרעם. די אַרבעט איז אויך נישט קיין שווערע. מיט דער צייט וועל איך זיך אויסלערנען שניידעריי, נייען אויף אַ מאַשין. צי ער האָט דערמיט געוואָלט אויסקויפן, כאָטש אביסל, זיינע זינד קעגן די אַרעסטאַנטן, וואָס ער האָט אַזויפיל שלעכטס געטאָן? צי האָט ער אַזוי אַרום געוואָלט באַרואיקן זיין שמוציקן געוויסן?

מיט אַ שטימע פול מיט וואַזשנעקייט האָט ער זיך געוואָנדן צו מיר:

— דו דאַרפסט באַרעכטיקן דעם צוטרוי, וואָס כ׳האָב אַרויס־געוויזן צו דיר! וועסט דאָ טראַקטירט ווערן ווי אַלע אַנדערע אַר־בעטער אָן פּריווילעגיעס „פּאָניאַל״? (פאַרשטאַנען?).

אוודאי האָב איך פאַרשטאַנען. אים, וואָס אליין איז ער אַ פרייער בירגער, אַ זאַטער מענטש איז גוט צו זאָגן, צו געבן אָנווייזונגען. מיר אָבער, דעם הונגעריקן אַרעסטאַנט, איז נישט געווען לייכט דאָס אויס־צופירן. אמת, די אַרבעט איז טאַקע געווען אַ לייכטע, נישט צום פאַר־גלייכן צו דער אַלגעמיינער אַרבעט אויפן פראָסט, אָבער עסן דאַרף מען דאָך אפילו ווען מ׳אַרבעט לייכט.

יעדער שניידער האָט עפּעס „פּראַמישליאיעט״ (אויסקאָמבינירט, זיך ארויסגעהאָלפן) צו האָבן עפּעס א זייטיק פאַרדינסטל, צו קענען קריגן נאָך אַ שטיקל ברויט. די פּייקע ברויט איז דאָ אין שניידער־צעך, געווען קלענער, 600 גראַם, פאַרן אויספירן די נאָרמע. קוואַליפיצירטע שניידערס האָבן אויך געהאַט נאָרמעס און אויספירנדיק איבער דער נאָרמע האָבן זיי געקריגן מער.

איך, ווי אַ נישט־קוואַליפיצירטער, נישט קיין שניידער, בין געוואָרן באַשעפטיקט אין סקלאַד, וווּ ס׳זענען אָנגעקומען מלבושים, שינעלן, היטלען, הויזן. מערסטנס האָט מען דאָס געבראַכט פון פראָנט: צעריסענע, פאַרבלוטיקטע. דאָ, אין סקלאַד זענען די מלבושים גע־וואָרן סאָרטירט, צעטרענט און דערנאָך איז עס געוואָרן אויסגע־נוצט, איבערגעאַרבעט, אָדער געמאַכט אָנטועכץ פאַר די זע־קאָ. אַזוי, אַז איך האָב געהאַט אַ צוטריט צו דער ערשטער קוועלע, צום קליידער־סקלאַד. ווי אַזוי האָב איך נישט געקענט אויסנוצן אַזאַ זעלטענע געלעגנהייט אויף צו קריגן דערפון אַ שטיקל ברויט? אמת, פאַרן ארויסגיין פון צעך איז שטענדיק פאַרגעקומען אַ „שמאָן״ (רעוויזיע), אָבער כמעט יעדערער האָט עפּעס ארויסגעטראָגן, כדי צו פאַרדינען, צו האָבן עפּעס אַ שמאַטע צו פאַרריכטן אַ בגד, איבער־נייען פאַר זיך, אָדער פאַר עמעצן און דערמיט צופאַרדינען צו דער הונגער־פּייקע ברויט.

איך האָב געהאַט אַ גרויסע באַקאַנטשאַפט מיט די ידישע אינ־זשיניערן, טעכניקער פון אי.טי.ער.־באַראַק, ווו כ׳האָב לייכט גע־קענט פאַרקויפן פאַר ברויט אַ לייטיש היטל, אָדער אַ פּאָר פוטערנע הענטשקעס. אַ גרעסערע זאַך, ווי הויזן, אָדער אַ לייבל איז געווען אוממעגלעך ארויסצוטראָגן פון שניידער־צעך. נאָר אַזוי ווי איך האָב געאַרבעט אין קליידער־סקלאַד, האָב איך געקענט אויסקלייבן פון די מיליטערישע פוטערנע היטלען בעסערע, וואָס האָבן געהאַט אַ בעסערן, שענערן פוטער, אָדער אַ בעסערן „וויערך" (אויבערשלאַק), פלעג איך אַראָפּטרענען דעם בעסערן פוטער פון איין היטל און איבערנייען מיט די הענט צו אַ צווייטן היטל מיט אַ בעסערן „וויערך". כ׳האָב אויך אַראָפּגענומען גוטן פוטער פון היטלען און פון דעם גע־מאַכט פוטערנע, וואַרעמע הענטשקעס. כ׳האָב עס גוט אויף מיין קער־פּער בטהאַלטן, אַז ביים „אָביסק" האָבן זיי דאָס נישט געקענט גע־פינען. אהיימקומענדיק האָב איך דאָס לייכט „פאַרציקערט" ביי מיינע באַקאַנטע אין אי.טי.ער.־באַראַק.

ס׳האָט אויסגעזען צו זיין זייער גוט: כ׳האָב געאַרבעט אין דער וואַרעם, שוין געקענט פאַרדינען מער ברויט, כ׳בין געווען זאַטער. וואָס קען נאָך זיין בעסער? אין שניידער־צעך האָב איך זיך באַמיט אַלץ צו טאָן אין געהיים, אַז קיינער זאָל נישט באַמערקן, מ׳זאָל מיך נישט אויסגעבן, מ׳זאָל מיך נישט כאַפּן. אַ געווויסע צייט איז אַלץ אַדורכגעגאַנגען גאַנץ גוט. כ׳האָב געמיינט, אַז קיינער זעט גאָרנישט און באַמערקט גאָרנישט.

ווי ס׳האָט זיך שפּעטער ארויסגעוויזן, זענען געווען אויגן אומעטום, אפילו ווען מ׳זעט זיי נישט.

איינמאָל, ווען כ׳בין געווען שטאַרק פאַרנומען מיט צוגרייטן אַ נייע „באַשטעלונג" (כ׳האָב אַראָפּגעטרענט דעם פוטער פון אַ היטל) האָב איך געפילט ווי עמעצער האָט מיך געגעבן אַ כאַפּ ביי דער האַנט. כ׳האָב ראַפּטעם אויפגעהויבן מיינע אויגן און אַנטקעגן מיר איז געשטאַנען דער בריגאַדיר פון שניידער־צעך; ער האָט מיט רציחה אויסגעשריגן צו מיר:

— אַט מיט וואָס דו פאַרנעמסט זיך, אַנשטאָט צו אַרבעטן. קום שוין צום נאַטשאַלניק.

כ׳בין אריינגעפאַלן, ער האָט מיך געכאַפּט אויף דער „הייסער" מינוט. דער בריגאַדיר האָט מיך גלייך אַוועקגעפירט צום נאַטשאַלניק.

אַבראַם יאַקאָוולעוויטש, אויסהערנדיק די אָנקלאַגע פון בריגאַ־דיר, האָט אויף מיר געוואָרפן אַ בייזן בליק.

— נו, אַזוי באַרעכטיקסט דו מיין צוטרוי? — האָט ער געפרעגט, ווי דורכגעזייט דורך די ציין.

כ'האָב גאָרנישט געקענט ענטפערן אין מיין פאַרטיידיקונג. כ'בין דאָך דאָסמאָל טאַקע געווען שולדיק. כ'האָב נאָר שטיל געזאָגט מיט אַ געבעט:

— „איזוויניטע" (אַנטשולדיקט). ס'וועט זיך מער נישט אי־בערחזרן, אַנטשולדיקט...

ס'האָט נישט געהאָלפן מיין בעטן און מיין צוזאָגן, אַז דאָס וועט זיין דאָס לעצטע מאָל. דער פסק־דין פון בייזן נאַטשאַלניק איז געווען אַ קורצער און אַנטגילטיקער:

— שיק אים צוריק אין „אורטשע"!

ס'האָט זיך ווידער געענדיקט אַ שטיקל „גוטע צייט" פון מיין לאַגער־לעבן. נאָר אַ דאַנק אַזעלכע „שטיקלעך גוטע צייטן" האָב איך געקענט איבערלעבן, אַדורכמאַכן די 10 יאָר פון מיין נישט־פאַרדינטער שטראָף.

נאָך אַ קורצער צייט אויף דער אַלגעמיינער אַרבעט בין איך געוואָרן אָפּגעשוואַכט, פאַרלוירן די כוחות. צוליבן פעלן פון גרינוואַרג, צוליב דער שלעכטער און נישט גענוגנדיקער שפּייז, און פעלן פון דעם וויטאַ־מין „צע" (דאָ וואַקסט דאָך גאָרנישט, אַלץ ווערט אריינגעפירט), באַקומען די זע־קאַ געשווירן אויף די פיס, קוים מ'קען גיין, ס'פאַלן אויך ארויס די ציין. אויך באַקומען טייל זע־קאַ די „קורינע סלעפּאָטאַ" (אַזאַ קרענק וואָס הייסט היגערישע בלינדקייט), ווען ס'איז טונקל אין דרויסן זעט דער קראַנקער גאָרנישט, מ'מוז אים פירן אונטער די הענט. טייל ווערן אויך קראַנק צוליבן פעלן פון וויטאַ־מין „צע" אויף צינגאַ, אָדער „פּילאַגרע" (שקאָרבוט), דער ליידנ־דיקער גוף פון קראַנקן „עסט" אויף דאָס פעטס פון אונטער דער הויט. די הויט ווערט שלאַבערדיק און דאָס מינדסטע צעדראַפּען אויפן קערפּער קען זיך נישט פאַהיילן, נאָר פוילט. דאַן ווערט דער זע־קאַ אין גאַנצן אַפּאַטיש צו אַלץ און זייער אָפּגעשוואַכט.

צו באַקעמפן די צינגאַ־קראַנקהייט, וואָס האָט שוין אַנגענומען אַ מאַסן־כאַראַקטער, האָבן די דאָקטוירים מיט דער אָנפירערשאַפט באַ־שלאָסן צו געבן די אַרעסטאַנטן אַ געטראַנק פון געקאָכטע נאָדלען פון די נאָדל־ביימער. די דאָקטוירים האָבן אויסגעפונען, אַז דער געטראַנק האָט אין זיך דעם וויטאַמין „צע". די נאָדלען פון די נאָדל־ביימער, וואָס וואַקסן יאָ אין דער געגנט, קען מען קריגן מיט איי־גענע מיטלען. זיי, די דאָקטוירים האָבן אָבער נישט פּרובירט די ביטערקייט פון דעם געטראַנק.

מיר קומען פון דער אַרבעט מידע נאָכן שלעפּן זיך עטלעכע

קילאָמעטער צו־פוס, נאָכן „שמאָן“ ביי דער וואַך, זענען זיי אונדז מכבד מיט אַט דעם געטראַנק פון געקאָכטע ביימער־נאָדלען. ס'איז ביטער, ס'שלאָגט צו דער גאַל. מ'מוז דאָס טרינקען. מ'צווינגט צו טרינקען. דאָס היסט ביי זיי אַ היל־מיטל. ס'איז אַזוי אויך ביטער אונדזער לעבן, מוזן מיר נאָך איינעמען דאָס ביטערניש.

אַזעלכע לעבנס־באַדינגונגען איז באמת שווער אויסצוהאַלטן. ס'דערפירט צו אָפּשוואַכונג, צו קראַנקהייט. ס'האָט אויך מיך נישט אויסגעמיטן. כ'האָב זיך געפילט זייער אָפּגעשוואַכט. כ'האָב אַלץ אָפּטער אָנגעהויבן צו גיין אין דער אַמבולאַטאָריע און שטיין אין די לאַנגע רייען צום דאָקטער.

ס'האָט לאַנג נישט געדויערט און ביי דער אַלגעמיינער ארבעט בין איך געוואָרן אַלץ דאַרער און שוואַכער, אַז כ'האָב שוין קוים געקענט שלעפּן מיינע פיס. ביי דער נאָענטסטער מעדיצינישער קאָמיסיע בין איך געוואָרן אָנערקענט אַלס צו שוואַך צו ארבעטן אויף אַלגעמיינע אַרבעט — מיין קאַטעגאָריע איז געוואָרן באַצייכנט אַלס צווייטע אַ־ער — אויסצונוצן נאָר אויף לייכטע אַרבעט.

## כ'ווער „דניעוואַלני“ — דאַסמאַל ביי „אורקעס“

אויף צומאָרגנס, נאָך דער קאָמיסיע, האָט דער „נאַראַטשיק“ מיר געמאָלדן, אַז כ'קען בלייבן אין באַראַק, נישט גיין צו דער אַר־בעט מיט דער בריגאַדע. ס'איז שוין געווען פאַר מיר גרייט אַ פאַר־אָרדענונג פון „אורטשע“, אַז כ'ווער איבערגעפירט אַרבעטן אַלס „דניעוואַלני“. דאָס איז געווען די לייכטע אַרבעט, לויטן באַשלוס פון דער מעדיצינישער קאָמיסיע, וואָס דאַרף מיך צוריקברענגען צו די כוחות.

דער לאַגער־קאָמענדאַנט, דאָס מאָל אַן אַרמענער, וואָס זיין רוסיש איז געווען אַ געבראָכענער, האָט מיך געדאַרפט צוטיילן צו דער אַרבעט אַלס „דניעוואַלני“. זיין ערשטע פראַגע איז געווען, ווען ער האָט מיך אָפּגעמאָסטן פון קאָפּ ביז די פיס:

— וואָס וועל איך טאָן מיט אַזאַ „דאָכאַדיאַגע“? (שוואַכלינג).

וואָס האָב איך געקענט ענטפערן? בעסער פאַרשוויגן. אַנדערע „דניעוואַלניעס“, וואָס האָבן ביי אים לענגער געאַרבעט האָבן שוין געהאַט ביי אים „בלאַט“ און געאַרבעט אויף בעסערע ערטער.



„אַ דאָכאָדיאַגע״ (צייכענונג פון ס. דאָברייצער)

דער קאָמענדאַנט האָט פאַר מיר געפונען אַן אָרט אַלס „דניע־וואַלני" אין אַ נייעם, נאָך נישט פאַרענדיקטן באַראַק, אָבער אַרעס־טאַנטן האָבן שוין דאָרטן געוווינט. קיין עלעקטרישע ליכט איז נאָך נישט געווען איינגעצויגן. ס'האָבן ביינאַכט געברענט עטלעכע „לוטשינקעס" (האָלץ־שפּענדלעך). דאָס איז געווען די גאַנצע באַלייכטונג. ווען דער קאָמענדאַנט האָט מיך געבראַכט אויף מיין נייעם אַרבעטס־אָרט, באַלד אינדערפרי, זענען די בריגאַדעס שוין געווען ביי דער אַרבעט. דער באַראַק איז געווען ליידיק, אויסער עטלעכע קראַנקע. כ'האָב גלייך אויסגעוואַשן די פּאַדלאָגע, אויך אַכטונג געגעבן, אַז קיין זייטיקע זאָלן נישט אַריינקומען. כ'בין שוין אין די פריערדיקע יאָרן געווען אַ „דניעוואַלני". אַזוי, אַז די אַרבעט איז מיר שוין געווען באַקאַנט. בכלל וואָס איז דען דאָ צו קענען? דער עיקר איז, אַז מ'דאַרף האָבן „בלאַט" (באַקאַנטשאַפט, אונטערשמירן) ביים קאָמענדאַנט, ביים „נאַראַטשיק", דאַן וועט שוין אַלץ זיין אין אָרדענונג. אויב נישט וועלן זיי זיך שטענדיק טשעפּען, האָבן פּרעטענסיעס, און שטענדיק געפונען, אַז ס'איז נישט ריין, אַז ס'איז נישט אין אָרדענונג, ווי עס דאַרף צו זיין. דערווייל האָב איך נישט געהאַט מיט וואָס „אונטערצושמירן". איז טאַקע געווען ביטער, דערפאַר האָב איך טאַקע געקריגן אַזאַ פינצטערן, נישט פאַרענדיקטן באַראַק, צו זיין „דניעוואַלני".

ביים סוף פון טאָג, איידער די בריגאַדעס האָבן געדאַרפט קומען פון דער אַרבעט, האָב איך אָנגעטראָגן פולע פעסלעך מיט קאַלטע וואַסער און „קיפּיאַטאָק", מיינע איינוווינער זאָלן האָבן מיט וואָס זיך צו וואַשן און אויך צו טרינקען.

ווען די אַרעסטאַנטן קומען פון דער אַרבעט הייבט זיך ערשט אָן דער אמתער טאַראַראַם. אַ גערויש, אַ לויפעריי. ס'הערן זיך פּרעטענסיעס צום „דניעוואַלני", ד"ה צו מיר, אַז די זאַכן, וואָס זיין האָבן געלאָזט אין באַראַק זענען עפּעס איבערגעדרייט, נישט אַלץ איז ביי זיי אין אָרדענונג. ס'איז נישט קיין וווּנדער פאַרוואָס זיי זענען אַזוי אויפגערעגט, אין כעס: זיי זענען דאָך אַ גאַנצן טאָג געווען אויפן פראָסט ביי שווערע קאַטאָרזשנע אַרבעט, הונגעריק, אונטער די געשרייען סיי פון בריגאַדיר און אויך פון די באַוואָפנטע היטערס. פאַר־וואָס זאָלן זיי נישט אויסלאָזן זייער כעס צו עפּעס אַ „דאָכאָדיאַגע". צו מיר, צום נייעם „דניעוואַלני", אַ שוואַכערן פון זיי?

כ'האָב גלייך באַמערקט, ביים קומען פון די בריגאַדעס פון דער אַרבעט, אַז דאָס זענען נישט קיין „קאָנטריקעס". דער מענטשן־מאַטעריאַל, האָב איך באַמערקט, איז עפּעס אַ געמיש, ווי מען זאָגט אין לאַגער אַ „שוואַל" — אַן אָפּפאַל אפילו פון דער לאַגער־געזעלשאַפט,

פון דער לאַגער־סביבה, פון דער סביבה אין וועלכער כ׳האָב זיך ביז איצטער געפונען צווישן „קאָנטריקעס״. וואָס קען איך אָבער העלפן? כ׳מוז דאָך אַרבעטן דאָרטן וווהין מען שיקט מיך, אַ ברירה האָב איך?

דער אָוונט איז אַדורך אין אמתן קאָשמאַר: אַ גראַטשקע, אַ לוי־פעניש נאָך ברויט, פאַרנאַנדערטיילונג פון דעם ברויט דורכן בריגאַדיר צווישן די בריגאַדניקעס. דאָס איז נישט אַזוי לייכט דורכצופירן, יעדערער וויל אַ „גאַרבושקע״ (אַ רעפטל), ווייל ס׳דוכט זיך, אַז דאָס איז מער אויסגעבאַקענער. ס׳איז געשמאַקער און זעטיקער. פאַרטיילט דעריבער דער בריגאַדיר די פייקעס ברויט לויט אַ גורל: איין בריגאַדניק דרייט זיך אויס מיטן פנים צו דער וואַנט און דער בריגאַדיר וויזט אָן מיט דער האַנט אויף אַ פייקע און פרעגט: „קאָמו״? (וועמען געבן די פייקע?); דער בריגאַדניק רופט אויס אַ נאָמען פון איינעם פון דער בריגאַדע, וועמען מ׳דאַרף געבן אָט די פייקע.

אָט די פראָצעדור גייט אַדורך צווישן די אַלע דריי בריגאַדעס אין מיין באַראַק פון בערך 90 אַרעסטאַנטן. דער טומל איז גרויס. אויך די בריגאַדע־„דניעוואַלניעס״ האָבן שוין געבראַכט די זופּ און דאָס פאַנאַנדערגעטיילט. אַלע האָבן אָפּגעגעסן, זיך אַביסל אָפּגערוט און זיך שוין געגרייט צום שלאָפן.

דער לאַגער־גלאָק (קלאַפּן אין אַ מעטאַלענער רעלסע) האָט אויך אויסגעקלינגען דעם „אָטבוי״ (צייט צו שלאָפן); אַלץ האָט זיך איינגעשטילט, באַרואיקט. די מידע אַרעסטאַנטן האָבן זיך אויף די נאַרעס צונויפגעפּרעסט אויפן ענגן געלעגער, זיך צוגעגרייט צום שלאָפן. איך האָב פאַרנומען מיין אָרט נעבן דער טיר, ווי אַ „דניעוואַלני״ דאַרף טאָן, אַכטונג צו געבן אויף די אָרדענונג, דיזשורירן, אַז קיין פרעמדע זאָלן נישט אריינקומען, ס׳זאָלן נישט פאָרקומען קיין גנבות. אין באַראַק איז האַלב־פינצטער, קיין עלעקטרישע ליכט איז דאָך דערוויל נישט אריינגעצויגן. די „לוטשינקע״־ליכט איז זייער שוואַך, גיט אַ קליינע באַלייכטונג. כ׳באַמערק, אַז פון צייט צו צייט גייט עמעצער פון מיינע איינוווינערס ארויס אין דרויסן, אין קלאָזעט, דאָס איז דאָך אַ נאָרמאַלע זאַך. דער דרויסן איז פראָסטיק, קאַלט און דער ארויסגייענדיקער אַרעסטאַנט וויקלט זיך איין אין דעם קאָץ מיטן וועלכן ער דעקט זיך צו.

כ׳זיץ אַ גאַנצע נאַכט ביי דער טיר און פיר אויס מיין דיזשורסטווע געוויסנהאַפט און כ׳באַמערק גאָרנישט קיין אויספאַלנדיקס. ס׳זעט אויס ווי אַלץ וואָלט געווען אין אָרדענונג. כאָטש צומאָרגנס אין דער פרי דאַרף איך ווידער אַרבעטן, רוימען, וואַשן די פּאָדלאָגעס און כ׳וועל נישט האָבן קיין צייט צו שלאָפן. כ׳וויל נישט טראַכטן וועגן מאָרגן. כ׳וויל אַז איצטער זאָל אַלץ זיין אין אָרדענונג.

לײדער האָט זיך צומאַרגנס אינדערפֿרי אַרויסגעוויזן אינגאַנצן עפּעס אַנדערש:

ווען די זע־קאַ האָבן זיך אויפֿגעכאַפּט מיטן גלאָק „פּאַדיאָם״ (אויפֿשטיין) און זיך אָנגעהויבן אָנטאָן, האָבן זיך דערטראָגן פֿון אַלע זײַטן געשרייען:

— „דניעוואַלני״, ווו זענען מײַנע ווויליקעס? (פֿילצענע שטיוול).

— „דניעוואַלני״, ווו איז מײַן „בושלאַט״? (אויבער־מאַנטל).

— „דניעוואַלני״, ווו איז מײַן „טעלעגרייקע״? (דאָס וואַטענע לײַבל).

ס׳טוט זיך חושך אין באַראַק, געשרייען, זידלערייען פֿון אַלע זײַטן. דערוויל ווערט שוין שפּעט. זײ, די באַגנבעטע קענען נאָך פֿאַרשפּעטיקן צום „ראַזוואָד״, אַרויסצוגײן צו דער אַרבעט. אַנדערע, וואָס מ׳האָט זײ נישט באַגנבעט שרײַען אויך, נוצן אויס די געלעגנהייט, אַז מ׳האָט זײ אויך כלומרשט באַגנבעט, כדי זײ זאָלן קענען זייערע באַקומענע זאַכן דערנאָך פֿאַרקויפֿן.

באַלד האָט מען געבראַכט דעם קאָמענדאַנט, מײַן באַלעבאָס, אויך דעם „נאַראַטשיק״. מ׳זידלט מיך, מ׳שרײַט אויף מיר. דער קאָמענדאַנט איז מיך גלײַך מכבד מיט אַ שטאַרקן קלאַפּ און שרײַט:

— אַזוי אַרבעטסטו אַלס „דניעוואַלני״? אַזוי האָסטו געהיטן דעם באַראַק, די אָרדענונג? אַ גאַנצע נאַכט ביסטו געשלאָפֿן, סוקין סין, סוואָלאַטש! געמאַכט שותפֿות מיט די גנבֿים! ווו זענען די זאַכן?

איך פֿאַרענטפֿער זיך, אַז כ׳בין אַ גאַנצע נאַכט נישט געשלאָפֿן, כ׳ווייס פֿון גאָרנישט, כ׳קען שווערן. כ׳קען אַלײן נישט פֿאַרשטיין ווי אַזוי דאָס האָט געקענט פּאַסירן. שפּעטער האָב איך זיך אָנגעשטויסן ווי אַזוי זײ האָבן געקענט אַדורכפֿירן די גנבֿות: בײַנאַכט, אויסנוצנדיק די פֿינצטערניש אין באַראַק און מײַן „פֿרײַערישקייט״ (נישט דערפֿאַרנקייט), האָבן די גנבֿים יעדעס מאָל, ווען זײ זענען געגאַנגען בײַנאַכט אינדרויסן צו דערלײדיקן דעם מענטשלעכן געברויך, אײַנגעוויקלטע אין דער קאָלדרע, האָבן זײ אונטער דער קאָלדרע באַהאַלטן און אַרויסגעטראָגן אַ געגנבֿעטע זאַך, ווי ווויליקעס אָדער אַ בושלאַט און דאָס באַגראָבן אונטערן שניי, כדי צו קענען דאָס צומאַרגנס פֿאַרקויפֿן.

מיט וואָס קען איך דערווײַזן, אַז איך בין נישט שולדיק, פֿאַר־וואָס מ׳האָט די אַרעסטאַנטן פֿון מײַן באַראַק באַגנבעט? איך בין דער שולדיקער אין דעם וואָס זײ קענען אינדערפֿרי נישט גײן צו דער אַרבעט! איך בין שולדיק אין אַלעם! קען זײַן, אַז דער קאָמענדאַנט וועט אויך קריגן אַ חלק פֿון די פֿאַרקויפֿטע, געגנבֿעטע זאַכן, נאָר אַ שולדיקער איז דאָ — דאָס בין איך.

די באַגנבעטע, די געליטענע, קריגן גלייך אַנדערע מלבושים, געבראַכטע פון סקלאַד, כדי זיי זאָלן נישט פאַרשפּעטיקן צו דער אַרבעט און מיך פירט מען, לויטן קאָמענדאַנטס באַפעל, אַוועק אין איזאָלאַטאָר אַריין אויף 10 מעת־לעת.

כ׳בין שוין געקומען אין איזאָלאַטאָר אַן אָפּגעשוואַכטער מיט אַ דעציזיע פון דער מעדיצינישער קאָמיסיע מיך צו שיקן נאָר אויף לייכטע אַרבעט. דאָס גיבן זיי נישט פאַר קיין „שיינע אויגן", נאָר פאַר אַ סקעלעטישן קערפּער, אַן אויסגעהונגערטן, אויסגעמאַטערטן גוף, וואָס אָדער ער וועט זיך פאַרבעסערן ביי דער לייכטער אַרבעט, אָדער ער וועט שוין מוזן „ענדיקן" זיין לאַגער־קאַריערע, דעם לאַגער־אורטייל אויף אַן אַנדערער, בעסערער וועלט...

די באַדינגונגען אין איזאָלאַטאָר האָבן נאָך מער פאַרערגערט מיין געזונט־צושטאַנד און אַן אָפּגעשוואַכטן, אַ קראַנקן האָבן זיי מיך געטריבן צו דער שווערער אַרבעט אונטער אַ פאַרשטאַרקטער וואַך. נישט איינמאָל געקריגן אַ שטויס, אַ זעץ פון „קאָנוואָי" מיטן פּריק־לאַד און געשריי: „פּאַטיאָניס" (זיך אונטערצייען), און אַזוי גייענדיק אין דער רייע מיט די אַרעסטאַנטן פון דער אַרבעט ביז... כ׳בין גע־פאַלן אין אַנמאַכט און מ׳האָט מיך געבראַכט צו טראָגן אין לאַגער אַריין און כ׳האָב געהאַט די „זכיה" צו ווערן אויפגענומען פון דאָקטער אַן אַ רייע.

די לעצטע דריי טעג פון די 10 אין איזאָלאַטאָר בין איך שוין געבליבן „שולדיק", שוין נישט אָפּגעקומען, כ׳בין שוין געלעגן אין באַראַק אַ קראַנקער.

## אויף אַרבעט אין דער לאַגער־באָד

בכלל איז אין לאַגער שווער צו לעבן, מ׳לאָזט נישט לעבן, אָבער ס׳איז אויך נישט אַזוי לייכט צו שטאַרבן, זיי ווילן נישט פאַרלירן קיין אַרבעטס־קראַפט. אויב דער אַרעסטאַנט ווערט אַפּאַטיש צו זיך אַליין (דאָס איז שוין דאָס ערגסטע), ווען ער לאָזט זיך אַראָפּ פּסיכיש צו דער מדרגה ווען ס׳איז אים שוין אַלצאיינס און ער באַמיט זיך נישט אַליין זיך צו ראַטעווען און קומען צו די כוחות. אמת, ס׳זענען פאַראַן אָביעקטיווע סיבות וואָס דערמעגלעכן נישט דעם אַרעסטאַנט

זיך צו ראַטעווען, דעריבער האָבן פיל אַרעסטאַנטן אין לאַגער געפונען דעם טויט...

זייענדיק אין ליובאַווסקיס בריגאַדע האָב איך פיל געלערנט פון אים, אַז כ׳טאָר נישט זיין גלייכגילטיק צו מיין גורל. אויב כ׳וויל לעבן און איבערלעבן, מוז איך זיך אַליין העלפן: נישט צורו לאָזן די דאָקטוירים, די נאַטשאַלסטווע, ווען מיין געזונט־צושטאַנד איז שלעכט, ווען כ׳בין אין געפאַר. כ׳מוז זוכן „בלאַט" (פּראָטעקציע) און אַ סך מאָל האָט זיך מיר דאָס איינגעגעבן.

כ׳האָב געמאַכט באַמיאונגען ביי דער העכערער נאַטשאַלסטווע, ביי די מאַכט־אָרגאַנען פון לאַנד צו דערווייזן מיין אומשולד, בעטן באַגנעדיקונג, מ׳זאָל איבערקוקן מיין „דיעלע" (אַקטן). כ׳האָב כסדר געשריבן „זאַיאַוולעניעס" (ביטעס). מיר האָבן געהאַט אַזאַ רעכט איין מאָל אין יאָר דאָס צו טאָן. די ענטפערס זענען שטענדיק געווען קורצע: „אייער ענין אונטערליגט נישט צו ווערן איבערגעקוקט" אָדער „אייער ענין איז געוואָרן איבערגעקוקט און ס׳איז געוואָרן באַשלאָסן דעם אורטייל איבערלאָזן אין קראַפט".

אין 1944 האָב איך געשריבן מיין ביטע אין דער אָפּטיילונג פאַר די נאַציאָנאַלע מינדערהייטן ביים „וויערכאָווני סאָוויעט" (פּאַר־לאַמענט). כ׳האָב געשריבן אפילו אין דער ידישער שפּראַך. ערשטנס, האָב איך געטראַכט, ווייל כ׳בין געוואָרן אַרעסטירט פון דער יידישער אויטאָנאָמער געגנט און צווייטנס איז מיר טאַקע געווען לייכטער אין ידיש אויסצודריקן מיינע טענות און דערווייזן מיינע נישט־גע־זענענע באַשולדיקער, ווי אומגערעכט מיין שטראָף איז; אויך האָב איך געהאָפט, אַז מיין „זאַיאַוולעניע" וועט אפשר לייענען עמעצער מיט אַ ידיש האַרץ און מענטשלעכע געפילן און ער וועט מיך פאַר־שטיין, מיטפילן און מיך באַגנעדיקן.

ס׳זענען אַוועק וואָכן און חדשים אין דערוואַרטונג אויפן גליק־לעכן ענטפער, ווי כ׳האָב געהאָפט. כ׳האָב שוין געחלומט (דאָס מעג מען יאָ אין לאַגער), אַז איך ווער באַפרייט. אין לאַנד האָט דאַן געבושע־וועט די שרעקלעכע צווייטע וועלט־מלחמה. כ׳האָב אויך געטראַכט נאָכן באַפרייט ווערן צו גיין אויפן פראָנט. אָבער פון אַלע מיינע חלומות און האָפענונגען האָט זיך, ליידער (ווי אין די פריערדיקע צייטן) אויסגעלאָזט אַ טייך.

דאָס מאָל, נאָך לאַנגע וואַרטענישן איז אָנגעקומען אַ ברייטערער, לענגערער ענטפער, אַז די „אָסאָבע סאָוועשטשאַניע" האָט אָפּגעהאַלטן אַ ספּעציעלע זיצונג און באַטראַכט מיין ביטע און באַשלאָסן דעם אורטייל איבערלאָזן אין קראַפט" ס׳האָט מיך געעקבערט אין מוח: צוליב וואָס פאַר אַ מאָטיוון? אין וואָס באַשטייט מיין

שולד? כ׳האָב דען צו וועמען צו רעדן? וועמען צו פרעגן? דאָס מלוכהשע שטיקל פּאַפּיר מיט די שטעמפּלען קענען מיר דען עפּעס ענטפערן? האָט ביי מיר נאָך איין אילוזיע געפּלאַצט...

ס׳איז נישט דאָס ערשטע מאָל...

ווען כ׳בין אַרויס פון איזאָלאַטאָר אַ קראַנקער און אָפּגעשוואַכטער בין איך עטלעכע טעג געווען באַפרייט פון דער אַרבעט דורכן דאָק־טער. אין מיין איצטיקער לאַגע איז געשטאַנען די פראַגע: וואָס ווייטער? אויף אַלגעמיינע אַרבעט מיט אַ בריגאַדע, קען מען מיך נישט שיקן, ווייל ס׳איז דאָ אַ באַשלוס פון דער מעדיציניש׳ער קאָ־מיסיע. אויך אַלס „דניעוואַלני" טויג איך נישט. כ׳האָב זיך נישט באַרעכטיקט אויף דער אַרבעט צוליב די גנבות אין מיין באַראַק. וואָס איז געבליבן צו טאָן מיט מיר? דערפאַר איז אין לאַגער דאָ אַן „אורטשע" וואָס פאַרנעמט זיך מיט די ענינים פון אַרבעטס־פאַר־נאַנדערטיילונג. האָבן זיי טאַקע פאַר מיר געפונען אַ נייע לייכטע אַרבעט אין דער לאַגער־באָד. וואָס קען נאָך זיין בעסער?

מ׳האָט מיך גלייך אַריבערגעפירט מיט מיינע זאַכן צו אַרבעטן און וווינען אין דער באָד. ס׳איז באמת געווען אַ פּריווילע־גירטע אַרבעט, כאָטש ס׳איז דאָרט נישט געווען לייכט. אינדערפרי האָט זיך אָנגעהויבן דאָס רייניקן, וואַשן די גרויסע באָד, די בענק די פּאָדלאָגעס, די „טאַזיקעס" (וואַש־שיסלען). ס׳איז געווען פיל צו טאָן. די אמתע שווערע אַרבעט האָט זיך ערשט אָנגעהויבן אין אָוונט ביז שפּעט ביינאַכט, ווען די אַרעסטאַנטן זענען געקומען בריגאַדעסווייז אין באָד אריין. די פּראָצעדור איז פאָלגנדע: ס׳ווערן אריינגעלאָזט אין באָד צו 2 בריגאַדעס, אַן ערך 60 אַרעסטאַנטן, זיי טוען זיך אויס. ס׳ווערט אַדורכגעפירט די „סאַן־אָבראַבאָטקע" (סאַני־טאַרע באַאַרבעטונג). דער שערער שערט ארום אַלע ערטער וואָס האָבן האָר פון קאָפּ ביז די פיס; די שמוציקע וועש ווערט צוגענומען צום וואַשן. דאָס גאַנצע איבערשטע אָנטועכץ ווערט אויפגעהאָנגען אויף קיילעכדיקע דראָטענע הענגערס. מיט דער הילף פון אַ גרויסן הילצערנעם דראָנג, ביי אַנדערהאַלבן מעטער די לענג, דאַרף מען אַוועקטראָגן דאָס אָנטועכץ צו דער „וואָשעבויקע" (די לייז־פאַר־ניכטער) צו דער דיזענפעקציע. דאָרטן איז געשטאַנען אַ גרויסער אויוון, ווי אַ שאַנק און אַהין ווערט דאָס אָנטועכץ אריינגעהאָנגען, אַז די לייז זאָלן דאָרטן פאַרברענט ווערן. ס׳איז געווען זייער שווער פאַר צוויי אַרעסטאַנטן — איך און נאָך איינער האָבן געאַרבעט ביים אַוועקטראָגן די 60 „קאָמפּלעטן קליידער", מערסטנס וואַטענע, אָבער נאָך ערגער איז געווען דאָס טראָגן צוריק פון דער דיזענפעקציע.

די הייסע, אָנגעגליטע קליידער האָבן געבריט, געשרפט

דעם האַלדז. כ׳בין געווען אָפּגעשוואַכט פון זיין אין איזאָלאַטאָר. כ׳האָב קוים געשלעפּט מיינע פיס. דער אַקסל איז מיר געוואָרן אָפּגעריבן פון דעם האַלצענעם דראָנג אויף וועלכן כ׳האָב געשלעפּט די קליי־דער. כ׳האָב אָבער אַלץ גענומען פאַר ליב, זיך באַמיט מיט די לעצטע כוחות גוט צו אַרבעטן.

ס׳איז געווען אַ גוטע אַרבעט אין באָד, קודם אין דער וואַרעם, אויך דאָס עסן איז געווען בעסער, ווייל די קיכערס און די פון „כלע־באַ־רעזקע״ (די וואָס האָבן געשניטן דאָס ברויט) האָבן זיך כמעט יעדן טאָג געוואַשן אין באָד, האָבן מיר געהאַט ביי זיי „בלאַט״ און געקריגן אַ בעסערע זופּ אין קיך און אין דער „כלעבאַ־רעזקע״ אַ „גאַרבושקע״ וואָס איז געווען זעטיקער.

מיינע מיטאַרבעטער אין באָד זענען געווען מערסטנס קרימי־נעלע, ווייל נאָר זיי האָט מען געשיקט אַהער צו דער אַרבעט. אויב די „אורטשע״ האָט שוין יאָ געשיקט אַהער אַ „קאָנטריק״ איז אָדער ער האָט געהאַט מיט וואָס „אונטערצושמירן״ אָדער אַזאַ „דאָכאָדיאַגע״ ווי איך, וואָס מיט אים איז נישט געווען מער וואָס צו טאָן.

אומעטום איז שלעכט צו זיין אַ שוואַכער, אָבער אין לאַגער געפינט זיך אַ שוואַכלינג איז אַ ספּעציעל שווערער לאַגע. אַנדערע, שטאַרקערע, נוצן דאָס גלייך אויס פאַר זייערע צילן. יעדער קאָ־מאַנדעוועט מיט מיר, יעדערער פילט זיך העכער, מער יחסן, ווייל ער איז שטאַרקער. כ׳האָב געמוזט יעדן זיך אונטערוואַרפן נישט אַנט־קעגנרעדן, זיין אונטערטעניק.

כ׳האָב ממש געציטערט, אַז כ׳קען חלילה פאַרלירן מיין גוטע אַרבעט; נישט אַנטקעגנרעדן, נאָר אויספירן, וואָס מען הייסט מיך (אפילו אזעלכע אַרבעטן וואָס געהערן בפירוש נישט צו מיר), אָבער יענער ווייל מיך אויסנוצן, ווייל ער איז שטאַרקער. אויב כ׳זאָל אַנט־קעגנרעדן וועט דאָס ארויסרופן אַ קריגעריי, אָדער אפילו אַ געשלעג און דאַן וועל איך שטענדיק ארויס דער אומגערעכטער. ווייל דער שטאַרקערער איז שטענדיק גערעכט. בין איך טאַקע געווען שטילער, ווי וואַסער און נידעריקער ווי גראָז. כ׳האָב זיך באַמיט יעדן נאָכצוקומען, יעדן צוצודינען. האָב איך דערפאַר טאַקע גע־אַרבעט שווערער פון אַנדערע. דורך אַ קורצע צייט, אַרבעטנדיק אין דער באָד, אין דער וואַרעם, לעבנדיק אין אַ ביסל בעסערע באַ־דינגונגען, בין איך פאַרט געקומען צו זיך. אַ מאָדנע זאַך אין לאַגער: גיך דערגייט מען צום אָפּגרונט, ווען די באַדינגונגען פאַרערגערן זיך, אָבער גאָר שנעל קומט מען אַרויס אויף דער אויבערפלאַך, ווען די לאַגע ווערט אַ בעסערע.

אין באָד איז אָנגעקומען א נייער ארבעטער, וואַסילי יאַנאָווסקי האָט ער געהייסן. א הויכער, ברייטפּלייציקער, פעסטער חברהמאַן מיט אַ קאָפּ פעך־שוואַרצע האָר, שוואַרצע פינקלדיקע אויגן. מ׳האָט גלייך געקענט דערקענען אין אים עפּעס ציגיינעריש. זיין פּוילישער נאָ־מען, יאַנאָווסקי, האָט מיך פאַראינטערעסירט און כ׳האָב אים טאַקע געפרעגט צי ער איז נישט קיין פּאָלאַק? האָט ער מיר געענטפערט, אַז ער איז אַ ציגיינער און ער שטאַמט פון פּאָלאַקן, אָבער קיין פּויליש קען ער נישט. קען זיין, אַז זיין זיידע אָדער עלטער־זיידע איז געקומען קיין רוסלאַנד פון פּוילן. מיר האָבן אָפט געשמועסט צווישן זיך. ער האָט אויסגעזען יונג, שטאַרק, ענערגיש. ווי כ׳האָב זיך שפּעטער דערוווּסט איז ער געווען אַ גנב מיט אַ גרויסן סטאַזש. וואַסילי האָט ארויסגעוויזן צו מיר פריינדשאַפט, מיך פאַרטיידיקט, ווען אַנדערע זענען אויף מיר אָנגעפאַלן. כ׳בין געווען צופרידן, אַז ס׳האָט זיך כאָטש געפונען עמעצער, וואָס זאָל מיר העלפן, מיך פאַרטיידיקן, דערצו נאָך אַזאַ „שטאַרקער״ ווי וואַסילי.

כ׳האָב אָבער נישט פאַרשטאַנען, אַז דאָס איז זיין „בלאַטנאָי״־מעטאָד (גנבישער מעטאָד), אַז דערמיט שפּרייט ער אויס אַ נעץ מיך צו פאַנגען, ווי ס׳האָט זיך שפּעטער ארויסגעוויזן. דאָס אומגליק מיינס האָט זיך אָנגעהויבן פון אַ קלייניקייט: כ׳האָב כסדר געפירט מיט זיך אַ קעסטעלע, אַ פּאַפּירן וואַליזקעלע מיט אַן אָנהענג־שלעסל, וווּ כ׳האָב געהאַלטן מיין ביסל אָרעמקייט: אַ זאַפּאַסאָווע פּאָר הויזן, אָדער אַ העמד און אַנדערע שמאַטעס. דאָס שלעסל האָב איך שוין פון לאַנג געהאַט פאַרלוירן. וואַסילי האָט באַמערקט דאָס קעסטעלע ביי מיר און ס׳האָט אים פאַראינטערעסירט: וואָס איז דאָרט? צי האָב איך דאָס שוין לאַנג? כ׳האָב אים געענטפערט גערן. ער איז דאָך מיין פריינד, מיין פאַרטיידיקער, ווי כ׳האָב אים געהאַלטן, שפּעטער האָט וואַסילי געבעטן ביי מיר אַ דערלויבעניש ארייַנצולייגן עטלעכע זיינע זאַכן אין מיין וואַליזקעלע. כ׳האָב נישט געקענט אָפּזאָגן, כ׳האָב אים דערלויבט. גיי ווייס, אַז דאָס וועט זיין דער אָנהויב פון מיין אומגליק.

אין עטלעכע טעג ארום איז צו מיר געקומען וואַסילי מיט אַ טענה, אַז אַ פּאָר הויזן, וואָס ער האָט אריינגעלייגט אין מיין וואַ־ליזקעלע אַריין, פעלן אים. צי ווייס איך נישט ווו זיי זענען? כ׳האָב אים געענטפערט, אַז שוין לאַנג ווי כ׳האָב נישט געקוקט אין דעם וואַליזקעלע אריין. כ׳האָב פון דאָרטן גאָרנישט גענומען. ער בלייבט ביי זיינס, ס׳פעלט אים אַ פּאָר הויזן, דאָס מיינט, אַז איך האָב ביי אים צוגעגנבעט די הויזן. כ׳דערקלער אים, אַז ס׳איז דאָך אוממעגלעך כ׳זאָל פון מיין אייגענער וואַליזקע גנבענען הויזן. כ׳בין

דאָך נישט קיין גנב. ער זאָגט, אַז מ׳האָט שוין געזען אַזעלכע זאַכן, אַז היינט ביסטו נישט קיין גנב און מאָרגן קענסטו ווערן אַ גנב, קיי־נער ווערט נישט געבוירן קיין גנב. ער וואָרנט מיך, אַז מאָרגן זאָלן די הויזן זיין צוריק אין וואַליזקעלע. כ׳ווייס, אַז דאָס איז א בילבול מיך צו צווינגען כ׳זאָל גיין אין אַ באַראַק און צוגנבענען אַ פּאָר הויזן פאַר אים, אויב נישט וועט זיין שלעכט. צומאָרגנס הויבט ער אָן צו פאָדערן מיט מער חוצפּה און דראָאונגען. ער האָט זיך באַמיט צו דערווייזן מיט זיין ציגיינערישער כיטרעקייט אין דער אָנוועזנ־הייט פון די אַרומיקע זע־קאָ פון באָד, אַז ער איז גערעכט און מיך קאָמפּראָמיטירן אין זייערע אויגן. צום ביישפּיל, ווען ס׳איז געקומען זיך באָדן בייטאָג עמעצער פון דער „אורטשע״ אָדער פון דער קיך און איך בין צופעליק אדורכגעגאַנגען נעבן דעם פּלאַץ, ווו יענער האָט זיך געבאָדן, האָט ער זיך גלייך נאָך מיר דורכגעשלייכט און צוגעגנבעט יענעמס וועש און אַזויאַרום אויסקאָמבינירט, אַז דער חשד זאָל פאַלן אויף מיר. ער האָט אַלץ געשריגן און מיט עקשנות געפאָדערט פון מיר כ׳זאָל אים ברענגען די הויזן, וואָס כ׳האָב, ווי ער האָט געזאָגט, ביי אים צוגעגנבעט. דערמיט האָט ער געוואָלט כ׳זאָל גיין גנבענען. אויב דאָס שרייען זיינס און זידלען איז נאָך גע־ווען ווייניק האָט ער מיך געשלאָגן מיט דעם דראָנג מיט וועלכן מיר האָבן געטראָגן די זאַכן צו דער דיזענפעקציע. געשלאָגן מיט דער גאַנצער קראַפט. ווי ס׳האָט זיך שפּעטער ארויסגעוויזן האָט ער מיר טאַקע איבערגעבראָכן אַ ביין אויף מיין לינקער זייט, וואָס איז זיך קרום צונויפגעוואַקסן און איז מיר געבליבן פאַר אַן „אָנדענק״ אויפן גאַנצן לעבן. כ׳האָב טאַקע געליטן, אָבער כ׳האָב זיך נישט אונטערגעגעבן. ער האָט מיך געוואָלט איינברעכן, כ׳זאָל גיין פאר אים גנבענען צו ערשט אַ פּאָר הויזן, וואָס כ׳בין אים כלומרשט שולדיק, דערנאָך זאָל איך ווערן זיין „שעסטיאָרקע״ (גנבענען פּאַר אים), עפּעס וועט ער מיר געבן פון די געגנבעטע זאַכן און מיך פאַרטיידיקן פון די ארומיקע. מיר איז זיין „פּלאַן״ איינגאַנצן נישט געפעלן גע־וואָרן. כ׳בין טאַקע געווען שוואַך, צעבראָכן פיזיש, אָבער גייסטיק נאָך נישט. כ׳האָב נאָך געהאַט אין זיך גענוג עקשנות און אויס־דויער נישט אויסצופילן זיינע „גנבישע פּלענער״.

כ׳האָב טאַקע געליטן קלעפּ און געמוזט שווייגן. פאַרקריצן מיט די ציין און אפילו הויך שרייען האָב איך נישט געטאָרט. כ׳האָב אפילו נישט געהאַט פּאַר וועמען זיך צו קלאָגן. די אַרומיקע, די קריי־מינעלע, זענען דאָך געווען אויף זיין זייט. ער איז דאָך געווען דער שטאַרקער און דערמיט אויך דער גערעכטער. כ׳האָב אפילו געטראַכט אין אים נקמה צו נעמען און דערלאַנגען אַמאָל הינטערוויילעכטס

מיט אַ שטיק האַלץ. אָבער דערפאַר וואָלט איך נאָך געקענט קריגן אַ נייעם אורטייל, האָב איך אויך פון דעם פּלאַן רעזיגנירט.

דאָס איז שוין געווען דאָס צווייטע מאָל אין לאַגער, ווי כ׳האָב זיך אָפּגעזאָגט פון „פאַרטיידיקערס״: דאָס ערשטע מאָל, ווען דער „טרעטי אָטדיעל״ (דריטער אָפּטייל אין לאַגער נקווד) האָט מיר פאָרגע־לייגט, ווען כ׳בין געווען „דניעוואַלני״, כ׳זאָל זיי איבערגעבן וואָס די זע־קאַ רעדן צווישן זיך — כ׳זאָל ווערן אַ מוסר, וועלן זיי מיך פאַרזאָרגן מיט אַ בעסערער אַרבעט, און איצטער דער כיטרער ציגיי־נער וואַסילי, וואָס האָט מיט כוח מיך געוואָלט מאַכן פאַר א גנב, וועט ער מיך „פאַרטיידיקן״ און כ׳וועל האָבן זיין „חברשאַפט״ אַלס שטאַרקער. ביידע פאַרשלאָגן זענען אָבער געווען קעגן מיין געוויסן.

כ׳האָב נישט געהאַט קיין אַנדערע ברירה, ווי איבערלאָזן די באָד, כאָטש דאָ איז געווען וואַרעם און די באַדינגונגען זענען געווען בעסערע, ווי אויף אַלגעמיינע ארבעט. כ׳האָב געמוזט פּטור ווערן פון כיטרען ציגיינער וואַסילי. כ׳בין אַוועק אין „אורטשע״ און גע־בעטן מיך שיקן אין אַ בריגאַדע אויף אַלגעמיינע אַרבעט.

אַזעלכע ביטעס ווערן גלייך אָקצעפּטירט...

# כ׳זוך פּראָטעקציע צו בערגערן

כאָטש מיין געזונט־צושטאַנד האָט זיך אַביסל פאַרבעסערט דורך די עטלעכע חדשים, וואָס כ׳האָב געאַרבעט אין באָד ביז וואַסילי איז געקומען, האָב איך אָבער איינגעזען, אַז זייענדיק אויף אַלגעמיינע אַרבעט אין אַ בריגאַדע, וועל איך ווידער ווערן אַ „דאָכאָדיאַגע״. כ׳מוז דעריבער עפּעס טאָן, עפּעס אונטערנעמען, כדי צו קריגן אַ בעסערע אַרבעט. כ׳מוז זוכן קאָנטאַקטן, פּראָטעקציע.

נאָך לאַנגע באַמיאונגען האָט זיך מיר איינגעגעבן זיך צו טרעפן מיטן אינזשיניער האַלפּערשטיין. (ער איז געווען אונדזער „פּראָראַב״, ווען כ׳האָב געאַרבעט אין ליובאַוואָסקיס בריגאַדע). כ׳האָב באַשלאָסן צו בעטן זיין הילף. איך האָב געהאַט ווייניק צייט, זיך אָפּגע־בעטן ביים בריגאַדיר נאָר אויף אַ פּאָר מינוט. אויך דער „פּראָראַב״ האָט געהאַט ווייניק צייט אויסצוהערן אַלע מיינע צרות. מיין ביטע צו אים איז געווען מיר צו העלפן, מיר געבן פּראָטעקציע. אַ פּילנדער, האַרציקער מענטש איז ער געווען. ער האָט מיך אויפמערקזאַם מיט מיטגעפיל אויסגעהערט. ער האָט מיר אָנגעשריבן אַ קליין

בריוועלע אין העברעיש צו זיינס אַ פריינד יוסף מיכאילאָוויטש בערגער. ער האָט מיר געזאָגט, אַז דאָס איז אַן איינפלוסרייכער מענטש מיט גרויסער באַקאַנטשאַפט. כ׳קען אים געפינען אין לאַגער, ער וווינט נישט אין אַלגעמיינעם באַראַק, נאָר אין אַ באַזונדער צימערל. נאָר ספעציעלע מענטשן, זייער וויכטיקע אין לאַגער, האָבן געהאַט אַזעלכע בעסערע וווינונגס־באַדינגונגען. צו דער קאַטעגאָריע האָט אויך בערגער געהערט. כ׳האָב זיך אויך דערוווּסט, אַז ער אַרבעט אַלס ביבליאָטעקאַר אין דער טעכנישער ביבליאָטעק אין „זאַוואָד אופראַוולעניע" (הויפט־ביוראָ פון זאַוואָד) אין דער שטאָט נאַרילסק. אויך האָב איך זיך דערוווּסט, אַז בערגער קען אויסגעצייכנט עטלעכע אייראָפּעישע שפּראַכן, דערפאַר איז ער אויף אַזאַ וויכטיקער און פּריווילעגירטער אַרבעט. אין דער ביבליאָטעק פון זאַוואָד האָבן זיך געפונען טעכנישע ביכער און די דאָקומענטאַציע אין ענגליש און אין דייטש (פון ענגלאַנד און דייטשלאַנד האָט מען געבראַכט די מאַשינען פאַרן צוקונפטיקן נאַרילסקער מעטאַלורגישן קאָמבינאַט) האָט ער, בערגער, געדאַרפן אָט די דאָקומענטן איבערזעצן אין רוסיש. אויך האָט ער געלערנט מיט די רוסישע אינזשיניערן אָט די שפּראַכן. דערפאַר, ווייל ער איז געווען אַזאַ נויטיקע פּערזענלעכקייט אין לאַגער, האָט ער געהאַט אַ באַזונדער צימערל. אויך האָט אים געפירט צו דער אַרבעט אַ ספעציעלער „קאָנוואָאיר" (אַ וועכטער) אין ציווילע קליידער, באַוואָפנט מיט אַ רעוואָלווער און דוכט זיך אין אַן אויטאָ. כ׳האָב זיך אויך דערוווּסט, אַז ער איז געווען אויף דער פריי אַ גרויסער טוער פון דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי אין פּאַלעסטינע (אין די 20־ער יאָרן) דערפאַר זיצט ער שוין פיל יאָרן. נאָך האָב איך זיך דערוווּסט, אַז אין לאַגער איז ער געוואָרן רעליגיעז, דאַוונט דריי מאָל אין טאָג און ער עסט נישט פון דער אַלגעמיינער קיך, ווייל ס׳איז נישט כשר. ער דערנערט זיך נאָר מיט ברויט און טיי.

מער פּרטים וועגן בערגערן האָב איך זיך דערוווּסט לייענענדיק אַ לענגערן אַרטיקל (אין המשכים) אין „די אויסטראַלישע יידישע נייעס", אין 1978, פון גרשון הל אונטערן נאָמען „די טראַגישע אָדיסיי פון יוסף ברזלי־בערגער". ווי ער שרייבט אין דעם אַרטיקל איז בערגער געווען 22 יאָר אין די סאָוויעטישע טורמעס און אַרבעטס־לאַגערן, און ער איז געווען אין די 20קער יאָרן דער גענעראַל־סעקרעטאַר פון דער פּאַלעסטינער קאָמוניסטישער פּאַרטיי (פּ.ק.פּ.). איך ברענג אַ ציטאַט פון דעם אַרטיקל: „בלויז 2 פּ.ק.פּ.־טוער (פון 400 ארויסגעפאָרענע קיין רוסלאַנד) זענען געבליבן לעבן, איינער פון זיי איז יוסף ברזלי־בערגער, וואָס איז צוויי מאָל פאַרמשפּט געוואָרן צום טויט. בלויז צוליב אַ נס איז דער אורטייל נישט אויסגעפירט

געוואָרן. די טראַגישע אָדיסיי זיינע נעמט אַרום אַ הונגער־שטרייק, וואָס האָט זיך געצויגן 56 טעג און נעכט... ער האָט דעמאָלט געוויגן 38 קילאָ, געחלשט עטלעכע מאָל אין טאָג פון שוואַכקייט און שווער קראַנק געוואָרן". אַ צווייטער ציטאַט: „אין די לאַנגע נעכט פון ליידן, פּיין און יסורים, פיזישע און גייסטיקע אין אַרבעטס־צוואַנגס־לאַגער נאַרילסק אין ווייטן צפון פון רוסלאַנד — ווו אַרעסטאַנטן מערסטנס פּאָליטישע, זענען אויסגעגאַנגען פון הונגער, געפרוירן געוואָרן פון קעלט, אויסגעשטאָרבן פון עפּידעמיעס, געפאַלן פון דער לאַסט פון די אַרבעטס־נאָרמעס, וואָס איז כמעט אוממעגלעך געווען אויס־צופילן, אָדער זיי האָבן פארלוירן דעם צלם אלוקים אין שמוץ, לייז און זיך אינגאַנצן איינגעבראָכן פון גרויס פארצווייפלונג — האָט דער געוועזענער סעקרעטאַר פון פּ.ק.פּ. באַשלאָסן, אַז ער ווערט אַ בעל־תשובה, ער ווערט אַ פרומער ייד, וויפיל עס וועט אים נאָך אויס־קומען צו לעבן".

כ'האָב אויך געטראָפן בערגערן אין 1956־טן יאָר (איך בין אַרויס פון רוסלאַנד אין 1959־טן יאָר) אין רוסלאַנד, אין קראַסנאָיאַרסק, אין סיביר. כ'בין שוין דאַן געווען אַ פרייער בירגער און געאַרבעט אַלס „סנאַבזשעניעץ" (באַזאָרגט מיט מאַטעריאַלן און פּראָדוקטן אַ סאָווכאָז). כ'בין געוואָרן געשיקט קיין קראַסנאָיאַרסק און געקומען אין האָטעל פון נאַרילסקער קאָמבינאַט. כ'האָב באַמערקט, אַדורכ־גייענדיק, אַ באַקאַנטן ייד, עפּעס אַ באַקאַנט פּנים, אַ קליין מענטשל מיט אַ שפּיציק בערדל, ליכטיקע, קלוגע ידישע אויגן. כ'האָב שוין געהאַלטן ביים אַוועקגיין פון האָטעל און דאָך באַשלאָסן זיך אומ־קערן און זיך איבערצייגן ווו האָב איך דעם מענטש געזען? ווו האָב איך אים געטראָפן? דוכט זיך, אַז דאָס איז יוסף מיכאַילאָוויטש בערגער, וועלכן כ'האָב מיט יאָרן צוריק געקענט אין נאַרילסק. כ'בין געלאָפן צוריק און אים דערזען אויף די שטיגן, אַרויפגייענדיק אין זיין צימער.

כ'האָב זיך אָנגענומען מיט דרייסטקייט און אים געפרעגט אין רוסיש:

— אַנטשולדיקט, זענט איר נישט יוסף מיכאַילאָוויטש?

ער הייבט אויף צו מיר זיין קאָפּ, מעסט מיך אָפּ מיט זיין קלוגן בליק:

— יאָ — זאָגט ער — און איר זענט (ער שטעלט זיך אָפּ אַ ווײַלע)... שוואַרץ, נישט אַזוי? קומט, ביטע, אריין אין מיין צימער וועלן מיר כאַפּן אַ שמועס.

ער האָט מיר דערציילט, אַז ער איז געוואָרן רעהאַביליטירט דורך כרושטשאָוון (איך בין שוין דאַן אויך געווען רעהאַביליטירט) און איצטער פאָרט ער קיין פוילן. ער קען זיך פאַר מיר באַמיען אין דער פּוילי־

שער אַמבאַסאַדע אין מאָסקווע וועגן מיין ארויספאָרן קיין פוילן. כ׳זאָל אים געבן מיינע „דאַנעס״ (ווען, ווו געבוירן א.א.וו.). כ׳האָב עס גערן מיט דאַנק געטאָן און ער האָט געמאַכט באַמיאונגען. כאָטש צוליב פאַרשידענע סיבות האָבן זיינע באַמיאונגען נישט געהאָלפן, אָבער ער האָט מיר געגעבן דעם געדאַנק, דעם שטופּ וועגן ארויס־פאָרן, וואָס איז שפּעטער יאָ צושטאַנד געקומען. כ׳בין אַביסל אוועק פון מיינע זכרונות פון יענע שווערע יאָרן, כדי צו ווייזן וואָס יוסף מיכאַילאָוויטש האָט מיט זיך פאָרגעשטעלט.

איצטער גיי איך צוריק צו דער טעמע, צו מיינע זכרונות פון יענער צייט: ווען כ׳האָב געקריגן דאָס טייערע רעקאָמענדאַציע־בריוועלע, אין העברעיש, פון אינזשיניער האַלפּערשטיין צו בער־גערן, האָב איך זיך געלאָזט אים אויפזוכן. ס׳איז מיר נישט אזוי לייכט אָנגעקומען אים צו געפינען. כ׳בין אריין אין א קליין צימערל, איז פאַר מיר געשטאַנען אַ מענטש פון נידעריקן וווּקס מיט אַ טיפּיש־ יידיש פּנים און מיט אַ טראָצקי־בערדל. זיין דאַרקייט האָט זיך ספּעציעל געוואָרפן אין די אויגן. ס׳האָט זיך געדוכט, אז מען קען זען זיינע ביי־נער דורך דער הויט. מיט אַ פריינדלעכן שמייכל האָט ער מיר געענט־פערט אויף מיין „זדראַזטוואויטע״ (גוט־מאָרגן).

— איר קענט רעדן יידיש — האָט ער צוגעגעבן.

כ׳האָב אים דערלאַנגט דאָס טייערע בריוועלע. ער האָט דאָס אויפמערקזאַם איבערגעלייענט איינמאָל און נאָכאַמאָל און באַלד צעריסן. ס׳איז געווען קענטיק, אז דער מענטש איז געוווינט צו קאָנ־ספּיראַציע, אַז ער איז זייער פאָרזיכטיק. כ׳האָב אים דערציילט פון־וואַנען כ׳קען דעם אינזשיניער האַלפּערשטיין, וועגן זיך און וואָס איך דאַרף פון אים. ער האָט אַ ווײַלע אַ טראַכט געטאָן און געזאָגט:

— איך שטאַם אויך פון פוילן. שוין פיל יאָרן, ווי כ׳האָב פאַר־לאָזט פוילן. כ׳וועל פּראָבירן אייך העלפן. איין ייד מוז דאָך העלפן אַ צווייטן יידן.

ס׳איז נישט געווען קיין צייט און שטימונג זיך אריינצולאָזן אין אויספרעגענישן און געשפרעכן. בערגער האָט מיר באַלד אָנגע־שריבן אַ קליין יידיש בריוועלע צום „פּראָראַב״ פון דער בויאונג, שטיין. כ׳געדענק נאָך די עטלעכע ווערטער פון דעם בריוועלע: „טוט אַ מצוה״, דאָס מיינט, אַז העלפנדיק מיר, אַ יידן, וועט דער „פּראָ־ראַב״ שטיין, טאָן אַ מצוה.

כ׳בין אַוועק מיט דעם צעטל צום אינזשיניער, „פּראָראַב״ פון דער בויאונג, שטיין. ס׳האָט זיך מיר דאָסמאָל איינגעגעבן צו קריגן אויף א שטיקל צייט אַ לייכטערע אַרבעט אַלס אינסטרומענטאַלשטשיק אויף דער בויאונג.

# זשאַן זשאַק רוסאָ

אַן אינטערעסאַנטע פּערזענלעכקייט וואָס איז געווען אין לאַגער און וואָס האָט זיך מיר איינגעקריצט אין זכרון איז געווען זשאַן זשאַק ראָסי. מיר האָבן אים גערופן זשאַן זשאַק רוסאָ. כ׳האָב נישט גע־קענט וויסן גענוי צי ער איז געווען אַ פראַנצויזישער ייד צי סתם אַ פראַנצויז? ס׳איז מיר נישט אויסגעקומען צו פרעגן ביי אים. ער איז געווען זייער ענלעך אויף אַ ייד, אַ שוואַרצהאַריקער מיט אַ לענג־לעכער נאָז און אַן אײדל פּנים. ער איז אויך געוואָרן אַרעסטירט און פאַראורטיילט אויף 10 יאָר אויף דער באַשולדיקונג אין שפּיאָנאַזש. ער איז געקומען קיין רוסלאַנד פון פראַנקרייך אין די אָנהויב דרייסיקער יאָרן. די גרויסע סאָוויעטישע אַגיטאַציע אין פראַנקרייך האָט אויף אים שטאַרק געווירקט און ער איז געוואָרן אַ הייסער סימפּאַטיקער פון סאָוויעט־רוסלאַנד, אָדער אפילו אַ קאָמו־ניסט, דאָס ווייס איך נישט גענוי. יעדנפאַלס ער האָט זיך ווערבירט אויף אַרבעט קיין ראַטנפאַרבאַנד אַלס קענער פון מזרח־שפּראַכן. ער איז ביזן אַרעסט געווען אַ לערער אין לענינגראַדער אוניווערסיטעט.

ער האָט געמאַכט אַ גוטן איינדרוק אויף די אַרומיקע מיט זיין גוטער באַציאונג און אײדעלע באַנעמונג. ער איז אויך געווען אַ גור־טער צייכנער. ער האָט זיך שטענדיק אַרומגעטראָגן, אין דער פרייער צייט אין לאַגער, מיט פּאַפּיר און אַ בלייער. האָט ער געטראָפן עפּעס אַן אינטערעסאַנט פּנים פון צווישן די אַרעסטאַנטן האָט נאָר גע־דויערט געציילטע מינוטן און ער האָט שוין געהאַט דאָס פּנים אָנגע־צייכנט אויפן פּאַפּיר. ווען איך האָב זיך מיט אים געטראָפן, זייענ־דיק אין ליובאָווסקיס בריגאַדע, האָט ער מיך שטאַרק פאַראינטער־רעסירט. מיר האָבן גערעדט צווישן זיך דייטש (וועלכער ייד קען דען נישט קיין דייטש?). ווען ער האָט געטראָפן, אַדורכגייענדיק, אַ גרו־זינער, האָט ער מיט אים גערעדט גרוזיניש. האָט ער געטראָפן אַ כי־נעזער, האָט ער מיט אים גערעדט כינעזיש. רוסיש, האָט ער אויך, פאַרשטענדלעך, גוט געקענט. ער האָט געאַרבעט אין „זאַוואָד־אופּ־ראַוולעניע״ אַלס קינסטלער־צייכענער. פּראָיעקטאַנטן האָבן געמאַכט סקיצן, אָנגעוואָרפן זייערע פּראָיעקטן און ער האָט דאָס קינסטלעריש אָנגעצייכנט אין קאָלירן. ער האָט געהאַט אַ גוטע אַרבעט און בעסערע לעבנס־באַדינגונגען פאַרהעלטנישמעסיק לויט די לאַגער־באַדינגונגען.

אין אונדזערע געשפּרעכן האָט ער מיר דערציילט וועגן פּאַריז, „די וואונדער־שטאָט״ האָט ער זי גערופן. דאָרט איז ער געבוירן געוואָרן און געלעבט איבער 30 יאָר. זייענדיק דאָרטן האָט ער געגלויבט,

אַז נאָר אין סאָוויעט־־רוסלאַנד לעבט דאָס פֿאָלק גליקלעך, אַז דאָס איז דאָס לאַנד פֿון יושר און גערעכטיקייט און דערפֿאַר האָט ער זיך ווערבירט אַהער. בשעת די גרויסע „רייניקונגען" אין די יאָרן 1937־38 איז ער אויך געוואָרן אַרעסטירט.

כ'האָב אים אויך דערציילט אַביסל וועגן זיך, וועגן מיין לעבן. ער האָט מיך באַדויערט און איך האָב אים באַדויערט. וואָס האָבן מיר מער געקענט טאָן? ער האָט, פֿאַרשטענדלעך, געוווינט אין באַראַק פֿון די אי.טי.ער. מיר האָבן זיך באַפֿריינדעט, ווייל אונדזער גורל איז געווען אַן ענלעכער: ביידע זענען מיר געקומען פֿון אַן אַנדערע מדינה פֿול מיט צוטרוי און איבערגעגעבנקייט צום ראַטנפֿאַרבאַנד און אַנשטאָט דאָ צו געפֿינען דאָס וואָס מיר האָבן געזוכט: יושר און מענטשלעכקייט, האָט מען ביי אונדז צוגענומען די פֿריי־הייט, איינגעזעצט אין אַן אַרבעטס־לאַגער מיט אַן אויסגעטראַכטער באַשולדיקונג אין שפּיאָנאַזש, אויף לאַנגע יאָרן, אין אַ שווערן אַרק־טיקן צפֿון־קלימאַט.

זיין מאַטעריעלע לאַגע איז טאַקע געווען אַ בעסערע צוליב זיינע פֿעיִקייטן אַלס צייכענער, ווייל מ'האָט זייער גערדאַרפֿן זיין אַרבעט. אָבער די גרויסע עוולה, וואָס איז געוואָרן באַגאַנגען לגבי אים און אויך צו מיר, האָט אונדז דערנענטערט. שוין זייענדיק אויף דער פֿריי, האָב איך געהערט, אַז נאָך דעם, ווי ראַסי איז באַפֿרייט גע־וואָרן, איז ער געבליבן אַ קורצע צייט אַרבעטן אַלס פֿרייער בירגער אין נאָרילסקער קאָמבינאַט. דערנאָך איז ער פֿון דאָרטן ערגעץ אַוועק־געפֿאָרן און געמאַכט באַמיאונגען צוריקצופֿאָרן קיין פֿראַנקרייך און, ווי מ'האָט דערציילט, האָט מען אים אַרעסטירט ביי דער פֿראַנצוי־זישער אַמבאַסאַדע אין מאָסקווע און ער האָט אויפֿסניי באַקומען 10 יאָר פֿאַר שפּיאָנאַזש.

כאָטש ס'איז שוין אַדורך אַזויפֿיל יאָרן, איז פֿאַרט זשאַן זשאַק ראַסי נאָך פֿריש אין מיין זכרון און ער שטעלט זיך פֿאַר אין מיין דמיון, ווי כ'וואָלט אים איצטער געזען... וווּ געפֿינט ער זיך איצטער, איז מיר זייער אינטערעסאַנט.

צי האָט ער נישט איבערגעלאָזט זיין געביין אין די שווערע קאַטאָרגע־לאַגערן, ווי טויזנטער, טויזנטער זיינס גלייכן און מיינס גלייכן?

וועד קאָן דאָס וויסן?...

# צוריק אין ליובאָווסקיס בריגאַדע

ליובאָווסקיס בריגאַדע איז געווען מער ווי אַ האַלב יאָר אין דודינקע, געאַרבעט אין פּאָרט און אויף דער בויאונג. ווען כ׳האָב זיך דערוווּסט, אַז ליובאָווסקיס בריגאַדע איז שוין צוריקגעקומען קיין נאָרילסק, האָב איך געמאַכט באַמיאונגען אַנצוקומען אין זיין בריגאַדע. ס׳איז מיר נישט אָנגעקומען אַזוי לייכט, אָבער כ׳האָב זיך דער־שלאָגן, פאַרשטענדלעך מיט ליובאָווסקיס הילף און הסכמה.

אין זיין בריגאַדע זענען צוגעקומען עטלעכע נייע בריגאַדני־קעס, אָבער ס׳האָט דאָרטן געהערשט, ווי פריער, אַ פריינדלעכע און חברישע אַטמאָספער פון וועלכער כ׳בין שוין געווען אָפּגעוווינט. ס׳איז אונדז אויסגעקומען צו אַרבעטן געוויס שווער אין דער ברי־גאַדע, געמוזט אויספילן שווערע נאָרמעס, דאָך איז דאָס געווען לי־בער, ווי אין אַנדערע בריגאַדעס.

נאָך גרויסע באַמיאונגען און אַ דאַנק זיינע איינפלוסן האָט זיך ליובאָווסקין איינגעגעבן צו קריגן אַרבעט פאַר זיין בריגאַדע אויף דער נאָרילסקער פּראָדוקטן־באַזע. ס׳איז געווען נישט לייכט זיך דאָרטן אריינצוקריגן, אָבער ער האָט געהאַט אַ ספּעציעלע פעיקייט זיך צו דערשלאָגן, וואָס ער האָט געוואָלט. די אַרבעט איז געווען אַ געוויס שווערע. מיר האָבן געדאַרפט אויסלאָדן פּראָדוקטן פון וואַגאָנעס: זעק מיט גרויפּן, מעל, צוקער פון 50 קילאָגראַם און שווערער. זיי שטאַ־בעלירן (לייגן אין פיל רייען איינס אויפן אַנדערן, ביי 10־12 רייען ביז דער סטעליע כמעט). ס׳האָט זיך גענויטיקט כוח און געשיקטקייט צו דער אַרבעט. אויך האָבן מיר געדאַרפט „גרוזעווען" (אָנלאָדן) וואַגאָ־נעס מיט פּראָדוקטן פאַר אַנדערע לאַגער־פּונקטן. אין דער פרייער צייט פון „גרוזעווען" זענען מיר געווען פאַרנומען מיט דער אַרבעט אין די גרויסע מאַגאַזינען, אין די סקלאַדעס פון דער פּראָדוקטן־באַזע. ס׳איז טאַקע געווען זייער אַ שווערע אַרבעט, דערפאַר אָבער זענען מיר געווען מער־וויניק זאַט. ביים אויסלאָדענען גרויפּן אָדער אַרבעס פון די וואַגאָנעס אין סקלאַד אריין, האָבן מיר דערווייל געגעסן רויע גרויפּן אָדער אַרבעס (טשעטשעוויצע איז געווען זייער געשמאַק). ס׳האָט אויך געטראָפן (גראָדע נישט אין אונדזער בריגאַדע), אַז אַ „גרושטשיק" האָט אַזויפל געגעסן די אַרבעס, אַז ער איז אַוועק־געפאַלן אָן איבערגעגעסענער (פאַרשטאָפּונג פון די קישקעס) און מ׳האָט אים געמוזט פירן אין שפּיטאָל אַריין, און נישט שטענדיק האָט זיך איינגעגעבן אַזעלכן אָפּצוראַטעווען.

אונדז האָט ליובאָווסקי געוואָרנט צו זיין פאָרזיכטיק און עסן מיט אַ מאָס און זיין וואָרט איז געווען פאַר אונדז אַ געזעץ.

ס׳האָט זיך ווידער אָנגעהויבן פאַר מיר אַ ביסל אַ בעסערע צייט: אין אַ גוטער סביבה אין ליובאָווסקיס בריגאַדע, אַ מענטשלעך־חברישע אַטמאָספער, אַ ביסל אַ זאַטער לעבן, ביז... שטענדיק איז דאָ אין לאַגער דער ביז... נאָר דאַסמאָל האָט זיך אָנגערוקט איבער אונדז אַ נייע כמאַרע, וואָס האָט געהייסן:

ליובאָווסקיס בריגאַדע ווערט געשיקט אויף דער קוילן־שאַכטע.

# אַ נייע גזירה — אונדזער בריגאַדע ווערט געשיקט אין די קוילן־גרובנס

ליובאָווסקי אַליין האָט שוין געהאַלטן ביים ענדיקן זיין 8־יעריקן אורטייל. ס׳איז געבליבן כמעט אַ יאָר, אָבער זיין זאָרג פאַר דער בריגאַדע איז געווען גרויס, טאַקע ווי אַ טאַטע פאַר זיינע קינדער. ער האָט שטאַרק געוואָלט, אַז זיינע בריגאַדניקעס, וואָס זענען אויך געווען זיינע פריינד, זאָלן נישט גיין אַרבעטן אין דער שאַכטע. זיינע שונאים האָבן אָבער איינגעלייגט וועלטן און דערוויזן, אַז אויב זיינע בריגאַדניקעס זענען אַזעלכע געשיקטע, געזונטע אַרבעטער, סטאַכאַנאָווצעס, זענען זיי צוגעפּאַסטע, דער בעסטער מענטשן־מאַטעריאַל פאַר דער שאַכטע. ס׳האָט זיך, ליובאָווסקיס שונאים, דאַסמאָל איינגעגעבן. ס׳איז געקומען אַן „אָרדער״ (פאַראָרדענונג) פון דער העכערער נאַטשאַלסטווע, אַז ליובאָווסקיס בריגאַדע איז באַשטימט געשיקט צו ווערן אין דער שאַכטע.

ליובאָווסקי האָט באַלד אָנגעהויבן אַרומלויפן, „כלאָפּאָטשען״, אויסנוצן זיינע איינפלוסן, כדי אָפּצושלאָגן די גזירה. ער האָט אָבער דאַסמאָל גאָרנישט געקענט העלפן. גאָרנישט געקענט אויפטאָן. אומעטום האָט ער געטראָפן טויבע אויערן. זיינע פריינד צווישן דער נאַטשאַלסטווע האָבן אים גאָרנישט געקענט העלפן, ווייל די פאַראָרדענונג איז געקומען פון דער צענטראַלע, פון דער העכערער נאַטשאַלסטווע און די אָנפירערשאַפט פון לאַגער־פּונקט האָט דאָס נישט געקענט ענדערן. האָט ליובאָווסקי געפּרוווט אָנווענדן אַנדערע מיטלען: ער האָט זיך דעררעדט מיט דער אָנפירערשאַפט פון דער פּראָדוקטן־באַזע, ווו מיר האָבן געאַרבעט, אַז זיי האָבן דרינגנדע אַרבעטן און די בריגאַדע מוז בלייבן אַרבעטן לענגער. נאָך אַ שיכט,

דערנאָך נאָך אַ שיכט, אַזוי, אַז דריי מעת־לעת זענען מיר געווען אויף דער פּראָדוקטן־באַזע, דאָרטן גענעכטיקט און נישט געקומען אין לאַגער.

ליובאָווסקי האָט דערמיט אויסגערעכנט, אַז דורך דער צייט, דורך די דריי מעת־לעת וועט די גזירה אָפּגערופן ווערן און אַן אַנדערע בריגאַדע וועט געשיקט ווערן אין דער שאַכטע אויף אונדזער אָרט. אין דעם פֿאַל איז אָבער געווען אַ קעגנזייטיקע עקשנות סיי פון ליובאָווסקין און אויך פון דער נאַטשאַלסטווע און ליובאָווסקיס שפּיצ־לעך און כיטרעקייטן האָבן דאָ נישט געהאָלפן. ענדערן די פּאַראַר־דענונג איז געווען אוממעגלעך. נאָך די 3 מעת־לעת, ווען מיר זענען געקומען פון דער פּראָדוקטן־באַזע אין לאַגער אריין, זענען מיר גלייך געוואָרן ארומגערינגלט פון אַ באַוואָפנטער וואַך און באַלד האָבן מיר שוין געמוזט צונויפנעמען אונדזערע זאַכן, אונדזער ביסל אָרעמקייט, גיך אָפּעסן וועטשערע און די וואַך האָט אונדז גלייך אַוועקגעפירט צום לאַגער־פּונקט פון דער שאַכטע, אַן ערך 5 קילאָמעטער פון אונדזער פריערדיקן לאַגער־פּונקט.

ליובאָווסקין אַליין האָט מען אויף דער שאַכטע נישט געשיקט. ער האָט געקריגן אַ צווייטע בריגאַדע, אַנדערע אַרעסטאַנטן אויף אונדזער אָרט. מיר, זיינע בריגאַדניקעס, האָבן גוט פאַרשטאַנען פאַר־וואָס ער, אונדזער באַלעבאָס, גלייכצייטיק אונדזער אויפּריכטיקער פריינד האָט אַזוי איינגעריסן ווערלטן, געמאַכט אַזעלכע גרויסע באַמי־אונגען אונדז צו ראַטעווען פון גיין אַרבעטן אין דער שאַכטע. דאָס איז געווען דערפאַר, ווייל ערשטנס, האָט ער געוואָלט ווייזן זיין כוח, זיין פּרעסטיזש; ער האָט זיך געפילט באַליידיקט, וואָס צו אים איז אַזאַ זאַך געטאָן געוואָרן; צווייטנס, ווייל ער איז געווען צו אונדז צוגעוווינט און באַפריינדעט, און מיט נייע מענטשן וועלכע ער קען זיי נאָך נישט וועט זיכער זיין פאַר אים שווערער צו אַרבעטן; דריטנס, אַ קורצע צייט פאַר אַט דער געשעעניש, פאַר דער גזירה אונדז צו שיקן אין דער שאַכטע, איז פאָרגעקומען אַ פאַרפאַל, וואָס אַלע בריגאַדניקעס האָבן וועגן דעם געוווּסט און אויך שטאַרק איבער־געלעבט: דער „זאַוומאַג" (אָנפירער) פון דעם לאַגער־שפּייז־קראָם (יאַשאַ האָט ער געהייסן), אַ פריייער בירגער, אַ ייד, אַ מענטש פון עטלע־כע דרייסיק יאָר (ליובאָווסקי איז געווען מיט אים זייער באַפריינדעט), האָט געהאַט אַ „ראַסטראַטע" (ביים קאָנטראָל האָט געפעלט געלט צום חשבון). דאָס געריכט אין דער שטאָט נאָרילסק האָט אים פאַרמשפּט אויף איין יאָר לאַגער.

בכלל איז געווען איינגעפירט אין לאַגער, אַז די אַרעסטאַנטן

האָבן באַקומען יעדן חודש אַ קליינעם געהאַלט, עטלעכע רובל, אויב די גאַרמעס זענען געוואָרן אויסגעפילט איבער 100 פּראָצענט. פאַר דעם געלט האָט מען געקענט קריגן אין לאַגער־מאַגאַזין (קראָם) צו קויפן אַ שטיקל פּוטער, צוקער, קעז און אנדערע פּראָדוקטן. מיר, ליובאָווסקיס בריגאַדע, האָבן דאָך געהאַט גרויסע פּראָצענטער און אויך אַ פיינעם געהאַלט, זענען מיר טאַקע געווען אָפטע קונים אין דעם לאַגער־מאַגאַזין און גוט געקענט יאַשען און געווען מיט אים באַפריינדעט.

יאַשאַ איז גראָד געווען אַ פיינער מענטש, אַ העפלעכער, באַ־ליבט ביי אונדזער בריגאַדע און בכלל ביי די לאַגערניקעס. אַזוי ווי ער האָט געדאַרפט קומען אָפּקומען די שטראָף אין לאַגער, האָט ליובאָווסקי אים פאַרגעלייגט, ער זאָל ווערן זיינס אַ בריגאַדניק. דאָס איז געווען פאַר ליובאָווסקין לייכט אדורכצופירן מיט זיין „בלאַט" און איינפלוסן. יאַשאַ האָט זיך אָבער אָפּגעזאָגט פון זיין פאַרשלאָג און באַשלאָסן גיין אין דער שאַכטע. ער האָט דאָס מאָטיווירט דערמיט, וואָס דאָרטן איז וואַרעם, אַז ער וועט נישט אַרבעטן אין פּראָסטיקן אַרקטיקן דרויסן...

די קוילן־שאַכטע, ווו די אַרעסטאַנטן האָבן געאַרבעט, איז געווען טעכניש זייער שלעכט באַוואָרנט. ס'זענען דאָרטן זייער אָפט פאַר־געקומען אומגליקספאַלן „אָפּוואַלן" (ס'רייסן זיך אָפּ פּלאַסטן, שיכטן קוילן און פאַרשיטן די שאַכטיאָרן). גאַנץ אָפט האָט מען ארויסגע־צויגן טויטע אַרעסטאַנטן פון אונטער די פאַרשיטע קוילן. אַזוי האָט אויך, לײדער, געטראָפן מיט אונדזער „זאַוומאַג" יאַשאַ. פאַרן ענדיקן זיין איין־יאָריקן אורטייל, שוין ביים צוועלפטן חודש, האָט ער דאָרטן געפונען זיין טויט, געווען אַ קרבן פון דער שלעכטער, ווייניק־פאַר־זיכערטער שאַכטע.

מיר, סיי ליובאָווסקי און סיי די בריגאַדניקעס, וואָס האָבן אים גוט געקענט, האָבן שטאַרק איבערגעלעבט און באַדויערט זיין פרי־צייטיקן טויט, נאָר עטלעכע דרייסיק יאָר איז ער אַלט געווען.

# כ׳זאָג זיך אָפּ צו גיין אין דער שאַכטע

צוליב די אַלע אויבן־דערמאָנטע סיבות האָב איך פעסט באַ־שלאָסן ביי זיך: וואָס ס׳זאָל נאָר נישט געשען, אונטער וועלכע ס׳איז אומשטענדן כ׳זאָל זיך נישט געפינען, וועל איך אין דער שאַכטע נישט גיין! כ׳וויל נישט איינשטעלן מיין יונג לעבן. ס׳איז מיר געבליבן קנאַפּע צוויי יאָר פון מיין 10־יאָריקן אורטייל, פאַרוואָס זאָל איך איינשטעלן מיין לעבן אין דער געפערלעכער שלעכט־באַוואָרנטער שאַכטע? כ׳בין שוין די נאַכט פאַר מיין גיין אין דער שאַכטע נישט געשלאָפן און גוט באַקלערט, ווי אַזוי אדורכצופירן מיין פלאַן.

מ׳דאַרף געדענקען, אַז דאָס איז געווען מלחמה־צייט און אויב אַנדערע זע־קאַ זאָלן נאָכטאָן מיין ביישפּיל און אויך נישט גיין אין דער שאַכטע, וואָלט דאָס נאָך געקענט פאַררעכנט ווערן ווי אַ קאָלעק־טיווער סאַבאָטאַזש אין די מלחמה־אומשטענדן און כ׳קען ווערן גע־משפט דערפאַר און באַקומען אַ שווערע שטראָף — אַ נייעם אורטייל. כ׳האָב געמוזט געפינען עפּעס אַן אויסרייד פאַר מיין טאָט, וואָס זאָל זיין כאָטש אַ ביסל לאָגיש און מ׳זאָל מיך נישט קענען באַשולדיקן אין סאַבאָטאַזש.

קודם־כל האָב איך אויסגערעכנט, דאַרף איך בלייבן דער לעצ־טער, ווען די בריגאַדע וועט אריינגיין אין דער שאַכטע, כדי אַנ־דערע זאָלן נישט נעמען קיין ביישפּיל פון מיר. דערנאָך דאַרף איך דערקלערן, אַז כ׳ליַיד פון קאָפּ־שווינדלעניש אונטער דער ערד.

ס׳איז געקומען דער פרימאָרגן, ווען כ׳האָב געדאַרפן גיין אין דער שאַכטע און אויספירן מיין צוגעגרייטן פלאַן: דער „נאַראַטשיק״ נעמט צונויף אונדזער גרופּע, די פריש־געבאַקענע שאַכטיאָרן און פירט אונדז מיט אַ „קאַנוואָי״ צו דער שאַכטע. ווען מיר קומען צו נענטער, באַמי איך זיך צו זיין דער לעצטער. די בריגאַדניקעס, קו־מענדיקע פאַר מיר, לאָזן זיך אַראָפּ אין דער שאַכטע, דאַן דערקלער איך דעם „נאַראַטשיק״, אַז איך וועל זיך אין דער שאַכטע נישט אַראָפּלאָזן, ווייל אונטער דער ערד ליַיד איך פון קאָפּשווינדל, וואָס קען זיך ענדיקן מיט אַן אומגליקספאַל און בכלל האָב איך מורא צו גיין אהין אונטער דער ערד.

דער „נאַראַטשיק״ שרייט:

— גיכער גיי שוין! מאַך זיך נישט נאַריש!

איך האַלט זיך ביי מיינס: כ׳וועל אהין נישט גיין.

ער סטראַשעט מיך מיט די קאָנסעקווענצן פאַר מיין טאָט, אַלס

„אַטקאַזשטשיק״, אַלס סאַבאָטאַזשניק. כ׳האַלט זיך שטאַל און אייזן ביי מיין באַשלוס:

— ניין, כ׳קען נישט גיין אין דער שאַכטע!

דער „נאַראַטשיק״ איז אויך איינגעשפּאַרט, ער וויל מיך איינ־ברעכן און אַז דאָס העלפט נישט מיט רייד, גייט ער איבער צו מעשים: ער דערלאַנגט מיר צווי פייערדיקע פּעטש און אַ קאַפּע דערצו:

— שוין זאַלסטו גיין אין דער שאַכטע, „סוואָלאַטש״! — שרייט ער.

איך גיי נישט, כ׳האַלט זיך ביי מיין באַשלוס.

דאַן האָט דער „נאַראַטשיק״ נישט האָבנדיק קיין אַנדערע ברירה, מיך געפירט צוריק אין לאַגער־פּונקט. אַ בייזער מיט סטוסאַקעס און געשרייען פירט ער מיך אוועק אין דער „אורטשע״ (אַרבעטס־אָפּטייל). ס׳ווערט צונויפגעשטעלט אַ פּראָטאָקאָל, אַן אַקט, אַז איך האָב זיך אָפּגעזאָגט פון דער אַרבעט. פון דאָרטן פירט מען מיך אין איזאָלאַטאָר. כ׳האָב זיך אויף דעם געריכט. כ׳האָב אויף דעם אויסגערעכנט. ס׳זאָל נאָר נישט זיין ערגער — טראַכט איך.

אינדערפרי האָט מען מיך געפירט צום לאַגער־נאַטשאַלניק. אַ מאָדנע זאַך אין לאַגער, כ׳האָב נישט געקענט דערגיין צי דאָס איז אַ צופעליקייט, אָדער דאָס איז אַזוי פּלאַנירט: אין יעדן לאַגער־פּונקט, ווו כ׳בין געווען, איז געווען אַזוי איינגעטיילט, אַז דאָס אָנפירונגס־פּאַרל, דער נאַטשאַלניק און זיין געהילף, זענען געווען פון פאַרשי־דענעם כאַראַקטער און אייגנשאַפטן: אויב דער נאַטשאַלניק איז געווען אַ שלעכטער („אַ הונט מיט אויערן״, פלעגן מיר אים רופן), איז זיין געהילף געווען אַ מער מענטשלעכער, אַ בעסערער. אויב דער נאַ־טשאַלניק איז געווען אַ בעסערער איז זיין געהילף געווען אַ שלעכטער, אַ בייזער.

אין אָנהייב פון מיין אורטייל, אין נאַרילסק, האָב איך געהאַט אַ שלעכטן נאַטשאַלניק, לעימאַן, וואָס האָט מיך פאַראורטיילט צום „בור״, האָט מיך דאַן געראַטעוועט פון מיין שלעכטער לאַגע זיין געהילף, שפּעטער, ווען אַן אַנדערער געהילפס־נאַטשאַלניק, דער טאַטאַר, האָט מיך דערקענט אַלס „אַטקאַזשטשיק״ און מיך געשיקט אָן שום ספּעציעלע סיבה אויף אַלגעמיינע אַרבעט, האָט מיך שפּע־טער דער נאַטשאַלניק, אַ בעסערער מענטש געהאָלפן. דעם אַרעסטאַנטס לעבן, זיין גורל, איז אָפּהענגיק פון נאַטשאַלניק און זיין געהילף, פון דער אָנפירערשאַפט. מיין לעבן איז דאָך אין זייערע הענט...

אין דעם מאָמענט, ווען דער „נאַראַטשיק״ האָט מיך געפירט צום

נאַטשאַלניק האָט אין מיין קאָפּ געעקבערט דער געדאַנק: וואָס פאַראַ סאָרט מענטש איז דער נאַטשאַלניק. צי איז ער אַזוי ברוטאַל, אומ־מענטשלעך, ווי לעימאַן? אין בעסטן פאַל, אויב כ׳וועל גוט אָפּשניידן, וועל איך קריגן 10 מעת־לעת איזאָלאַטאָר. ס׳קען אָבער זיין ערגער: דער נאַטשאַלניק קען דערפון מאַכן אַ נייע „דיעלע" (ענין) און מ׳קען מיך נאָך משפטן פאַר סאַבאָטאַזש אין מלחמה־צייט און דאָס שמעקט מיט אַ נייעם אורטייל און נייע יאָרן לאַגער.

מיין גורל האָט זיך געפונען אויף דער וואָגשאָל, איז געווען אין דעם נאַטשאַלניקס הענט. אַלץ איז געווען אָפּהענגיק פון זיין געוויסן, פון זיין מענטשלעכקייט אָדער זיין אוממענטשלעכקייט. איך און דער „נאַראַטשיק" זענען צוגעקומען צו דער געבײדע פון דער לאַגער־אָנפירערשאַפט.

דער „נאַראַטשיק" האָט מיך אריינגעפירט אין קאַבינעט פון נאַטשאַלניק.

פאַר מיר איז געזעסן אַ פעסטגעבויטער מאַן, אַ ברייטפּלייציקער אין אַ מיליטערישן מונדיר, ס׳האָט זיך געזען שטרענגקייט אויף זיין פנים, אָבער זיין אויסזען איז געווען אַ סימפּאַטישער, אַן בייזקייט און שלעכטקייט. ניין, האָב איך געטראַכט, ער זעט נישט אויס צו זיין אַזאַ סאַדיסט, ווי לעימאַן. מיין אינטואיציע האָט מיך נישט אָפּגענאַרט.

ער האָט זיך גראָד צו מיר באַצויגן מענטשלעך. נאָך עטלעכע זיינע פראַגן און מיינע ענטפערס, האָט ער אויף מיר נישט געשריגן, מיך נישט געסטראַשעט, נאָר רואיק געזאָגט צום „נאַראַטשיק":

— 10 טעג איזאָלאַטאָר און דערנאָך באַשעפטיקן אַלס „דניע־וואַלני" אין אַ באַראַק.

# ווידער „דניעוואַלני" — דאָס מאָל אין אַ שאַכטע־באַראַק

דורך די יאָרן וואָס מיר איז אויסגעקומען דורכצוגיין דאָס לאַגער־לעבן פון „קאָלטס און וואַרעמס" בין איך עטלעכע מאָל געווען „דניע־וואַלני" (אויפרוימער, אויפזעער אין באַראַק). פריער, יעדעס מאָל ווען כ׳בין געווען „דניעוואַלני" איז עס געווען פאַר מיר אַ פּריווי־לעגיע, ווי אַ לייכטערע אַרבעט אין דער וואַרעם. נאָכן זיין שטאַרק אָפּגעשוואַכט, האָב איך געדאַרפן קומען צו די כוחות אויף דער אַרבעט. שטענדיק האָב איך געהאַט ספּעציפישע שוועריקייטן ביים אויספילן מיינע פליכטן אַלס „דניעוואַלני", ווי כ׳האָב דאָס באַשריבן ביי אנדערע געלעגנהייטן, אָבער אויף גאָר אַן אַנדערער לאַגע האָב איך זיך אָנגעטראָפן דאָ אויפן לאַגער־פּונקט פון דער שאַכטע.

אין דעם פאַל, ביי די אומשטענדן איז זיין אַ „דניעוואַלני" אין אַ שאַכטע־באַראַק גאָרנישט געווען קיין פּריווילעגיע, נאָר אַ האַרבע שטראָף. אויף אַט דער אַרבעט וואָס אין אַנדערע לאַגער־פּונקטן האָבן זע־קאַ זיך געווונטשן אָנצוקומען, איז דאָ געווען גאָר ווייניק קאַנדידאַטן. דאָס איז געווען צוליב די ספּעציפיש־שווערע באַדינגונגען אין וועלכע דעם „דניעוואַלני" איז אויסגעקומען צו אַרבעטן: די וווינונגס־באַראַקן האָבן זיך געפונען אויף אַ באַרג און די „קיפּיאַטילקע" (אַן אָרט ווו ס׳איז געוואָרן געקאָכט וואַסער) און אויך דער איינציקער וואַסער־קראַן פון לאַגער, פון וואַנען דער „דניעוואַלני" האָט געדאַרפן נעמען דאָס וואַסער, האָט זיך געפונען צופוסנס פון באַרג. סיי דאָס וואַסער זיך צו וואַשן פאַר די קוילנגרע־בער־אַרעסטאַנטן און פאַר מיר צו וואַשן די פּאָדלאָגעס, אויך „קיפּיאַ־טאָק" צו טרינקען האָב איך געמוזט שלעפּן מיט „קעראָמיסלס" (אַ ספּעציעלע הילצערנע שטאַנג צו טראָגן די עמערס מיט וואַסער) אַלץ באַרג־אַרויף. אַלס „דניעוואַלני" אין באַראַק האָב איך באַדינט ביי 100 אַרעסטאַנטן. ס׳איז מיר אָנגעקומען מיט ביטערן שווייס אַרויפצושלעפּן יעדעס מאָל די צוויי עמערס וואַסער אויפן באַרג צום באַראַק. ס׳האָט אָפּט געטראָפן, ווינטער־צייט, ווען ס׳איז געווען גליטשיק, אַז טראָגנדיק די פולע עמערס וואַסער פאַרגיסט מען דאָך כמעט שטענדיק און דאָס וועדט גיך פאַרפרוירן, דאַן ווערט גליטשיק און שווער צו שטעלן אַ טריט. ס׳האָט אויך געטראָפן, ווען כ׳האָב דורך דעם גליטשיקן וועג געטראָגן די עמערס וואַסער און שוין קומענדיק כמעט צום שפּיץ באַרג, שוין גאָר נאָענט צום באַראַק, זאָל איך זיך געבן אַ גליטש אויס, אומפאַלן און אויסגיסן דאָס וואַסער פון די עמערס.

נישט געקוקט אויף דעם אַלעם, אויף די אַלע שוועריקייטן, האָב איך מיט די לעצטע כּוחות מיט ביטערן שווייס, צוגעגרייט צום קומען פון די שאַכטיאָרן פון דער אַרבעט אַ גרויסע פּאַס, אפשר 20 עמערס, קאַלט וואַסער און אַ קלענער פּעסל „קיפּיאַטאָק”. די באַ־דערפעניש פון מיינע איינוווינער איז אָבער געווען א סך, אַ סך אַ גרעסערע.

נאָך אַ שווערן אַרבעטס־טאָג אין דער שאַכטע, קומען מיינע איינ־ווינער צוריק בייזע, אויפגערעגטע און לאָזן אויס זייער כעס צום שוואַ־כערן, צו מיר, צום „דאָכאָדיאַגע”, צום „דניעוואַלני”. זיי, די שאַכט־יאָרן, זענען דאָך די יחסנים, די אויספירער פון די פּלענער, די פּראָ־דוצירער, די סטאַכאַנאָווצעס. איך דאַקעגן בין זייער באַדינער, דער טויגעניכטס אין זייערע אויגן.

דעם גאַנצן אָוונט, ווען די בריגאַדניקעס קומען פון דער אַרבעט, הערט זיך נאָר:

— „וואָדאַ”! (וואַסער). „דניעוואַלני ניעט וואָדי”! (נישטאָ קיין וואַסער). ס'איז טאַקע אוממעגלעך פאַר מיר אַנצוטראָגן אַזויפיל וואַ־סער, וויפיל זיי דאַרפן. טייל שאַכטיאָרן איילן זיך נאָכן פאַרענדיקן די אַרבעט גיכער אַהיים, אין באַראַק אַריין און וואַשן זיך נישט דאָרטן, כאָטש אין דער שאַכטע קען מען זיך אויסבאָדן, דאַרף יעדערער אַזאַ שמוציקער שאַכטיאָר כאָטש אַ האַלבן עמער וואַסער זיך אָרומצוּוואַשן. נאָכן עסן דאַרף יעדערער „קיפּיאַטאָק” אויף טיי. די פולע פעסלעך פון קאַלט און געקאָכט וואַסער ווערט זייער גיך אויסגענוצט. אַ גאַנצן אָוונט טראָגן זיך די געשרייען איבערן באַראַק.

— „דניעוואַלני, נישטאָ קיין וואַסער, נישטאָ קיין קיפּיאַטאָק!”

די באַדערפעניש פאַר די 100 איינוווינער איז אפשר דריי מאָל גרעסער, ווי איך האָב צוגעגרייט. פאַר איין מענטש איז דאָס כמעט אוממעגלעך אָנצוטראָגן. דעם גאַנצן אָוונט לאָז איך נישט אַראָפּ דעם קעראַמיסל פון מיינע פּלייצעס און האַלט אין איין שלעפּן קאַלט וואַסער און „קיפּיאַטאָק” און ס'איז אַלץ וויניק. כ'גיס דאָס וואַסער אין די פעסער און דאָס אַלץ איז ווי אין אַ לעכערדיקן זאַק.

ביינאַכט, ווען מיינע איינוווינער, די שאַכטיאָרן קענען שוין רואיק שלאָפן און איך אַ מידער, וויל אויך שלאָפן, טאָר איך דאָס נישט טאָן, ווייל כ'מוז זיין וואַכזאַם, היטן פון גנבות. פאַרשטייער פון דער קאָמענדאַנטור, מיינע באַלעבאַטים, קומען מיך קאָנטראָלירן. איינ־דערפרי קען איך נישט שלאָפן. ווען אַלע גייען אַוועק צו דער אַרבעט דאַרף איך צורוימען, אויסוואַשן די שמוציקע פּאָדלאָגעס, פול מיט קוילן־שטויב און צו דעם איז אויך נויטיק זייער פיל וואַסער.

די „דניעוואַלני”־אַרבעט איז באמת געווען אַ קאַטאָרגע־אַרבעט.

אַ גרויסע שטראָף און דערפאַר זענען אויף אַזאַ אַרבעט נישט געווען קיין קאַנדידאַטן.

כ׳ווער פאַרצוויפלט. אין אזעלכע פאַלן, געוויינטלעך, בעט זיך דער „דניעוואַלני" מ׳זאָל אים שיקן בעסער אין דער שאַכטע. דאָרטן איז שוין אַ סך בעסער און לייכטער צו אַרבעטן אידער צו האָבן די „פּריווילעגיע" צו זיין „דניעוואַלני" אין באַראַק. איך האַלט זיך אָבער ביי מיין באַשלוס נישט צו גיין אין דער שאַכטע, נישט גע־קוקט אויף די אַלע אומשטענדן און שוועריקייטן. די טעכנישע זייט פון דער שאַכטע איז זייער שלעכט באַוואָרנט, אָפט ווערן געבראַכט אין לאַגער־שפּיטאָל פאַרוווּנדעטע שאַכטיאָרן און אפילו טויטע פון די אָפטע „אָפּוואַלן". כ׳האָב מורא אויך נישט צו זיין אַ קרבן אַרבעטנדיק אין דער שאַכטע. טראָץ די אַלע שוועריקייטן וויל איך פאָרט דערלעבן די „פרייהייט", אַרויס אַ לעבעדיקער פון דאַנען. ס׳קומט ביי מיר פאַר אַ גרויסער קאַמף צווישן עקשנות און פאַרצווייפלונג.

אָפט קומען פאָר אין באַראַק קאָנטראָלן פון ריינקייט, אונטער־זוכונגען ביי די זע־קאַ, צי זייער אונטערוועש איז ריין פון לייז. די אָנפירערשאַפט האָט מורא פאַר דער פאַרשפּרייטונג פון שמוץ, לייז, וואָס קענען ברענגען צו עפּידעמיעס. און אַ מאָדנע זאַך איז פאַר־געקומען: כ׳האָב דאָך זיך געהאַלטן ריין מער־ווייניק, נישט ערגער פון אַנדערע, געגאַנגען רעגולער אין באָד אריין, אָבער ביי די ריינ־קייטס־קאָנטראָלן האָט די קאָמיסיע געפונען אין מיין העמד לייז. — ביי דעם היטער פון אָרדענונג און ריינקייט, ביים „דניעוואַלני" זאָל גאָר זיין לייז! דאָס איז אַ גרויס פאַרברעכן און דערפאַר נאָכן אויס־באָדן זיך, אַדורכגיין אַ דיזענפעקציע און טוישן די וועש, מוז איך אָפּזיצן נייע 10 מעת־לאת אין איזאָלאַטאָר.

כ׳האָב געטראַכט: פונוואַנען האָבן זיך געקענט ביי מיר נעמען די לייז? כ׳האָב דאָך געהיטן די ריינקייט נישט ערגער פון אַנדערע, וואָס אין זייערע העמדער איז קיין לייז נישט געווען? כ׳מיין, אַז דאָס איז געווען פון מיין פאַרצווייפלונג, פון מיין דערשלאָגנקייט.

אַ מאָדנע זאַך. כאָטש אין איזאָלאַטאָר איז די באַשפּייזונג געווען אַן ערגערע, נאָר 300 גראַם ברויט און אַלס „דניעוואַלני" האָב איך באַ־קומען 600 גראַם, האָב איך דאָרטן פונדעסטוועגן אַביסל אָפּגערוט פון מיין שווערער אַרבעט. קיין נאָרמעס האָט מען פון אונדז אין איזאָלאַטאָר נישט געפאָדערט. כ׳האָב געאַרבעט אויף דער אויבער־פלאַך פון דער שאַכטע.

שפּעטער צו, ווען ס׳איז אדורך א שטיקל צייט, האָב איך זיך שוין אַן עצה געגעבן אַרבעטנדיק אַלס „דניעוואַלני" — כ׳האָב גע־

פונעם „רעסורסן" צו צאָלן פאַר אַ געהילף, ער זאָל מיר העלפן שלעפּן דאָס קאַלטע וואַסער און דעם „קיפּיאַטאָק". דאַן איז די אַרבעט שוין נישט געווען אַזוי שרעקלעך. וואָס צוויי — איז נישט איינער...

# אינסטרומענטאַלשטשיק — מיין לעצטע פּראָפעסיע

כאָטש מיין בריגאַדיר ליובאָווסקי איז נישט געווען באַשטימט צו גיין אַרבעטן אין דער שאַכטע (ער האָט געקריגן אַנדערע אַרעס־טאַנטן אין זיין בריגאַדע און ער האָט פאַרגעזעצט צו זיין בריגאַדיר), האָט ער, ווי כ'האָב זיך שפּעטער דערוווּסט, נישט גערוט און מיט אַלע זיינע מיטלען און מעגלעכקייטן געמאַכט באַמיאונגען צו העלפן זיינע געוועזענע בריגאַדניקעס. ער האָט דורך דער לאַגער־אָנפירער־שאַפט אויסכלאַפּאָטשעט „אָרדערס" (אַרויספאָדערונגען) פאַר זיינע געוועזענע בריגאַדניקעס מ'זאָל זיי שיקן אויף אַנדערע אַרבעטן, כדי זיי זאָלן פּטור ווערן פון דער שאַכטע.

אויך פאַר מיר זענען געקומען אַזעלכע „אָרדערס", מ'זאָל מיך שיקן אַלס בוי־מייסטער, לויט מיין ספּעציאַליטעט, אָבער דער באַ־פולמעכטיקטער פון דער „אורטשע" איבער די אַרבעטס־אָרדערס, אַ גרויסער אַנטיסעמיט, האָט זיך פאַרלייגט אויף מיר און געהאַנדלט אפילו קעגן געזעץ און פּשוט צעריסן די ארויספאָדערונגען, וואָס זענען געקומען אויף מיין נאָמען. כ'האָב אים שפּעטער געטראָפן אויף דער פריי, האָט ער מיר דאָס דערציילט און זיך געריצט מיט מיר. אויך ליובאָווסקי האָט מיר דאָס דערציילט, אַז ער האָט געשיקט אָר־דערס פאַר מיר, ווען כ'האָב אים געטראָפן אויף דער פריי.

בכלל איז אין סאָוויעט־רוסלאַנד דאָס געזעץ אַ רעלאַטיווער באַ־גריף. דאָס געשריבענע געזעץ איז איין זאַך, אָבער די אויספירערס פון די געזעצן טוען דאָס, וואָס זיי האַלטן פאַר נויטיק, יעדערער אויף זיין שטייגער, לויט זיין אייגענעם איינזען און ווי ס'לוינט זיי. אויך איז אַ סך אָפּהענגיק פון זייער געוויסן, אָדער געוויסנלאָזיקייט, ווי דער באַפולמעכטיקטער אין דעם שאַכטע לאַגער־פּונקט, וואָס האָט צעריסן מיינע „אָרדערס". בכלל זאָגט מען אין רוסלאַנד זייער טרעפלעך, אַז דאָס געזעץ איז ווי אַ טעלעגראַפישער סלופּ, זיך אָנ־שטויסן אויף אים מוז מען נישט, אָבער אים אַרומגיין קען מען יאָ. צוליב דעם מנוולדיקן באַפולמעכטיקטן איבער די „אָרדערס" פון דער „אורטשע" האָב איך זיך געמאַטערט אויף מיין שווערער אַרבעט אַלס

„דניעוואַלני" אין דעם שאַכטע־באַראַק, מער ווי אַ יאָר. פאַר דער צייט איז דער באַפּולמעכטיקטער איבער די „אָרדערס" אַריבערגע־פירט געוואָרן אין אַן אַנדערן לאַגער־פּונקט און סוף־כל־סוף האָט דער נייער באַפּולמעכטיקטער יאָ אויסגעפירט דעם „אָרדער", וואָס איז געקומען פאַר מיר אַריבערגעפירט צו ווערן אַלס בוי־מייסטער אויף דער בויאונג.

כ'האָב שוין געהאַט דערפאַרונג פון מיין לאַנגיעריקן זיין אין לאַגער, אַרבעטנדיק אין דער פאַרגאַנגענהייט, אַלס בוי־מייסטער, מיט וואָס פאַר אַ שוועריקייטן דאָס איז פאַרבונדן, אַז אַ ייד זאָל זיין אַ בוי־מייסטער אין לאַגער (כ'האָב וועגן דעם ברייטער געשריבן אין אַן אַנדער קאַפּיטל). די אַנפירערשאַפט פון דעם בויאונגס־אָביעקט ווו מ'האָט מיך אַריבערגעשיקט איז מיר געווען באַקאַנט פון פריער, ספּעציעל דער „פּראָראַב" שאַפּראַן. ער האָט מיר געראָטן און איך בין מיט אים מסכים געווען, אַז ס'וועט זיין פאַר מיר אַ סך בעסער צו ווערן אַ „סטאַרשי אינסטרומענטאַלשטשיק" — אָנפירער פון דער אינסטרומענטאַלקע אויף דער בויאונג. כ'בין געוואָרן דער אָנפירער פון עטלעכע אינסטרומענטאַלשטשיקעס, וואָס האָבן ארויסגעגעבן אינ־דערפרי די אינסטרומענטן צו דער אַרבעט, פאַרשריבן וויפל? וואָס פאַראַ? וועמען? די אינסטרומענטן ווערן ארויסגעגעבן אין דער פרי און אין אָוונט ווערט געפירט די קאָנטראָל אַלץ זאָל ווערן צוריקגעבראַכט אין אָרדענונג. נאָכן ארויסגעבן די אינסטרומענטן און די בריגאַד־ניקעס זענען אוועק צו דער אַרבעט, האָבן די אינסטרומענטאַלשטשי־קעס, אונטער מיין אויפזיכט, געדאַרפן פאַרריכטן די אינסטרו־מענטן, שאַרפן די זעגן און אַלץ מאַכן אין אָרדענונג פאַרן מאָרגנדיקן טאָג. ס'איז געווען אַ פאַראַנטוואָרטלעכע אַרבעט, אָבער איך בין פון קיינעם נישט געווען אָפּהענגיק. כ'האָב נאָר געדאַרפן מיין אַרבעט אויספירן זאָרגזאַם און געוויסנהאַפט. די אינסטרומענטאַלקע איז געווען גוט באַהייצט, ס'איז געווען וואַרעם. מיט איין וואָרט ס'איז געווען, ווי מ'זאָגט אין לאַגער „אַ וואַרעם ערטעלע".

די אַרבעט האָב איך אויסגעפירט גוט. כ'האָב זיך באַמיט צופרידנצושטעלן די בריגאַדירן, ווייל אַ גוטער אינסטרומענט שפּילט אַ גרויסע ראָלע ביים אויספירן די נאָרמע.

היות אין גיכן האָב איך באַדאַרפט ענדיקן מיין 10־יאָריקן אור־טייל, און אַ דאַנק דעם „בלאַט" מיטן ידישן „פּראָראַב" שאַפּראַן, האָב איך געהאַט די מעגלעכקייט אויף דעם אָרט, אַלס „סטאַרשי אינסטרו־מענטאַלשטשיק" שוין צוצואַרבעטן ביז מיין באַפרייאונג. מ'האָט מיר אַפילו פאַרגעלייגט נאָך דער באַפרייאונג, אַלס פרייער בירגער צו בלייבן אויף דער אַרבעט, אָבער איך האָב דאָס נישט אָנגענומען...

# רעהאַביליטאַציע

## СПРАВКА

Дана в том, что дело по обвинению гр. ШВАРЦ Шмуля Давыдовича

1912 года рождения, Военным трибуналом Дальневосточного военного округа „2“ ноября 1955 года пересмотрено.

Постановления от 4 января 1938 года, и 14 мая 1940 года

по которому он был осужден к 10 годам заключения в исправительно-трудовые лагеря отменено и дело производством прекращено за отсутствием в его действиях состава преступления.

ШВАРЦ Ш.Д. по данному делу полностью реабилитирован

До ареста по настоящему делу, т. е. до 21 ноября 1937 г. ШВАРЦ Ш.Д. работал – являлся студентом педагогического техникума в городе Биробиджане.



Зам. Председателя военного трибунала Дальневосточного военного округа полковник юстиции

А.ТИМЧЕНКО

# אַ צעטראָטענע יוגנט . . .

מיט אַ געמישטן געפֿיל פֿון טרויער און פֿרייד קוק איך אויף דעם אָקאָרשט דערהאַלטענעם פּאַפּירל, מײַן רעהאַביליטאַציע־דאָקומענט.

כ'ווייס נישט צי זאָל איך טרויערן אָדער זיך פֿרייען?

אַכצן יאָר האָב איך געוואַרט אויף דעם פּאַפּירל; אַכצן לאַנגע יאָרן פֿון פּייניקונגען, מאַטערנישן פֿון אַ שרעקלעכער שטראָף פֿאַר אַ נישט־באַגאַנגענער זינד . . . מיט אַכצן יאָר צוריק, אין 1937־טן יאָר, האָבן זיי מיר צוגעקלעפּט אַ משונהדיקע באַשולדיקונג, ק. ר. ד. (קאָנטער־רעוואָלוציאָנערע טעטיקייט) און איצטער, אין 1957, האָב איך באַקומען דעם רעהאַביליטאַציע־דאָקומענט, אַז כ'בין געווען אומשולדיק.

דאָס איז געקומען אַלס ענטפֿער אויף מײַן ביטע איבערצוקוקן מײַן ענין.

קורץ און אָפֿיציעל איז געשריבן דער רעהאַביליטאַציע־דאָקומענט:

דער מיליטערישער טריבונאַל
פון ווייט־מזרחדיקן מיליטערישן קרייז
דאַטע . . . 16 מאַי 1956
שטאָט כאַבאַראָווסק.

צ יי ג ע נ י ש

געגעבן וועגן דעם, אַז דער עינין וועגן דער באַשולדיקונג פון שמול שוואַרץ, געבוירן אין 1912, איז דורכן טריבונאַל פון ווייט־מזרחדיקן מיליטערישן קרייז דעם 2־טן נאָוועמבער 1955 געוואָרן אַדורכגעקוקט.

די באַשלוסן פון 4־טן יאַנואַר 1938 און פון 14־טן מאַי 1940, לויט וועלכע ער איז געוואָרן פאַרמשפט אויף 10 יאָר צו זיין פאַרשלאָסן אין אויסבעסערונגס אַרבעטס־לאַגער (אי. טי. על.) ווערט דערקלערט פאַר אומגילטיק און דער ענין ווערט אַנולירט, ווייל אין זיינע האַנד־לונגען איז נישט געווען קיין פאַרברעכן.

שמול שוואַרץ איז לויט דעם ענין אינגאַנצן רעהאַביליטירט.

ביזן אַרעסטירט ווערן צוליב דעם ענין, דעם 21־סטן נאָוועמבער 1937 איז שמול שוואַרץ געווען אַ סטודענט אין פעדאַגאָגישן טעכניקום אין ביראָבידזשאַן.

פאַרזיצער פון מיליטערישן טריבונאַל
פון ווייטמזרחדיקן מיליטערישן קרייז
**פאַלקאָווניק פון יוסטיץ**

אונטערשריפט:
**אַ. טימטשענקאָ**

אויך איז צוגעלייגט אַ קיילעכדיקער שטעמפּל מיטן סאָוויעטישן עמבלעם.

אַ סטאַנדאַרטנע אָפּגעדרוקטע צייגעניש. ס'איז נאָר צוגעשריבן דער פֿאַמיליען־נאָמען פֿון רעהאַביליטירטן און די דאַטעס. אַזעלכע „ספּראַווקעס" װעגן רעהאַביליטאַציע זענען, װי מיר איז באַװוּסט, אַרויסגעשיקט געוואָרן צו מיליאָנען געוועזענע אַרעסטאַנטן, וואָס האָבן צו דעם דערלעבט און אויך צו די משפּחות פֿון די, וואָס זענען רעהאַ־ביליטירט געוואָרן נאָכן טויט, אויסגערעכנט זיכערע נשמות אין די לאַגערן, אונטער דעם שווערן יאָך פֿון קאַטאָרגע־אַרבעט און הונגער, אָדער זענען גלייך דערמאָרדעט געוואָרן.

נאָכן 20־טן קאָנגרעס פֿון דער סאָוויעטישער קאָמוניסטישער פּאַרטיי, ווען כרושטשאָוו, דער ביטערער אוקראַינער, האָט געוואָלט מיטן אויפֿדעקן סטאַלינס פֿאַרברעכנס פֿון „קולט פֿון יחיד" הייבן זיין אייגענעם אויטאָריטעט אין די אויגן פֿון די סאָוויעטישע בירגער און נאָך מער פֿאַר דער אויסערלעכער וועלט, האָט ער געמאַכט דעם באַרימטן זשעסט מיטן רעהאַביליטירן.

צי איז דען דער גרויסער פֿאַרברעכן פֿון איינזעצן, אויך דערמאָרדן אַזאַ ריזיקע צאָל אומשולדיקע מענטשן בלויז סטאַלינס שולד אַליין? צי האָט ער דען נישט געהאַט אַ גרויסע צאָל מיטהעלפֿער, מערדער און סאַדיסטן? צי האָט מען כאָטש איינעם פֿון די נאָכן 20־טן קאָנגרעס און נאָך כרושטשאָווס באַרימטער רעדע, געמשפּט? ניין, די גאַנצע שולד האָט ער אַרויפֿגעלייגט אויף דעם טויטן סטאַלין!

גלייכצייטיק איז צו דער רעהאַביליטאַציע־צייגעניש געווען בייגע־לייגט נאָך אַ פּאַפּירל מיט אַן אויפֿקלערונג, אין וועלכן ס'האָט זיך געשריבן:

דערמיט מאַכן מיר קלאָר, אַז דער רעהאַביליטירטער האָט רעכט אויף הנחות אָנגעוויזענע אין באַשלוס פֿון מיניסטאָרן־ראַט פֿון פ. ס. ס. ר. פֿון 8־טן סעפּטעמבער 1955, נומ. 1655 מיט וועלכן מ'קען זיך באַקענען אין אויספֿיר־קאָמיטעט פֿון אַרטיקן סאָוויעט פֿון אַרבעטער־דעפּוטאַטן.

## דער זעלבער אונטערשריפֿט.

כ'בין באַלד אַוועק צום אויספֿיר־קאָמיטעט פֿון אַרטיקן סאָוויעט זיך צו באַקענען מיט די הנחות, וואָס איך האָב די רעכט צו באַקומען פֿאַר מיינע אומזיסטע מאַטערנישן פֿון 10 יאָר, פֿון וועלכע כ'בין קוים אַרויס אַ לעבעדיקער.

דער ביטערער כרושטשאָוו האָט גלייך אויסגערעכנט, אַז די רעהאַ־ביליטאַציע זאָל דער רעגירונג קאָסטן נישט טייער. כ'האָב אויסגעפֿונען,

אַז אַ רעהאַביליטירטער האָט פאָלגנדע הנחות: די אַרבעט אין לאַגער ווערט פאַררעכנט אין אַרבעטס־סטאַזש, די געלט־קאָמפּענסאַציע אויף וועלכער דער רעהאַביליטירטער איז באַרעכטיקט איז נאָר אַ 2 חדשים־דיקער געהאַלט פון אַרבעטס־אָרט פון פאַרן אַרעסט. אַזוי, ווי איך בין געווען פאַרן אַרעסטירט ווערן אַ סטודענט אין ביראָבידזשאַנער טעכניקום, האָב איך רעכט צו באַקומען אַ סטיפּענדיע פאַר צוויי חדשים, דאָס הייסט בלויז 400 רובל.

ס׳איז פשוט אַ לעכערלעכע קאָמפּענסאַציע אין פאַרגלייך מיט די לײדן פון 10 יאָר קאַטאָרגע־לאַגער. אַ חוץ דעם דאַרף מען נאָך רעכענען, וואָס דאָס געלט פאַר די 18 יאָר איז שטאַרק ביליקער געוואָרן, קען איך איצטער פאַר מיין קאָמפּענסאַציע־לעגט — פאַר די 400 רובל — אפשר קויפן נישט מער ווי אַ פאָר הויזן אויפן מאַרקעט (אין קראָם איז דאָך נישט צו קריגן), אַפילו נישט קיין אַנצוג.

מיין איצטיקער חודשלעכער געהאַלט אַלס אינספּעקטאָר פאַר באַזאָרגונג איז 600 רובל. קען מען זיך שוין פאָרשטעלן, ווי נישטיק עס איז די אַזוי גערופענע קאָמפּענסאַציע פאַר 10 יאָריק לײדן און פּיין, שווערע קאַטאָרזשנע אַרבעט אין הונגער און קעלט.

צי איז בכלל פאַראַן אַזאַ סומע, וואָס איז ביכולת צו קאָמפּענסירן אַ 10־יאָריקע פאַרשניטענע יוגנט?!...

...האַלטנדיק דאָס פּאַפּיר, די „ספּראַווקע” אין מיין האַנט, שווימען אַדורך פאַר מיינע אויגן די שווערע יאָרן פון מיין זיין אין לאַגער, ווי יעדע שעה, יעדן טאָג איז מיין לעבן געווען איינגעשטעלט, געהאַנגען אויף אַ האָר און כ׳ווייס נישט אין וועלכן זכות, מיט וועלכע ניסים ס׳האָט זיך מיר איינגעגעבן אַדורכצולעבן, אויסצודויערן, ווען אַזויפיל פון מיינע פריינד און חברים זענען אומגעקומען...

כ׳דערמאָן זיך אין די שווערע מאָמענטן, ספּעציעל די ערשטע צייטן אין לאַגער, ווען צוליב מיין נאַיווקייט און עקשנות האָב איך באַשלאָסן צו „קעמפן” קעגן דער אומגערעכטיקייט און אַנטיסעמיטיזם אין לאַגער (כ׳האָב וועגן דעם געשריבן) און דער בריגאַדיר כאַלאַדענקאָ האָט מיך באַוואָרלט מיט אַ קליינע פּייקע ברויט, כאָטש מיין „נאַפּאַרניק” (מיין פּאַרטנער) האָט באַקומען מער ברויט פאַר דער זעלבער אַרבעט און די העכערע מאַכט האָט מיר נישט געוואָלט העלפן, מיך אַריבערפירן אין אַ צווייטער בריגאַדע און איך האָב זיך דאַן אָפּגעזאָגט צו אַרבעטן אין דער בריגאַדע. דער נאַטשאַלניק לעוימאַן האָט מיך דערפאַר פאַרמשפּט אויף „בור” (באַראַק מיט אַ ספּעציעל שטרענגן רעזשים). כ׳בין דאָרטן געווען אין שרעקלעכע באַדינגונגען 28 מעת־לעת, קוים מיטן לעבן אַרויס: אַן אָפּגעפרוירענער סיי די הענט, סיי די פיס און אויך די נאָז. אַ יידישער דאָקטער האָט מיר דאַן געהאָלפן.

וויפל האָט דאָן געפעלט, אַז כ׳זאָל „ענדיקן״ מיינע 10 יאָר באַלד בײם אָנהויבן? . . . כ׳דערמאָן זיך וויפל מאָל כ׳בין געוואָרן אין לאַגער אַ „דאָכאָדיאַגע״, אַ שוואַכלינג („אַ מוזולמאַן״ האָט עס געהייסן אין נאַציש לאַגער), געקרענקט אויף „ציגגאַ״ (שקאָרבוט). „פּילאַגרע״ (ווען דער קראַנקער עסט אויף דאָס פּעטס פון אונטער די הויט).

נאָר אַ דאַנק דער הילף פון ייִדן, ייִדישע דאָקטוירים, בעסער סיטוּאירטע ייִדן אין לאַגער (אינזשעניער־טעכנישער פּערסאָנאַל) האָב איך איבערגעהאַלטן.

ספּעציעל איז מיין גרויסע דאַנקבאַרקייט פאַר מיין בריגאַדיר, ביי 4 יאָר אין לאַגער, אַלעקסאַנדער מיכאַילאָוויטש ליובאָווסקי (כ׳האָב וועגן אים געשריבן).

אַלצאַינס האָב איך פיל ליידן און צרות אַדורכגעמאַכט און קוים איבערגעלעבט . . .

כ׳דערמאָן זיך אַ שרעקלעכן זונטיק, וואָס האָט געקאָסט פיל לעבנס פון אונדזערע אַרעסטאַנטן אין 1942. אונדזער לאַגער, וויט פאַרוואָרפן אויף עק וועלט, אין נאָרילסק, אויפן וויטן צפון, איז זייער פּראָדוקציע געווען שטאַרק נויטיק פאַר מלחמה־צוועקן. די נאָרילסקער בערג, אויך אונטער דער ערד, זענען געווען רייך מיט זייער וויכטיקע און רייכע מעטאַלן, ווי: ניקל, בראָנדז און אפילו קאָבאַלט. די בויאונג פון נאָרילסקער מעטאַלורגישן קאָמבינאַט האָט געהאַט אַ געוואַלדיקע באַדייטונג סיי פאַר דער ווירטשאַפט און נאָר ספּעציעל פאַר מלחמה־באַדערפעניש.

די פּלענער, ווי געווינטלעך, זענען געווען זייער גרויסע, די זענען געוואַקסן יעדן חודש, נישט רעכענענדיק זיך צי די זענען אויספירבאַר ביי אַזאַ שלעכטער דערנערונג, מענטשן־מאַטעריאַל, מאַנגל אין טעכנישער אויסשטאַטונג און די שווערע באַדינגונגען פון פּאָליאַרן קלימאַט.

יעדן חודש, ווי ס׳האָט זיך געפירט איך גאַנצן לאַנד, האָט מען „געבאַרגט״ פּראָצענטער אויפן חשבון פון קומענדיקן חודש און מיט אַזעלכע ליגנערישע ציפערן איז געוואָרן „אויסגעפירט״ דער פּלאַן ביז . . . דער זיפּנבלאָז פון די נישט־אויסגעפירטע פּלענער האָט געפּלאַצט . . . ס׳איז געקומען אַ קאָמיסיע פון צענטער, פון מאָסקווע, צו קאָנטראָלירן און זיי האָבן אויסגעפונען, אַז די פּלענער אויפן פּאַפּיר זענען טאַקע אויסגעפירט, אָבער פּאַקטיש האַלט מיט דער בויאונג זייער שלעכט . . .

מ׳האָט אָנגעהויבן זוכן די שולדיקע. לייכטער פון אַלץ איז צו ווייזן, אַז „ווינאָוואַט סטרעלאָטשניק״, אַז די אַרעסטאַנטן זענען אין אַלעם שולדיק. מ׳דאַרף זיי אָנלערנען, מ׳דאַרף זיי אַפּשרעקן מיט דראַסטישע מיטלען.

די קאָמיסיע האָט אויסגעפֿונען, אַז מיר, די אַרעסטאַנטן, האָבן שלעכט געאַרבעט, סאַבאָטירט. דער קאָמיסיע פֿון צענטער איז גאָר־נישט אײַנגעפֿאַלן אײַנצוקוקן אין וואָס פֿאַרא באַדינגונגען פֿון טאָג־טעגלעכן לעבן עס איז אונדז אויסגעקומען צו אַרבעטן: אין קלימאַט פֿון אַרקטיק מיט גרויסע פֿרעסט, וואָס זענען דערגאַנגען ביז 50 גראַד, זענען מיר געווען אָנגעטאָן, אין דער גרעסטער מערהייט, פּשוט אין שמאַטעס ווי דער פֿראָסט האָט לײַכט געפֿונען אַ וועג צום אויסגעמאַטערטן קערפּער. בײַ פֿיל פֿאַרשלאָסענע זענען אויף די פֿיס געווען אָנגעטאָן „בורקעס" (אַזעלכע וואַטעוונע זאָקן) וואָס זענען גיך געוואָרן נאַס און די פֿיס זענען געוואָרן אָנגעפֿרוירן. אַ סך פֿון אונדזער אָנטועכץ, וואָס איז געווען באַשטימט פֿאַר אונדז, ספּעציעל וואַליאָנקעס (פֿילצענע שטיוול) זענען צעגנבעט געוואָרן דורך דער נאַטשאַלסטווע. אונדזער באַשפּײַזונג איז געווען אַ נעבעכדיקע, ממש אַ הונגער־פּאַיאָק. די אָנפֿירערשאַפֿט אין לאַגער, די נאַטשאַלסטווע, האָט געלעבט אַ גוטן טאָג פֿאַר דעם פֿאַר־קריפֿטן שפּײַז און אָנטועכץ, וואָס איז געווען באַשטימט פֿאַר אונדז. מיט טעראָר און שטראָף־מיטלען האָט מען אונדז געצוווּנגען אויסצו־פֿילן אומאויספֿילבאַרע נאָרמעס.

זיי האָבן געשאָטן מיט פּאַטריאָטישע פֿראַזן:

— אַלץ פֿאַרן פֿראָנט! אַלץ פֿאַרן פֿאָטערלאַנד!

די טעכנישע מיטלען אויף דער בויאונג זענען געווען מינימאַלע. מערסטנס האָבן מיר געאַרבעט מיט אַ קירקע, לאָפּאַטע און האַנט־וועגעלע („טאַטשקע"). עקסקאַוואַטאָרס, הייב־מאַשינען, טראַנספּאָרטיאָרן, וואָס זענען געווען געוואַלדיק נייטיק פֿאַר דער בויאונג, איז נישט געווען. אַפֿילו דינאַמיט, וואָס מ'האָט אַזוי געדאַרפֿט אויף אויפֿרײַסן די אייביק־פֿאַרפֿרוירענע ערד מיט שטיינער געמישט, האָט אויך געפֿעלט.

דאָס אַלץ האָט די קאָמיסיע פֿון צענטער נישט געזען, נישט גענומען אין אַכט . . .

מאָסקווע האָט געפֿאָדערט, אַז דער וויכטיקער אָביעקט, דער נאָרילסקער מעטאַלורגישער קאָמבינאַט זאָל גיך זײַן פֿאַרטיק, אויפֿ־געבויט און דאָ, ווײַזט זיך אַרויס, אַז ס'איז נאָך זייער ווײַט פֿון סוף. דערצו נאָך אין אַזאַ צײַט — מלחמה־צײַט — נישט אויסגעפֿילטע פּלענער פֿון אַזאַ וויכטיקן אָביעקט . . . אַ ריזן סקאַנדאַל!

אין אַלעם זענען דאָך שולדיק די אַרעסטאַנטן, האָט די קאָמיסיע געמאַכט אירע אויספֿירן: די שולדיקע — אונדז — די אַרעסטאַנטן מוז מען שטרענג באַשטראָפֿן כּדי אויסצוהיטן די פּעל פֿון די נאַ־טשאַלסטווע. דאָס זאָל אויך זײַן אַ וואָרענונג פֿאַר אַלע לאַגערניקעס זיי זאָלן מורא האָבן און בעסער אַרבעטן . . .

גיך איז אָרגאַניזירט געוואָרן אַן אונטעראַוויגיק געריכט און ס'איז געקומען די בלוטיקע אָפּרעכענונג — אַ געוויסע צאָל אַרעסטאַנטן פאַרמשפּטן צו טויט־שטראָף! מיר האָבן זיך גלייך וועגן דעם דער־וווּסט. ס'דערגייען שוין צו די לאַגערניקעס די טרויעריקע ידיעות, אַזוי גיך ווי זיי ווערן נאָר אויפגעשריבן.

אין אַ רו־טאָג נאָך עטלעכע וואָכן שקלאַפן־אַרבעט (נישט יעדע וואָך האָט מען אונדז געלאָזט רוען דעם איינציקן טאָג). יעדן זונטיק, ביז ס'איז געקומען דער נאָרמאַלער רו־טאָג, האָבן זיי אונדז געיאָגט אויף „סובאָטניקעס" („פרייוויליקע" אַרבעטס־טעג). היינט איז אָבער יאָ אַ רו־טאָג. נאָר מיר פילן, מיר ווייסן, אַז דאָס איז אַ סכנותדיקער טאָג, אפשר פאַר פיל פון אונדז, דער לעצטער טאָג . . .

די לופט אין באַראַק איז אַן אָנגעגליטע, ס'הענגט די שטילקייט, ווי אַ שווערע כמאַרע.

מיר זעען דורכן פענצטער פון באַראַק, ווי דער קאָמענדאַנט מיט די „נאַראַטשיקעס" גייען איבער די באַראַקן מיט אַ צעטל פון נעמען. מיר זעען ווי זיי פירן אַרויס די אַרעסטאַנטן, די קרבנות, אונטער אַ שטאַרקער וואַך פון באַוואָפנטע סאָלדאַטן. באַלד קומען זיי אויך אַריין אין אונדזער באַראַק.

די שטילקייט איז אַן אומגעהויערע, ביי אַלעמען איז אָנגעשפּיצט דאָס געהער. צי איז אויך נישט מיין נאָמען דאָ אין דעם צעטל, וואָס איז אין זייערע הענט? דאָס אַרעסטאַנטסקע לעבן איז דאָך אַזוי שלעכט: הונגער, קעלט, אומכמענטשלעכע באַציאונג פון דער נאַטשאַלסטווע, קאַטאָרגע־אַרבעט. וואָס איז ווערט אַזאַ לעבן? פאַרט ווילט זיך נישט שטאַרבן. ס'איז שרעקלעך דערשאָסן צו ווערן ווי אַ הונט, אין דער ווייטער צפון־טונדרע, אַז קיינער זאָל נישט וויסן וווּ דיין געביין איז אַהינגעקומען. פאַרוואָס? פאַר וועלכער שולד? . . .

אונדזערע אַלעמענס אויגן כאַפּן אויף דעם מינדסטן קלאַנג, די באַוועגונג פון אונדזערע הענקער — די פאַרשטייער פון דער לאַגער־מאַכט.

זעקס אַרעסטאַנטן זענען אויפגעהויבן געוואָרן פון זייערע נאַרעס. זעקס אומשולדיקע אַרעסטאַנטן פון אונדזער באַראַק זענען אַרויסגע־פירט געוואָרן. מיר האָבן גאַנץ גוט פאַרשטאַנען וווּהין. . .

זעקס אַרעסטאַנטן גייען שוין צום לעצטן מאָל, באַוועגן זיך צום לעצטן מאָל; זיי לעבן די לעצטן מינוטן, ווייל די לאַגער־אָנפירערשאַפט וויל זיך באַרעכטיקן מיט אָט די אומגעבראַכטע אומשולדיקע לעבנס.

וויפל האָט ווען געפעלט, אַז אויך איך זאָל זיין צווישן די זעקס פאַראורטיילטע? זיי זענען דאָך געווען אַזוי אומשולדיק, ווי איך און איך

בין דאָך אַזוי „שולדיק“ ווי זיי. דאַסמאַל האָט מיך דער טויט אויס־געמיטן . . .

צומאָרגנס איז געוואָרן געמאָלדן, אַז „סאַבאָטאַזשניקעס, די שונאים פון פאָלק (ביזגעלייגט די נעמען) האָבן באַקומען די פאַרדינטע שטראָף, טויט־שטראָף. זאָל דאָס דינען פאַר אַ וואָרענונג פאַר אַלע זע־קאַ! נאָר מיט ערלעכער אַרבעט פאַרן פאָטערלאַנד קען מען אויסקריפן די באַגאַנגענע זינד. אַ טויט די שונאים פון פאָלק! זאָל לעבן חבר סטאַלין!“

דאַסמאָל האָט דער טויט געשפּרייזט אַרום מיר, מיך אַרומגעטאַפּט מיט זיינע בלוטיקע לאַפּעס און פאַרט מיך אויסגעמיטן . . .



יעדן טאָג, יעדע שעה איז מיין לעבן אין לאַגער געווען איינ־געשטעלט. ס׳האָט נישט געהערט צו מיר. ס׳האָט געהערט צו אַ באַנדע הפקרדיקע לאַגער־נאַטשאַלניקעס און זייערע משרתים — די „נאַראַ־טשיקעס“ און קאָמענדאַנטן און זייערע הויפּט־געהילפן, די אונטער־וועלט־רוצחים, גנבים. יעדערער האָט איבער דעם בידנעם זע־קאַ, הערצו אַ „קאָנטריק“, געהאָט די דעה, געווען איבער אים באַלעבאָס. יעדערער האָט זיך געקענט איבער אים איזדיעקעווען.

נישט וויניק האָבן מיר אויך געהאַט אויסצושטיין פון דעם „קאָנוואָי“, די באַוואָפנטע וואַך, וואָס האָט אונדז יעדן טאָג געהיטן מיר זאָלן נישט אַנטלויפן. וווהין האָבן מיר דען געקענט לויפן? אונדזער לאַגער האָט זיך דאָך געפונען אין וויטן צפון־קרייז, טויזנטער קילאָ־מעטער פון אַן אייזנבאַן־ליניע, עק־וועלט, טונדרע אַרום. וווהין האָבן מיר דען געקענט אַנטלויפן?

די דיסציפּלין פון אונדזערע היטערס איז געווען אַ שטרענגע. ווי מיט אייזערנע צוואַנגען האָבן זיי אונדז געהאַלטן, יעדע נישט פאַרזיכ־טיקע באַוועגונג האָט געדראָט מיט טויט, מיט אַ קויל. שטענדיק זענען דאָך זיי, די היטערס אונדזערע, געווען די גערעכטע און דער זע־קאַ דער שולדיקער, ווי דער אַרעמער סערגעי, דער יונגער גרוזין, וואָס האָט פאַרלוירן זיין יונג לעבן פון אַ הפקרדיקן „סטרעלאָק“ (פריער וועגן דעם געשריבן).

ספּעציעל הילפלאָז איז געווען דער זע־קאַ, באַזונדערס דער קאָנ־טריק“ בשעת די עטאַפּן, ביים איבערפירן פון איין אָרט צום צווייטן, פון איין לאַגער אין צווייטן. דאָן האָבן די אונטערוועלט און די באַ־וואָפנטע היטערס געמאַכט יד־אחת און ביים „קאָנטריק“ צוגעראַבעוועט דאָס לעצטע און צוזאַמען זיך געטיילט מיטן פּראָפיט, צוזאַמען פאַר־טרינקען מיט די וועכטער.

מיינע 10 יאָר לאַגער, די נישט־פאַרדינטע שטראָף, זענען געווען פאַר מיר אַ לאַנגע קייט פון פייניקונגען, קאַטאָרגע־אַרבעט, הונגער און קעלט...

אלס קאָמפּענסאַציע, ביים דערקלערן מיך פאַר אומשולדיק פאַרן אַדורכמאַכן אַזעלכע שווערע 10 יאָר, האָב איך נאָר באַקומען אַ צוויי חדשימדיקן געהאַלט פון פאַרן אַרעסט...



נאָכן באַפרייט ווערן פון לאַגער האָב איך אַכט יאָר (אידער איך בין רעהאַביליטירט געוואָרן) געלעבט אויף אַ פּאַספּאָרט אין וועלכן עס איז געווען אַריינגעשריבן די „סטאַטיאַ 39“, דאָס הייסט מיט באַ־גרענעצונגען, אַלס געוועזענער „קאָנטריק“, אַלס אַ נישט זיכערער עלעמענט, אַלס פאַרדעכטיקטער, וואָס מ׳טאָר נישט געטרויען. כ׳האָב נישט געהאַט קיין רעכט צו וווינען אין אַ גרויסע שטאָט, נאָר 101 ק״מ ווייט פון אַ גרעסערער שטאָט און זיין באַשעפטיקט נאָר אויף שוואַרצע אַרבעט.

כ׳האָב אַדורכגעמאַכט פון 1937 ביז 1957, אַכצן יאָר, זייער שווערע יאָרן: 10 יאָר אין לאַגער אַלס אַרעסטאַנט און אַכט יאָר מיט באַגרענעצונגען, אַלס געוועזענער לאַגערניק, אַלס געוועזענער „קאָנטריק“ ביז דער רעהאַביליטאַציע.



פון דער רעהאַביליטאַציע־„ספּראַווקע“ האָב איך זיך דערוווּסט, אַז כ׳האָב אַזש צוויי מאָל באַקומען 10 יאָר לאַגער, איינמאָל אין 1938־טן יאָר און אַ צווייט מאָל אין 1940־טן יאָר.

ווען כ׳האָב נאָר געהאַט אַ מעגלעכקייט אין לאַגער, ווען כ׳האָב געהאַט טינט און פעדער מיט פּאַפּיר (דאָס איז אויך נישט געווען אַזוי לייכט צו קריגן) האָב איך געשריבן צו דער העכערער מאַכט, צו סטאַ־לינען, צו דער נ.ק.וו.ד. (איין מאָל אין יאָר האָבן מיר געהאַט אַזאַ רעכט), אַז זיי זאָלן מיך באַגנעדיקן, רעהאַביליטירן, אָדער ווי אַזוי זיי ווילן זאָלן זיי דאָס אָנרופן, אַבי מיך באַפרייען. טייל מאָל איז אינגאַנצן נישט געקומען קיין ענטפער. אָפטמאָל איז געקומען אַ לאַקאָ־נישער ענטפער: „דער ענין אונטערליגט נישט איבערגעקוקט צו ווערן“ אָדער „איבערגעקוקט און געלאָזט אין קראַפט“. כ׳דערמאָן זיך, אַז אין 1940 האָב איך געשריבן מיין בקשה אין יידיש צום סאָוויעט פון די נאַציאָנאַלע מינדערהייטן און זיי האָבן, ווי ס׳ווייזט אויס, „זייער

אויפמערקזאם" איבערגעקוקט מיין ענין און באשלאסן, ווי ס'איז אנגעוויזן אין דער רעהאביליטאציע־„ספראווקע", אויפסניי באשטעטיקן 10 יאר — צום צווייטן מאל מיר געבן 10 יאר. אויף וועלכן סמך? וועלכע באווייזן האבן זיי געהאט? מיין אויספארשונג אין כאבאראווסק אין 1937־טן יאר האט זיך דאך געענדיקט מיט מיינע ווערטער: „כ'דערקלער די באשולדיקונג פאר א גרונטלאזע און איך דערקלער זיך פאר אומשולדיק". איז דען דאס א גרונט פאר געבן 10 יאר לאגער? צי האב איך דען געקענט עמיצן פרעגן אין לאנד פון הפקרות? דאן אין 1940, ווען כ'האב באקומען דעם ענטפער, האב איך נישט געלייגט קיין גרויס אכט אויף די סקארבאווע סטאנדארטנע ענטפערס זייערע. וויכטיק איז דאן געווען פאר מיר, צי באפרייען זיי מיך צי נישט!

אזא ענטפער האב איך, לײדער, נישט באקומען.



...מיט א געמישטן געפיל פון טרויער און פרייד קוק איך אויף דעם אקוראט־דערהאלטענעם פאפירל, דעם רעהאביליטאציע־דאקומענט. כ'ווייס נישט צי זאל איך טרויערן נאך מיינע פארשניטענע יונגע יארן אין לאגער, אדער זיך פרייען, וואס כ'בין סוף־כל־סוף אנערקענט געווארן פאר אומשולדיק?!...

# קאָמפּענסאַציע — אַ... ניי־מאַשינדל

## (מיין פרוים רעהאַביליטאַציע)

ביי לאהן איז היינט אַ יום־טובדיקע שטימונג, אַ גרויסע פרייד. זי האָט היינט געקויפט אין מאַגאַזין (קראַם) אַ ניי־מאַשינדל. אַ גאַנצע נאַכט איז זי געשטאַנען אין „אָטשערעד" (אין דער ריי), אָבער וואָס באַדייט דען אַ נאַכט אויסצושטיין אין פאַרגלייך מיט אַזאַ גליק?...

די ניי־מאַשין קאָסט 600 רובל. אַקוראַט אַזאַ סומע האָט לאה באַקומען אַלס קאָמפּענסאַציע, לויטן סאָוויעטישן געזעץ, פאַר איר רעהאַביליטאַציע: פאַר 2 חדשים סטיפּענדיע אין ביראָבידזשאַנער פּעדאַגאָגישן טעכניקום צו 200 רובל אַ חודש און אויך פאַר 2 חדשים געהאַלט פון שטאָטישן ליגען־זאַל צו 100 רובל, וווּ זי האָט אויך צוגעאַרבעט דאַן אין די אָוונטן. איז טאַקע ביי איר די פרייד זייער גרויס סיי מיט דער רעהאַביליטאַציע, סיי מיט דער ניי־מאַשין, געקויפטע פאַרן געלט פון דער קאָמפּענסאַציע.

וויפיל אַזעלכע פריידן האָט לאה אַדורכגעמאַכט פאַר אירע פינף און פערציק יאָר אויף דער וועלט... אַ מידע, אַ פאַרשוויצטע, מיט אָפּשטעלונגען נאָך יעדע צוואַנציק - דרייסיק מעטער, האָט לאה געבראַכט די ניי־מאַשין אַהיים אין קליינעם צימערל, וווּ זי האָט געוווינט אין אַ ווינקל, אַלס סובלאָקאַטאָר. די מידקייט איז, נאָך אַביסל אָפּרוען זיך עפּעס ווי אויסגעוועפּט געוואָרן. ס'האָט זיך געוואָלט וואָס גיכער שוין געניסן פון דער פרייד צו נייען אויף דער אייגענער ניי־מאַשין. מיט אַ צייט צוריק האָט זי אָנגעהויבן צו נייען פאַר זיך אַ קליידל אויף דער האַנט — וועט זי דאָס פאַרענדיקן אויף דער ניי־מאַשין.



לאה: אַ מיטלוווקסיקע פרוי, אַ ברייט־פּלייציקע, אויגן גרויסע, קיילעכדיקע, איצטער שוין מאַטע, האַלב־פאַרלאָשענע. דאָס פּנים פאַרעלטערט פאַר דער צייט. די שוואַרצע, קורץ־געשוירענע האָר מיט גרויקייט שוין באַזילבערט. די אַרויסשטאַרנדיקע הענט פון די אַרבל, אויסגעדאַרטע. ווי בלויע שטריקלעך צייכענען זיך אויס די אָדערן. די אַדורכגעמאַכטע שווערע 10 יאָר קאַטאָרגע־לאַגער האָבן געלאָזט טיפע שפּורן...

לאה הויבט אָן נייען אויף דער מאַשין. זי דרייט דאָס רעדל פון דער האַנט־מאַשינדל און פאַר אירע אויגן הייבן זיך אָן דרייען



לאה — פֿאַר דער רעהאַביליטאַציע (1955)

בילדער פון דער נישט־וויטער פאַרגאַנגענהייט. פון אייגענעם אַדורכגעמאַכטן לעבן. אָפּגעריסענע בילדער שווימען פאַר אירע אויגן, ווי בלעטער פון איר אייגענעם, נאָך נישט אָנגעשריבענעם לעבנס־בוך. דערינערונגען פון אַ פאַרגאַנגענער יוגנט, פון אַ צעטראָטן לעבן, פון אומשולדיק אַדורכגעמאַכטע ליידן און פּיין, וועלכע ס׳דערמאָנט דאָס ניי־מאַשינדל, וואָס איז געקויפט געוואָרן פאַרן געלט פון דער רעהאַביליטאַציע...



לאה דערמאָנט זיך וואָס פאַראַ שווער לעבן זי האָט אַדורכגעמאַכט פאַר די לעצטע 18 יאָר, פון זיי 10 יאָר אַרבעטס־לאַגער און דערנאָך די אַכט יאָר נאָך דער באַפרייאונג ביז דער רעהאַביליטאַציע:

21 נאָוועמבער 1937 — דאָס איז געווען דער שוואַרצער טאָג פון אַרעסט אין ביראָבידזשאַן. לאה איז דאַן אַלט געווען 26 יאָר. זי איז שוין געווען אַביסל צו אַלט צו זיין אַ שילערין אין פּעדאַגאָגישן טעכני־קום אין ביראָבידזשאַן, נאָר דער חשק צום לערנען איז געווען גרויס. אין פּוילן האָט זי נישט געהאַט קיין מאַטעריעלע מעגלעכקייטן זיך צו לערנען אין שול, זיך געלערנט אויף אָוונט־קורסן נאָך דער אַרבעט. זי האָט געחלומט יונג אָנהייבן פאַרדינען, גיין אַרבעטן.

זי איז געוואָרן אַ מיטגליד פון קאָמוניסטישן פּראָפעסיאָנעלן פאַריין, גיך געוואָרן אַ רעוואָלוציאָנערין: באַזוכט פּאָליטישע קרייזן, געלאָפן אויף דעמאָנסטראַציעס, מאַסאָווקעס. מיטן גאַנצן יוגנטלעכן ברען האָט זי זיך אַריינגעוואָרפן אין קאַמף „איבערצומאַכן די וועלט”. דערנאָך איז זי געלאָפן דורך דער פּויליש־סאָוויעטישער גרענעץ קיין סאָוויעט־רוס־לאַנד אין סוף 1932, ווי פיל אַנדערע אירס גליכן, צו דער שיין „אַי־בערגעמאַכטער וועלט”, זעענדיק אין דעם אַן אויסוועג, אַ ציל, זעענדיק אין דעם אַ ליכטיקע צוקונפט, אַ גליקלעך לעבן...

זי איז אַדורכגעגאַנגען אין ראַטנפאַרבאַנד, גלייך נאָכן אַריבערגיין די גרענעץ, שבעה מדורי גיהנום: אַרעסטירט ביי דער גרענעץ, דריי חדשים אין מינסקער תפיסה, אַ קנאַפּ יאָר אין סאַראַטאָווער לאַגער פאַר „פּערעבעזשטשיקעס” (איבערלויפערס), ווו פיל פון אירע נאָענטע חברים און חברטעס זענען דאָרטן אויסגעגאַנגען. ס׳איז פאַר זיי געווען דער לעצטער וועג... אויך איז לאה געווען 3 יאָר אויף פאַרשיקונג אין מאַגניטאָגאָרסק, אויף אוראַל.

ווי גרויס איז געווען די פרייד, דאָס גליק אין סוף 1936, ווען זי האָט באַקומען די סאָוויעטישע בירגערשאַפט אין מאַגניטאָגאָרסקער קלוב.

לאה האָט דאַן געטראַכט:

איצטער האָט די סאָוויעטישע מאַכט צו מיר צוטרוי, כ'בין שוין אַ גלייכבאַרעכטיקטער בירגער! כ'דאַרף זיך מער נישט מעלדן אין דער מיליץ יעדן חודש, ווי פריער, ווען כ'בין געווען אַ פאַרשיקטע. כ'קען ווינען ווו נאָר כ'וויל!



לאה איז געפאָרן קיין בירא־בידזשאַן, געוואָרן אַ סטודענטקע אין ידישן פעדאַגאָגישן טעכניקום. ס'האָט זיך אָנגעהויבן פאַר איר אַ ניי לעבן: ווידער אויף דער שול־באַנק וואָס זי האָט אַזוי יונג פאַרלאָזט אין פוילן צוליבן פעלן פון מאַטעריעלע מעגלעכקייטן. פרייד פון לערנען, כאָטש נישט שטענדיק זאַט, נאָר דער ווילן צו בילדונג איז געווען גרויס, עפּעס צו דערגרייכן אין לעבן!... אַזוי איז עס געווען ביזן טאָג פון אַרעסט.

דאַן איז געוואָרן איבערגעריסן דער פאָדים פון סטודענטן־לעבן אין טעכניקום, אַ לעבן פון לערנען, האָפענונגען, גוטע פערספעקטיוון אויף דער צוקונפט!

ס'האָט זיך אָנגעהויבן ביי איר אַ ניי „משונהדיק לעבן": אַרעסט, אויספאָרשונג, 10 לאַנגע יאָרן אַרבעטס־לאַגער...

פון בירא־בידזשאַן זענען אַלע אַרעסטירטע געפירט געוואָרן אין דער כאַבאַראָווסקער תפיסה. די אויספאָרשונג האָט געדויערט ביי דריי חדשים. לאַנגע, אומדערטרעגלעכע, אויסמאַטערנדיקע חדשים.

לאה דערמאָנט זיך, ווען זי איז געווען אויף אַן אויספאָרשונג אין וואַרשעווער אויספאָרשונגס־אַמט, אין דער דעפּענסיווע אין 1931־טן יאָר. דאַן איז זי באמת געווען שולדיק, זי איז אַרעסטירט געוואָרן אויף אַן אַנטי־מלוכהשער דעמאָנסטראַציע. מ'האָט זי דאָרטן געהאַלטן צוויי טעג. זי איז געוואָרן אויסגעפרעגט, מ'האָט אויף איר אָנגעשריגן, זי האָט אויך געקריגן אַ פּאָר קלעפּ און צוליב „מאַנגל אין באַווייזן" איז זי געוואָרן באַפרייט. דאָ אָבער, אין דער כאַבאַראָווסקער תפיסה, הערט זי בעת דער אויספאָרשונג אַזעלכע משונהדיקע באַשולדיקונגען, אַז זי איז נאָר אַ פּוילישער שפּיאָן, אַ קאָנטער־רעוואָלוציאָנערקע. די אויספאָרשער פאָדערן מיט ברוטאַליטעט און דראָאונגען זי זאָל אונטערשרייבן דעם באַשולדיקונגס־אַקט.

קומענדיק אין דער געביידע פון דער נ.ק.וו.ד., ווו די אויספאָרשונג איז פאָרגעקומען האָט איר ארומגעכאַפּט אַ גרויסע שרעק הערנדיק פון קאַבינעטן פון די אויספאָרשערס די געשרייען פון די געפּייניקטע אַרעס־טירטע, וואָס זענען געצוווּנגען געוואָרן מיט קלעפּ אונטערצושרייבן

די באַשולדיקונגס־אַקטן. ווי פון אַ שעכטס־הויז האָבן זיך געטראָגן קולות סיי פון מענער און סיי פון פרויען.

לאה האָט געהערט פון אויספאָרשער די ערגסטע, שרעקלעכסטע זידלעריקען, פון וועלכע נישט נאָר דאָס פּנים איז רויט געוואָרן, נאָר דער גאַנצער גוף ביז די פּיאַטעס האָט אויפגעציטערט:

— סטערווע, הערצייל וועגן דייך שפּיאָנישע אַרבעט פאַר דער פּוילישער רעגירונג! — האָט דער אויספאָרשער געשריגן און אַרויסגעכאַפּט זיך רעוואָלווער — שוין שרייב אונטער דעם באַשול־קונגס־אַקט!

— כ׳בין נישט קיין שפּיאָנקע, כ׳בין אַן אַרבעטערין געווען אין פּוילן און געקומען אַהער בויען דעם סאָציאַליזם. — ענטפערט לאה.

זי באַקומט אַ שטאַרקן קלאַפּ מיטן רעוואָלווער און פאַלט אויף דער ערד.

— דו וועסט צעבינדן דיין צונג, סטערווע — שרייט דער אויס־פאָרשער — כ׳וועל דיך דערהרגענען אויפן אָרט!

אַ צעבלוטיקטע, אַ צעשלאָגענע ווערט זי געבראַכט צוריק אין דער עיפּושדיקער, ענגער תפיסה־קאַמער.

ס׳האָט איר נאָר באַרואיקט דער געפיל פון זעלבסטווירדע, אַז נישט קוקנדיק אויף די דראָאונגען און קלעפּ האָט זי אויף זיך נישט אונטערגעשריבן קיין פאַלשע באַשולדיקונגען, קיין בלבולים. זי האָט געהאָפט, אַז זי וועט ווערן באַפרייט, ווייל זי האָט דאָך געוווּסט, אַז זי איז אינגאַנצן אומשולדיק.

די אַלט־געזעסענע אין קאַמער, צו 2־3 חדשים, די מער־דערפאַ־רענע האָבן אָבער פאָרויסגעזאָגט, אַז אויפן „חסד״ פון די אויספאָרשערס איז נישטאָ וואָס צו האָפן, סיי־ווי־סיי וועלן זיי פאַרמשפּטן. ווי ס׳האָט זיך שפּעטער אַרויסגעוויזן זענען זיי געווען גערעכט...

דעם 4־טן פעברואַר 1938, די שוואַרצע, שרעקלעכע דאַטע האָט זיך גוט איינגעקריצט אין לאהס זכרון, ווען מען האָט איר אַרויסגע־פירט פון תפיסה־קאַמער אין קאַנטאָר.

מ׳האָט איר געגעבן אונטערצושרייבן אַ פּשוט קאַרטל, ווי אַ פּאָסט־קאַרטל, וווּ ס׳איז געווען אָפּגעדרוקט: „אויפן סמך פון באַשלוס פון דער „אָסאָבאָיע סאָוויעשטשאַניע״ (ספּעציעלע פאַרזאַמלונג) פון דער נ.ק.וו.ד., צו פאַרשליסן לאה גלאַזמאַן אויף 10 יאָר אויסבעסערונגס־לאַגער פאַר ק.ר.ד. (קאָנטער־רעוואָלוציאָנערער טעטיקייט)״ — גע־משפּט, פאַרשלאָסן אויף 10 יאָר! אָן שום געריכט...

לאה גלאַזמאַן האָט אויפגעהערט עקזיסטירן; זי איז געוואָרן אַ נומער פון אַ פאַרמולאַר נומער 13846, א „קאָנטריק״ — אַ קאָנטער־רעוואָלוציאָנער.

...אין פאַרקראַטעוועטע, „סטאָליפּינסקי" וואַגאָנעס (ביים צאַר האָט מען אויך אין אַזעלכע וואַגאָנעס געפירט אַרעסטאַנטן), מיט אַ פּילצאַליקן „קאָנוואָי" (באַוואָפנטע וואַך) האָט מען די נייע זעק־קא (פאַרשלאָסענע) געפירט פון תפיסה אין קאַטאָרגע־לאַגער.

לאַנג האָט זיך געצויגן דער וועג. אויף יעדער סטאַנציע האָט מען, די אַרעסטאַנטסקע וואַגאָנעס, געשטעלט אויף אַ ווינקל־ליניע (טופּיק) אַדורכצולאָזן די רעגולערע צוגן.

...דערשעפּטע, פאַרשמאַכטע פון איבער דריי וואָכן זיך שלעפּן אין וועג, אין עטאַפּ, איבערן גרויסן לאַנד — פון כאַבאַראָווסק ביזן וויטן אין קאַלטן סיביר, איז שוין פאַר די דורשטיקע און הונגעריקע — די לעצטע סטאַנציע, דער קאַנסקער לאַגער נ.ק.וו.ד. — געווען אַן „אויסלייזונג".



די 10 יאָר לאַגער, די נישט־פאַרדינטע שטראָף, זענען געווען פאַר לאַהן אַ שווערע צייט פון ליידן, פּיין און דערנידערונגען:

— אַ „קאָנטריק", אַ קאָנטער־רעוואָלוציאָנערקע, די ערגסטע פון די ערגסטע, אַפילו צווישן די אַנדערע פאַרשלאָסענע, ווי די גנבטעס, באַנדיטקעס און פּראָסטיטוטקעס. פאַרקערט — זיי, די קרימינעלע, די „ביטאָוויטשקעס", זענען געווען די פּריווילעגירטע און געוואָרן אויס־גענוצט אויף בעסערע אַרבעטן און אויך געווען די אָנפירערינס. די אַרבעט איז געווען אַ שווערע, נישט רעכענענדיק זיך צי דאָס קענען פרויען אויספירן, צי נישט? ס'איז געווען „גלייכבאַרעכטיקונג" — שוואַכע פרויען האָבן געאַרבעט, האָבן געמוזט אַרבעטן אויך אויף שווערע אַרבעטן, וואָס נאָרמאַל האָבן דאָס אויסגעפירט מענער. די לאַגער־אָנפירערשאַפט האָט געהאַט פּלענער און אַלע זעק־קא, סיי מענער סיי פרויען האָבן געמוזט די פּלענער אויספירן.

אַלע האָבן מיר געאַרבעט שווער, נאָר ס'איז געווען פשוט אַ רחמנות אויף די כינעזישע פרויען (דוכט זיך, אַז מ'האָט זיי געבראַכט פון דער כינעזיש־מאַנדזשורישער אייזנבאַן, פונוואַנען די סאָוויעטן האָבן זיך דאַן אַרויסגעצויגן). דער סיבירער קלימאַט מיט די גרויסע פרעסט איז געווען פאַר זיי זייער שווער איבערצוטראָגן און דערפירט צו אַ גרויסע שטערבלעכקייט. אַ חוץ דעם האָבן די כינעזישע פרויען שטאַרק געליטן צוליב זייערע קליינע, פאַרקריפּלטע פיסעלעך, ווייל אין דער קינדהייט, ווי ס'איז געווען איינגעפירט ביי די כינעזישע פרויען, האָט מען זיי אַנגעטאָן קליינע שיכעלעך, אַז זייערע פיס זאָלן נישט וואַקסן. האָט מען דאָ אין לאַגער זיי געצוווּנגען צו שלעפּן אייזנבאַן־

שפּאַלעס איבער טראָפּן (אַזעלכע ברעטער, וואָס דינען צו גרוזעווען וואַגאָנעס) און די שוואַרצע, דיקע שפּאַלעס גרוזעווען אין די וואַגאָנעס. די כינעזישע פּרויען האָבן זיך געוואַקלט אונטער דער גרויסער משא און זיך קוים געהאַלטן אויף זייערע פיסעלעך. זיי זענען אָפט געפאַלן און דערצו נאָך באַקומען זידלערייען און אויך קלעפּ פון דער ברי־גאַדירשע, אָדער „קאָנוואָי".

די פּרויען־אַרבעט איז מערסטנס באַשטאַנען פון גראָבן די סיבּיר־קער פאַרפרוירענע ערד, שלעפּן די שווערע שפּאַלעס, אָדער רעלסן ביים בויען די אייזנבאַן, אָדער די גרוזעווען אין וואַגאָנעס, אויך אַר־בעטן אין וואַלד ביים העקן ביימער. די שווערע אַרבעט און דערצו נאָך אויפן פראָסט אויך דאָס אָנטועכץ איז געווען אַ נעבעכדיקס עס זאָל קענען שיצן דעם קערפּער פון דער אָנגרייפנדיקער קעלט. אַ חוץ דעם האָט דערקוטשעט דער אומאויפהערלעכער נאָגנדיקער הונגער. אין אָוונט, נאָך אַ שווערן אַרבעטס־טאָג ווערט די בריגאַדע געפירט מיט אַ „קאָנוואָי" צוריק „אַהיים", אין לאַגער אַריין. ס׳טרעפט, אַז די בריגאַדע גייט אַדורך, ספּעציעל האַרבסט־צייט, אויפן וועג צום לאַגער, נאָענט פון פעלדער. ס׳ווינקען די ריפע הייפּטלעך קרויט נעבן וועג. ס׳שפּאַנען אַ גרופּע אויסגעדאַרטע, אויסגעהונגערטע אַרעסטאַנטקעס אין שמאַטעס געקליידט, ווי שאָטנס פון מענטשן, שטרענג באַוואַכטע. ס׳הילכן אין דער לופט די אָפטע געשרייען פון די באַוואָפנטע וועכטער:

— „פּאַטיאַניס"! (זיך אונטערציִען, אויסגלייכן די רייען!) האַלטן גלייך די רייען! ס׳גייט אַ פּרויען־בריגאַדע. אַ גרופּע הונגעריקע פּרויען און נישט ווייט נעבן שליאַך אויף די פעלדער וואַקסט דאָך שפּייז, קרויט, נאָר די האַנט אויסצושטרעקן. ביי יעדווערער עקבערט אין גע־דאַנק די וואָרענונג פון דער באַוואָפנטער וואַך יעדן אינדערפרי: „אַ טריט אויף רעכטס, אַ טריט אויף לינקס, ווערט פאַררעכנט, ווי אַ „פּאָ־ביעג" (אַ פּרוּוו צו אַנטלויפן) און געווער ווערט אָנגעווענדט אָן שום וואָרענונג". דער הונגער נאָגט אונטערן האַרצן. ס׳ברענט דער ווילן צו געבן אַ כאַפּ אויף דער גיך אַ הייפּל קרויט פון פעלד ביים וועג צו שטילן אַ ביסל דעם הונגער.

אפשר פּרובירן דאָס טאָן? דער „סטרעלאָק" קען דאָך נאָכשיסן? און אפשר וועט ער פאַר אַזאַ זאַך נישט שיסן? אפשר וועל איך דאָס מאַכן אַזוי גיך און ער וועט נישט באַמערקן? נישט יעדערער קען זיך באַהערשן, בייקומען דעם יצר־הרע און ציִענדיק זיך נאָכן הייפּל קרויט, הילכט גלייך אַף אַ שאָס פון דער וואַך און איין אַרעסטאַנטקע פאַלט אַוועק...

קומענדיק אין לאַגער באַקומט לאה די „פּייקע" ברויט, לויטן פּראָ־

צענט פון דער נעכטיקער אויסאַרבעטונג און אויך דאָס ביסל זופּ, אַ שמוציקע פליסיקייט, זעלטן מ׳געפינט דאָרטן אַ שטיקל קאַרטאָפל, דאָס איז שוין אַ גאַנץ גליק. דערפון ווערט דאָך דער הונגער נישט געשטילט.



ס׳קומט די אַרעסטאַנטסקע נאַכט. נישט יעדע נאַכט לאָזן זיי שלאָפן. אַלע באַשלוסן פון דער לאַגערנער אָנפירערשאַפט ווערן אַדורכגעפירט ביינאַכט. דאַן, אין דער נאַכט־צייט ווערן אַדורכגעפירט איבערגרופּירונ־גען פון די בריגאַדעס, עטאַפּן אין אַנדערע לאַגערן און אויך „אַביסקן" (רעוויזיעס). ספּעציעל קומט דאָס פאָר ערב די מלוכהשע יום־טובים, ווי דער 1־טער מאַי, טאָג פון דער אָקטאָבער־רעוואָלוציע און אַנדערע יום־טובים.

די פּראָצעדור איז פאָלגנדע: ס׳פאַלט אַריין אין באַראַק אַ גרופּע מיליטעריש־געקליידטע, באַוואָפנטע מענער און פרויען מיט אַ געשריי און בהלה:

— נישט רירן זיך פון אָרט, „אַביסק"!

דער באַראַק איז באַוואַכט פון אינעווייניק און אויסנווייניק. מען טרייבט די אַרעסטאַנטקעס אַראָפּ פון די צוויי־גאָרנדיקע נאַרעס אין קאָרידאָר אַריין, וווּ זיי ווערן באַוואַכט.

אין דעם וווינונגס־צימער הייבט זיך אָן דער „שמאָן" (זוכונג). אַלע שטרוי־מאַטראַצן ווערן איבערגעטרייסלט, די שטרויענע קישעלעך, אַלץ, אַלץ... די אַרעסטאַנטקעס שטייען הערדוויל, אין ליכטער אונ־טערוועש אין קאָרידאָר און וואַרטן ביז דאָרטן וועט זיך ענדיקן די רעוויזיע. דערנאָך הייבט זיך אָן אַ פּערזענלעכע באַזוכונג פון יעדער אַרעסטאַנטקע. יעדע נאָענט אינעם העמד אפילו ווערט אַדורכגעטאַפּט, אַדורכגעטרייסלט...

לאה פילט, אַז די הענט, די זוכנדיקע לאַפּעס זיכערע, דערגרייכן פיל טיפער ווי צום לייב, זיי דערגרייכן ביז דער נשמה. וויפל דערנידעריקונג! זי פילט זיך אַ באַשפּיגענע, אַ צעטראָטענע. זי פילט איר נישטי־קייט, איר הילפלאָזיקייט... נאָכן ענדיקן דעם „אַביסק" קענען שוין די זע־קאַ זיך לייגן שלאָפן, כאָטש ס׳איז געבליבן ווייניק צייט ביזן אויפשטיין. לאה׳ס קערפער איז מיד סיי פון שווערן אַרבעטס־טאָג ווי אויך פון „אַביסק", נאָר דער שלאָף קומט נישט. דער ווייטאָג, די דערנידעריקונג ברענט דעם גאַנצן לייב. פון יעדע צערירונג פון די זוכנדיקע הענט בשעתן „אַביסק" איז, דוכט זיך, איר געבליבן אַ סימן, אַ צייכן, ווי אַ שרץ וואָלט נאָך איצטער געקראָכן איבערן לייב... דאָס הייסט ביי זיי „בדיטעלנאָסטש", וואַכזאַמקייט.

נאָר בעסער איז זיך נישט אַרײַנטראַכטן, דאָס װעט צו קיין גוטס נישט ברענגען. זי װערט גלייכגילטיק צו זיך, צו יענעם, צו אַלעמען...

נאָענטע, באַקאַנטע גייען טאָג־טעגלעך אַװעק פֿון אָט דער שרעקלעכער װעלט צוליב הונגער, פּיין און אויסשעפּונג. ערשט נעכטן איז אַ חברטע געשטאָרבן, אויסגעגאַנגען װי אַ הינדל. יענע װאָך אויך, אַ חודש צוריק אויך. ס'װערט אַלץ װייניקער פֿרײַנד. לאה האָט נישט איינמאָל געטראַכט װעגן באַגיין זעלבסטמאָרד. װאָס איז דען װערט אַזאַ הינטיש לעבן? פֿון דער אַנדערער זײַט אָבער װילט זיך פֿאָרט לעבן, איבערלעבן, זי איז נאָך אַזוי יונג, אַזוי װייניק נאָך געלעבט... צי װעט זי, לאה, קענען אויסהאַלטן, אַדורכלעבן אַזעלכע 10 יאָר מאַטערנישן?...

...לאה'ס געזונט אין לאַגער װערט אַלץ ערגער און ערגער פֿון טאָג צו טאָג, פֿון יאָר צו יאָר. דער קערפּער, אַן אויסגעשעפּטער, אויסגעמאַטערטער פֿון הונגער און לײַדן, אַדורכגעפֿרוירענער פֿון די סיבירער פֿראָסטן, װערט אומפֿעאיק זיך קעגנצושטעלן די אָנגריפֿנדע קראַנקהייטן.

לאה װערט אינגאַנצן אָפּגעשװאַכט, קען קוים שלעפּן די פֿיס און הייבט אָן צו גיין צו די לאַגער־דאָקטוירים, שטייט אין די לאַנגע רייען אין דער אַמבולאַטאָריע. מ'פֿירט איר איבער אויף לײַכטערע אַרבעט. מ'לאָזט נישט אַזוי לײַכט שטאַרבן און מ'גיט נישט קיין מעגלעכקייטן צו לעבן. זיי דאַרפֿן דאָך די אַרבעטס־קראַפֿט... אַזוי געפֿינט זי זיך צװישן לעבן און טויט.

איר חברטע אויף דער נאַרע חנה שקלאָװער, אויך פֿון ביראָבידזשאַן, װיינט כמעט יעדן טאָג. דאָס האַרץ גייט איר אויס פֿון בענקשאַפֿט נאָך איר קליין זונעלע, חיימ'קע, ר'איז נאָך קיין יאָר נישט אַלט געװען, װען די ענקאַװעדיסטן האָבן אים, מיט ברוטאַליטעט, אַרויסגעריסן פֿון אירע הענט! װוּ איז ער איצטער, איר טײַער זונעלע? װעט זי אים נאָכאַמאָל אין לעבן זען?...

...לאַנג, זייער לאַנג האָבן זיך געצויגן, דוכט זיך אַן אייביקייט, די 10 יאָר קאַטאָרגע־לאַגער. גאַנצע יאָרן לויפֿן שנעל אַדורך...

צו אַלעם אָבער קומט א סוף, אויב דער טויט קומט נישט פֿריער. אפשר איינע פֿון טויזנטער אָדער צענער־טויזנטער האָט לאה באַזיגט דעם מלאך־המות, כאָטש זי האָט אים נישט איינמאָל געקוקט אין די אויגן אַרײַן... זי האָט פֿאַרלוירן פֿיל געזונט, געװאָרן שטאַרק נערװעז, באַקומען אַ האַרץ־קראַנקהייט. איר האָט „אָפּגעגליקט", זי איז פֿאָרט געבליבן לעבן, כאָטש פֿיל פֿון אירע חברטעס זענען אומגעקומען...

דעם 21־טן נאָוועמבער 1947, נאָך 10 יאָר אָפּקומען דעם נישט־פאַרדינטן אורטייל איז געקומען די באַפרייאונג פון לאַגער.



לאה איז באַפרייט געוואָרן פון לאַגער, באַפרייט פון „קאָנוואָי״, פון שטעכיקע דראָטן־פאַרצוימונגען, פון די ׳נאַראַטשיקעס,׳ קאָמענדאַנטן פון לאַגער, אָבער זי איז געווען ווייט פון דער פרייהייט, אפילו פון די רעכטן וואָס ס׳האָט אַ סאָוויעטישער בירגער, ווי דער הימל צו דער ערד. זי האָט באַקומען אַ פּאַספּאָרט מיט דעם פּאַראַגראַף „39״ מיט באַגרענעצונגען, ווי אַ געוועזענע „קאָנטריק״. זי האָט געהאַט רעכט צו וווינען נאָר אויפן 101־טן קלם. פון אַ שטאָט אָדער ראַיאָן־צענטער און אַרבעטן נאָר אויף שוואַרצע אַרבעט.׳ אן אויסגעהונגערטע, נאָך דער באַפרייאונג פון לאַגער, ווו איר חלום אין לעבן איז געווען דאָס עסן, זיך אָפּצועסן צו דער זעט, האָט זי אויף דער פריי, נאָכן אָפּשטיין אין אַ גרויסער ריי, באַקומען אַ ביסל מעל און מער פון אַ חודש צייט איז איר בעסטע, געשמאַקסטע שפּייז געווען „גאַלושקעס״ (שטיקלעך טייג, געקאָכטע אין וואַסער). אין דעם האָט זי געפילט אַ גוואַלדיקע הנאה און זאַטקייט.

האָבן זיך אָנגעהויבן פאַר לאהן אויף דער פריי נייע מאַטערנישן... נאָך לאַנגע זוכענישן האָט זי באַקומען אַרבעט אַלס ׳סטרוזש׳ (וועכטער), צו היטן בוי־מאַטעריאַלן. דער קליינער געהאַלט האָט קוים געקלעקט אויפן מאָגערן עסן. עפּעס אַ קליידל האָט זי דאָך אויך געדאַרפט, האָט זי דאָס גענייט אויף דער האַנט, אָדער אויף דער שכנהס ניי־מאַשין. אַזוי איז געווען ביז היינט. איצטער האָט זי פאַרן געלט פון דער רעהאַביליטאַציע זיך געקויפט אַן אייגענע ניי־מאַשין.

אין לאַגער האָט זי פיל מאָל געשריבן ביטעס וועגן באַגנעדיקן, באַפרייען און שטענדיק האָט זי באַקומען אן אָפּזאָג.

אין 1957, אַכצן יאָר נאָכן אַרעסטירט ווערן איז אָנגעקומען דאָס פּאַפּירל, אַז זי איז געוואָרן רעהאַביליטירט, ווייל די „באַשולדיקונג איז אָן אַ גרונט״, קורץ און פּראָסט: די באַשולדיקונג, וואָס איז אָן אַ גרונט האָט איר געקאָסט 10 יאָר לעבן אין די שרעקלעכסטע באַדינגונגען פון סיבירער לאַגער, ס׳האָט איר געקאָסט 10 יאָר בליענדיקע יוגנט, ס׳האָט געקענט קאָסטן איר לעבן, ס׳האָט גאָר ווייניק געפעלט... לאה איז איצטער פולקאָם רעהאַביליטירט און זי האָט באַקומען קאָמפּענסאַציע פאַר די דורכגעמאַכטע 10 יאָר ליידן אַ סומע פון 600 רובל, אַקוראַט וויפל זי האָט באַדאַרפט באַצאָלן פאַרן ניי־מאַשינדל. צי איז דען אָט די

קאָמפּענסאַציע אַ גענוגנדיקע, פּראָפּאָרציאָנעל צו די לײדן פֿון זײַן 10 יאָר אַן אַרעסטאַנטקע? צי קען בכלל זײַן אַ קאָמפּענסאַציע פֿאַר פֿאַרלוירענע 10 יאָר בליענדע יוגנט־יאָרן?...

...דרייענדיק דאָס רעדל פֿון דער ניי־מאַשין, דרייען זיך פֿאַר אירע אויגן בילדער פֿון דער נישט־ווייטער פֿאַרגאַנגענהייט, פֿון איינגענעם אַדורכגעמאַכטן לעבן, בילדער פֿון אַ פֿאַרגאַנגענער יוגנט, פֿון אַ צעטראָטן לעבן, אין וועלכן ס'דערמאָנט די ניי־מאַשין, געקויפּטע פֿאַרן געולט פֿון דער רעהאַביליטאַציע...

# פאָטאָגראַפיעס דערמאָנען...

## (לאהם זכרונות)

ס'ליגט פאַר מיר מיין פאַמיליע־אַלבום. דוכט זיך פשוטע פאָטאָ־גראַפיעס פון אונדזערע טייערע עלטערן, שוועסטער, ברידער און משפחה. פאָטאָגראַפיעס פון דער יוגנט און יוגנט־חברים. אָבער ווי פיל די פאָטאָגראַפיעס קאָנען דערציילן!... די פריינד מיינע, וועלכע קענען אַביסל מיין לעבנסוועג, וווּנדערן זיך, באַטראַכטנדיק דעם פאַ־מיליען־אַלבאָם:

— ווי אַזוי האָבן זיי זיך אויפגעהיט און געבליבן גאַנץ די פאָטאָ־גראַפיעס? באַקענענדיק זיך מיט מיין לעבנס־וועג אין סאָוויעט־רוס־לאַנד, איז טאַקע נישט קיין קליינער וווּנדער און א זעלטנהייט, וואָס איך, אַ שוואַכע פרוי, בין געבליבן לעבן, נאָך אַזויפיל גלגולים. איך האָב אַדורכגעמאַכט דאָרטן א לעבן פול מיט געפאַרן און ליידן: תפיסות, קאָנצענטראַציע־לאַגערן, פאַרשיקונג אין סאָוויעטישן „גן־עדן״.

נאָר איינצלנע פון טויזנטער און אפשר פון צענער טויזנטער, וואָס האָבן אַזאַ וועג אַדורכגעמאַכט זענען געבליבן גאַנץ, זענען געבליבן לעבן. צווישן די ווייניקע, וואָס האָבן אַדורכגעלעבט האָב איך זיך אויך געפונען.

— און די פאָטאָגראַפיעס? ווי אַזוי האָבן זיי זיך אָפּגעהיט? ווי איז געווען זייער לעבנס־וועג?

דאָס איז אַ גאַנצע געשיכטע, וואָס איז ווערט דערציילט צו ווערן:

ס'האָט אַזוי פּאַסירט, אַז בעת דער רעוויזיע אין צוזאַמענוווינונג פון בירעבידזשאַנער טעכניקום, וואָס די נ.ק.וו.ד. האָט אַדורכגעפירט ביי מיין אַרעסטירט ווערן, זענען די פאָטאָגראַפיעס נישט געווען אַנוועזנד״. זיי האָבן זיך געפונען אין אַ צווייטן צימער ביי מיינער אַ חברטע, וואָס האָט זיי גענומען צום באַקוקן. נאָר אַ דאַנק דעם זענען די

פּאַטאָס נישט אַריינגעפאַלן אין זייערע זוכנדיקע לאַפּעס. אַנדערש וואָלטן די אויך געוואָרן קאָנפיסקירט, ווי מיינע דאָקומענטן און אַנדערע פּאַפּירן. דער „אָביסק" ביי מיר איז אַדורך גיך, נישט געזען וואָס צו זוכן. וואָס האָט מען דער געקענט געפינען ביי מיר, אַ סטודענטקע, וואָס איז ערשט מיט דריי חדשים צוריק געקומען אין ביראָבידזשאַנער פּעדאַגאָגישן טעכניקום?...

דאָס איז געווען דאָס גרויזאַמע יאָר 1937. כ'בין אַנטלאָפן פון מאַגניטאָגאָרסק, ווו די ערד האָט שוין געברענט אונטער מיינע פיס. פיל באַקאַנטע, חברים און חברטעס, אויך געוועזענע אויסלענדער, זענען אַרעסטירט געוואָרן און איך האָב געפילט, אַז די מגפה, אין דער געשטאַלט פון דער נ.ק.וו.ד., דערנענטערט זיך צו מיר. איך בין באַפרייט געוואָרן פון דער אַרבעט אין מאַגניטאָגאָרסק פאַר „נישט האַלטן ריין דעם אַרבעטס־פּלאַץ" (געפונען אַ תירוץ) און כ'בין שוין געווען אַ קאַנדידאַט אַרעסטירט צו ווערן. האָב איך געמיינט, אַז אין ביראָבידזשאַן וועל איך זיך ראַטעווען. קיין ביראָבידזשאַן איז אַוועקגעפאָרן מיין מאַן מיט אַ יאָר פריער, אין 1936. ער האָט פריער באַקומען סאָוויעטישע בירגערשאַפט, האָבן מיר ביידע געוווינט אין דער צוזאַמענוווינונג פון טעכניקום. ער אין דער מענער־צוזאַמענוווינונג און איך — מיט די פרויען. מיר האָבן געוואַרט אויף דער צוגעזאָגטער באַזונדערער דירה. אָבער אַהער האָט אויך געטראָפן — די נ.ק.וו.ד........ ביים אַרעסט האָבן די ענקאַוועדיסטן דערקלערט, אַז זיי אַרעסטירן מיך נישט אויף לאַנג, זיי וועלן נאָר אויפקלערן, אויספאָרשן און איך וועל גאָר גיך באַפרייט ווערן. מיינע זאַכן האָב איך מיט זיך נישט גענומען. איך בין טאַקע „גיך" באַפרייט געוואָרן — סך־הכל נאָך 10 יאָר שקלאַפן־אַרבעט אין קאָנצענטראַציע־לאַגער.

אַ יאָר שפּעטער נאָכן אַרעסט, שוין זייענדיק אין לאַגער אין ווייטן סיביר, באַקום איך אַ מעלדונג, אַז איך דאַרף קומען אין דער אַדמיניסטראַציע נאָך אַ פּעקל. אַנדערע, וואָס האָבן איבערגעלאָזט אויף דער פריי עלטערן, משפחה, פלעגן באַקומען פּעקלעך מיט שפּייז, טיילמאָל מיט וואַרעמע זאַכן, וואָס זענען געווען אַזוי נייטיק אין די סיבירער קעלטן.

— פון וועמען קען איך דען קריגן אַ פּעקל? — האָב איך געטראַכט. מיינע עלטערן, שוועסטער, ברידער און משפּחה זענען דאָך אין פּוילן. דערפאַר האָב איך דאָך באַקומען 10 יאָר, ווייל כ'בין פון אויסלאַנד. מיין מאַן, וואָס האָט מיט מיר צוזאַמען געשוואַרצט די גרענעץ איז דאָך אויך אין לאַגער, אין אַן אַנדערן לאַגער. אין איין אָוונט זענען מיר געוואָרן אַרעסטירט און אין איין עשאַלאָן געפאָרן.

דער געדאַנק האָט מיך געמאַטערט אַ גאַנצן טאָג ביי דער אַרבעט:



לאה׳ס עלטערן און ברודער ע״ה
אומגעבראַכטע דורך די נאַצים י״ש אין וואַרשעווער געטאָ

— פֿון וועמען קען זײַן דאָס פּעקל?

קוים זיך דערוואָרט אויפֿן אָוונט, בין איך גלײַך אַוועק אין דער לאַגער־אַדמיניסטראַציע און באַקומען דאָס פּעקל. מיט ציטערדיקע הענט האָב איך דאָס צעפּאַקט, ס'האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז דאָס זענען געווען מײַנע פּערזענלעכע זאַכן, וואָס איך האָב איבערגעלאָזט אין טעכניקום ביים אַרעסט, האָפֿנדיק, אַז כ'וועל זיך גיך אומקערן, ווי די ענקאַוועדיסטן האָבן מיך פֿאַרזיכערט.

די זאַכן, מ'שטײַנס געזאָגט, האָבן מיך ווייניק געפֿרייט. עס האָט מיך גערירט די איבערגעגעבנקייט, די זאָרג פֿון די חברטעס פֿון טעכניקום. פֿאַר דעם יאָר, וואָס איך האָב אַדורכגעמאַכט: תּפֿיסה, „אויספֿאַרשונג", לאַגער, ווו כ'האָב נאָר געזען אַ חיהשע באַציאונג צו זיך, אויסגעהערט די העסלעכסטע זידלעריײַען פֿון די אויספֿאַרשערס, אַ קלאַפּ האָט מען אויך נישט געזשאַלעוועט; אויך נישט בעסער איז געווען די באַציאונג פֿון אונדזער לאַגער־אַדמיניסטראַציע און פֿון אונדזער „געזעלשאַפֿט", די גנבֿטעס און פּראָסטיטוטקעס, (אַ חוץ אונדזער גרופּע פּאָליטישע, וואָס האָבן זיך געהאַלטן צוזאַמען) איז אויך נישט געווען קיין בעסטע. האָב איך זיך שוין אָנגעהויבן אָפּגעוווינען פֿון אַ מענטשלעכע באַציאונג, פֿון זאָרג איינער פֿאַרן אַנדערן. מײַן אַרום איז געווען אַזוי פֿאַרגרעבט, פֿאַרדאָרבן, איז די זאָרג פֿון די חברטעס פֿון טעכניקום, וואָס האָבן מיר געשיקט די זאַכן איז געווען פֿאַר מיר, ווי אַ וואַרעמער דוש, וואָס פֿרישט אויף, וואָס דערמאָנט, אַז ערגעץ זענען נאָך דאָ מענטשן, וואָס זאָרגן איינער פֿאַרן אַנדערן, וואָס געדענקען נאָך אין מיר, כאָטש איך בין געשטעמפּלט געוואָרן, אומשולדיק, אַלס פֿאַרברעכערין, אַלס קאָנטער־רעוואָלוציאָנערקע.

עס האָט מיר אָפּגעגליקט: ערגעץ אין אַ מאַנטל־קעשענע איז געלעגן אײַנגעוויקלט אין פּאַפּיר אַ קלײן פּעקעלע. מיט ציטערדיקע הענט האָב איך עס צעוויקלט און דערזען — פֿאָטאָגראַפֿיעס, מײַנע פֿאָטאָגראַפֿיעס פֿון דער היים, פֿון פּוילן. איך האָב איבערגעציילט — 21 פֿאָטאָגראַפֿיעס.

די לאַגער־אַדמיניסטראַציע האָט מן־הסתּם, נישט געלייגט קיין אַכט אויף מײַן פּעקל מיט די אַלטע זאַכן און נישט געזוכט אין די קעשענעס. זיי, די נקודניקעס, וואָס זענען אַזעלכע ספּעציאַליסטן אויף זוכן, אויף נישטערן, אויף גריבלען זיך אין יענעמס קעשענעס, אין יענעמס שופֿלאָדער, אין יענעמס בעטגעוואַנט און אַפֿילו אין יענעמס מוח — זיי האָבן נישט דערטאַפּט דאָס פּעקעלע מיט די פֿאָטאָגראַפֿיעס...

כ'האָב זיך געפֿרייט מיט די פֿאָטאָס מער ווי מיט די זאַכן. כ'האָב מיט די פֿאָטאָס באַקומען 21 גרוסן פֿון יענער, פֿון דער אַנדערער



לאה (צוויטע ריי, דריטע פון רעכטס) אירע חברים, חברטע
(אין 1932)



מיין ברודער שלמה, שוועסטער חיה־עלקע, ברודער מאיר,
אומגעבראכטע דורך די נאַציס י״ש אין ווארשעווער געטאָ,
און מיין ברודער ישראל יבדל לחיים (אין פּאַריז)
אין 1932טן יאָר

וועלט, פון דער וועלט, ווען כ׳בין געווען יונג און פריי; ווען כ׳האָב געהאַט אַ טאַטן, אַ מאַמען, שוועסטערס, ברידערס, חברים, פריינד, וואָס קוקן איצט אַראָפּ פון די פּאָטאָס. 21 גרוסן פון דער צייט, ווען כ׳בין געווען אַ מענטש, נישט קיין דערנידעריקטער שקלאַף מיטן נאָמען קאָנטער־רעוואָלוציאָנערקע. און דאָס אַלץ האָבן „זיי" נישט דערטאַפּט. דאָס איז געווען מיין זיג, מיין גליק!

אָבער איצטער האָב איך געהאַט אַ נייע זאָרג: ווי אַזוי פאַרהיט מען די פּאָטאָס, זיי זאָלן נישט אַריינפאַלן אין די שמוציקע לאַפּעס פון דער לאַגער־אַדמיניסטראַציע? און דאָס איז געווען גאָרנישט קיין לייכטע אויפגאַבע.



די פּאָטאָס, איינגעוויקלטע אין דריי פּאַפּירן, טיף באַהאַלטענע אונטערן שטרוי־זאַק, אויף וועלכן איך בין געשלאָפן, זענען געוואָרן מיינע נאָענטסטע פריינד. מיינע בעסטע מינוטן אין לאַגער זענען געווען, ווען איך האָב געקוקט אויף די פּאָטאָס און זיי, די פּאָטאָס, האָבן געקוקט אויף מיר. אַ גאַנצן טאָג אויף דער שווערער שקלאַפן־אַרבעט אין וואַלד ביים זעגןביימער, קניענדיק אויפן שניי, אָדער אויף דער אייזנבאַן ביים לייגן רעלסן, אָדער ביים לאָדענען אויף וואַגאָנעס האָלץ, אָדער באַלאַסט (דאָס איז געווען די אַרבעט פאַר פרויען!), האָב איך געטראַכט וועגן מיינע פריינד, די פּאָטאָס, וואָס ליגן באַהאַלטן אין באַראַק.

צי זענען זיי גאַנץ? ווען די בריגאַדירשע, אָדער דער „פּראָראָב" (אַרבעטס־פירער) האָבן אונטערגעיאָגט ביי דער אַרבעט און געזידלט מיטן פעטן דריי־גאָרנדיקן „מאַט", האָב איך געטראַכט: זיי (אויף די פּאָטאָגראַפיעס) איז בעסער, זיי האָבן אַזעלכעס נישט אויסצושטיין...

אַהיימקומענדיק פון דער אַרבעט, אַ מידע, אַ הונגעריקע, איז מיין הויפּט־זאָרג געווען די פּאָטאָס. שטיל אין אַ ווינקל, פאַרבאָרגן פון די אַרומיקע אויגן, האָב איך צעוויקלט דאָס פּאַפּיר און באַקוקט די פּאָטאָס איינע נאָך די אַנדערע. כ׳האָב זיך דאַן דערמאָנט, אַז אַמאָל בין איך אויך געווען אַ מענטש מיט מענטשן גלייך און נישט קיין שקלאַף, ווי איצטער...

די פּאָטאָס פון מיין טאַטן מיט דער פּאַטריאַרכאַלער באָרד און דעם קליינעם יידישן היטעלע אויפן קאָפּ, מיט מיין מאַמען אין שייטל מיט אַ צניעותדיקע מינע אויפן פנים, און מיינע ברידער און שוועסטער האָב איך באַטראַכט יעדן טאָג.

כ׳האָב געטראַכט: כ׳האָב נישט געוואָלט פאָלגן טאַטע־מאַמע,



מיין מוטער אסתר ע״ה
אומגעבראַכט דורך די נאַציס י״ש
אין וואַרשעווער געטאָ

אַוועק פון שטוב, פאַרלאָזט אַלע נאָענטע, משפּחה, אַוועק אין „גאָלדענעם לאַנד״ זוכן „פריי־הייט״, כ׳האָב זי געפונען — „די פרייהייט״ — דאָ אין שקלאַפן־לאַגער.

אָט איז אַ פּאָטאָ ווי איך שפּאַ־ציר מיט מיין מאַן איבער די וואַרשעווער גאַסן: מיר זענען יונג, פול מיט האָפענונגען אויף דער צוקונפט, פול מיט ענער־גיע אפילו אויף „איבערצומאַכן די וועלט״...

אָט זענען די פּאָטאָס פון מיין מאַנס פאַמיליע: זיין מוטער, וואָס קוקט אַראָפּ פון בילד מיט אירע גוטע, גלעטנדיקע אויגן, זיינע ברידער: שלמה, מאיר, ישראל און די שוועסטער עלקע, זיינע קוזינען און קוזינקעס: שלמה, ירמיהו, שיינדל, צירל, חיים׳קע. פּאָטאָס פון דער יוגנט־אָרגאַניזאַציע: אויספלוגן אויף דער וויסל קיין מלאָטשין, קיין זאַקראָטשים, מאַרימאָנט (הינטער וואַרשע), פּאָטאָס פון חברים, חברטעס מיט וועלכע מ׳האָט פאַרבראַכט אין די יוגנט־יאָרן.

איך טראַכט הערביי וועגן מיין איצטיקער שרעקלעכער לאַגע, פון מיין צוגערויבטער פרייהייט, מיין צעטראָטענער יוגנט — פאַרוואָס קומט דאָס מיר?

ביטערע טרערן פון פאַרצווייפלונג קייקלען זיך אויף די פּאָטאָס, אויף די פּנימער פון מיינע נאָענטע. אָבער דאָס דויערט נאָר אַ ווײַלע. מ׳מוז זיך באַהערשן; מ׳טאָר נישט פאַרלירן דעם מוט; מ׳דאַרף האָפן, אַז דאָס וועט אַדורכגיין, כ׳וועל דאָס איבערלעבן, אַז ס׳וועט נאָך קומען אַ בעסערע צייט... מ׳מוז האָפן!



ווײַטער פון אַלץ איז געווען צו באַהאַלטן די פּאָטאָס בעת אַן „אַביסק״ (רעוויזיע). און „אַביסקן״ קומען פאָר אין לאַגער גאַנץ אָפט.

אַ חוץ ערב די מלוכהשע יום־טובים, ווי פֿאַרן ערשטן מאַי, פֿאַרן יאָר־טאָג פֿון דער אָקטאָבער־רעוואָלוציע, פֿאַר ניי־יאָר, קומען אויך פֿאַר „אַביסקן“ „ווינע אָטשערעדי“ (נישט לויט דער ריי). די האַלטן אין איין זוכן, נישטערן. מ׳זוכט צי גרייטן נישט די זע־קאַ עפּעס קעגן דער מאַכט, קעגן דער לאַגער־אַדמיניסטראַציע? צי האַלט מען נישט קיין מעסערס, געמאַכטע פֿון שטיקלעך אייזן? צי גרייט מען זיך נישט צו קיין „פּאָבעג“? (צו אַנטלויפֿן) — מ׳האַלט אין איין זוכן...

— „אַביסק, פּריגאָטאָווטסאַ“ (זיך צוגרייטן צו אַ רעוויזיע) — הערט זיך אַ געשריי, אַ געוויזיש אין באַראַק. אַלע פֿרויען ווערן אין די העמדער אַרויסגעטריבן פֿון באַראַק־צימער אין קאַלטן קאָרידאָר אַריין. איך האָב שטענדיק אַן אָרט, וווּ צו פֿאַרשטעקן די פֿאָטאָס זיי זאָלן נישט אַרייַנפֿאַלן אין די לאַפּעס פֿון די זוכערס: אין אויוון אַריין צווישן אַש, טיף אין שטרוי־זאַק גוט אַרומגעלייגט מיט שטרוי, אין אַ שפּאַרונע פֿון דער פּאָדלאָגע ביי דער וואַנט, אָדער אַן אַנדער פֿון פֿריער צוגעגרייט אָרט.

דער „אַביסק“ גייט אָן מיט דעם גאַנצן ברען: די לאַגער־קאָמענדאַנטן זוכן, דרייען איבער דעם באַראַק מיטן קאָפּ אַראָפּ און פֿיס אַרויף און הערווייל ציטערן מיר פֿון קעלט אין קאָרידאָר, ביז ס׳וועט זיך ענדיקן דאָס זוכעניש. דערנאָך באַזוכט מען יעדן פֿון אונדז. ס׳דוכט זיך — וואָס קען מען דען געפֿינען ביי אַ פֿרוי בלויז אין אַ העמד? זיי קענען זוכן אַפֿילו אין מויל, הינטער די פּאַכעס, אין אַלע ערטער פֿון דער נאַ־קעטקייט ווערט געזוכט. מ׳פֿילט זיך דערנידעריקט, ווי באַשפּיגן, ווי מאָראַליש פֿאַרשעמט יעדע איינע איז פֿון אונדז. אַ סעקונדע ציט זיך ווי אַ יאָר, אַ מינוט — אַן אייביקייט. איך שטיי און ציטער סיי פֿון קעלט, סיי פֿון זאָרג פֿאַר מיינע פֿאַרשטעקטע פֿאָטאָס. צי זענען זיי גאַנץ?

צי זענען מיינע טייערע פֿריינד, די איינציקע, וואָס איך האָב, די פֿאָטאָס, נישט אַרייַנגעפֿאַלן אין זייערע לאַפּעס? איך פֿיל נישט, איך זע נישט, ווי זייערע הענט, ווי שפּינען, קריכן איבער מיין נאַקעטן לייב, באַטאַפּן, באַנישטערן מיך. ס׳ברענט אין מיר דער אומ־געדולד וועגן „דאָרט אין ווינקל“ וווּ די פֿאָטאָס געפֿינען זיך. געענדיקט דעם „אַביסק“, שלעפּ איך אַרויס די פֿאָטאָס פֿון באַהעלטעניש און קוק זיך איין אין די ליבע, נאָענטע פּנימער און טראַכט וועגן מיין פֿינצטערן גורל... אַזוי נאָך יעדן „אַביסק“ — אַ זעקס מאָל אין יאָר אַמווייניקסטן.

און אַזוי ווי איך האָב אויסגעלעבט 10 יאָר שקלאַפֿן־לאַגער, אַזוי האָבן אויך די פֿאָטאָס אויסגעדויערט. בכלל זענען פֿאָטאָגראַפֿיעס געוווינט זיך צו געפֿינען אין שיינע אַלבומען, אויף אָנגעזעענע ער־טער מ׳זאָל זיך מיט זיי באַווייזן און זאָלן באַוויזן ווערן. אָבער מיינע

פאָטאָס האָבן געמוזט ליגן יעדעס מאָל אין אַ צווייטע באַהעלטעניש, זיך פאַרדעקט יעדעס מאָל אין אַן אַנדער אָרט, נישט געשטערדיכלט צו ווערן... זיי, די פאָטאָס, ווי איך, זענען אויך אַדורכגעגאַנגען אַ שווערן וועג פול מיט ליידן און פּיין...

עס ליגט פאַר מיר מײַן פאַמיליען אַלבאָם. דורכט זיך פאָטאָגראַפיעס, פשוטע פאָטאָגראַפיעס פון אונדזערע טײַערע עלטערן, שוועסטער, ברידער און משפּחה... פאָטאָגראַפיעס פון דער יוגנט און יוגנט־חברים...

ווי פיל די פאָטאָגראַפיעס קענען דערציילן!...



פישל זילבערבערג — דער געבונדענער (האַלצשניט)

(פונעם בוך: „אומגעקומענע יידישע קינסטלער״, באַנד 1)

# אַ „פּערעביעזשטשיק" דערציילט...

די צוויי געשיכטעס האָט מיר דערציילט העניעק וואָלף, אַ וואַר־שעווער, איצטער אין מעלבורן.

## דאָבקע „קאַלאַש" האָט זיך איינגעבראָכן...

אין וואַרשע, צווישן דער ידישער קאָמוניסטיש־געשטימטער יוגנט איז זי געווען זייער פּאָפּולער. ווער האָט נישט געקענט דאָבקע „קאַלאַש"? (אַזוי האָט מען זי גערופן פאַרקאָנספּירירט). זי איז געווען אַ יונג מיידל, בלוט און מילך. אפשר 18 יאָר איז זי אַלט געווען, ווען זי האָט געשוואַרצט די פּויליש־סאָוויעטישע גרענעץ ביים סוף 1932־טן יאָר.

זי האָט פאַרלאָזט אירע רייכע עלטערן, שוועסטער, ברידער, די גאַנצע גרויסע משפחה. איר פאָטער איז געווען אַ באַלעוועקער סוחר. דאָבקע האָט נישט געדאַרפט קיין רייכקייט. זי האָט געהאַט אַ העכער־הויבענער אידייע פאַרן גליק פון דער מענטשהייט — קאַמף פאַר דער מאַכט פון די אַרבעטער און פּויערים, פאַר אַ גערעכטער וועלט, פאַרן קאָמוניזם.

נאָכן אַריבערגיין די גרענעץ האָט זי אַדורכגעמאַכט דעם יסורים־וועג פון יעדן „פּערעביעזשטשיק": אויספאָרשונגען, תפיסה. דערנאָך איבער 6 חדשים שווער געאַרבעט אין סאַראַטאָווער לאַגער פאַר „פּערע־ביעזשטשיקעס". נאָכן סאַראַטאָווער לאַגער איז דאָבקע געוואָרן ווער־בירט אויף אַרבעט קיין נאַדיעזשדינסק אויפן אוראַל. זי האָט דאָרטן געאַרבעט אין דער שניידער־פאַבריק. זי האָט זיך נישט אַנטוישט אין איר אידייע; געווען פול מיט גלויבן, אַז דאָס אַלץ — די אַלע תפיסות און לאַגער — זענען אַן אַדורכגייענדיקער פּעריאָד, וואָס

יעדער „פּערעביעזשטשיק“ דאַרף אַדורכמאַכן: מ׳מוז דאָך די איבערלוי־ פערס קאָנטראָלירן צי זיי זענען נישט קיין שפּיאָנען, געשיקטע פון פּוילן! די סאָוויעטן־מאַכט מוז זײַן וואַכזאַם — האָט זי געטראַכט. — אַלץ וועט זיך אויסקלאָרן און זי וועט אײַנגיכן באַקומען סאָוויעטישע בירגערשאַפט, דורך צוטרוי פון דער סאָוויעטישער מאַכט. ס׳מאַכט זיך נישט אַזוי גיך. מ׳מוז קאָנטראָלירן, אויסקלאָרן, אויספאָרשן...

דערווײַל איז זי געווען אין טאַדיעזשינסק ווי אַ „ספּעץ־פּערעסע־ לעניעץ“ (אויף ספּעציעלער פאַרשיקונג). יעדן חודש האָט זי זיך גע־ מוזט מעלדן אין אויסלענדישן אָפּטייל פון דער נקוד. זי האָט נישט געהאַט קיין פּאַספּאָרט, נאָר אַ „ספּראַווקע“ (אַ צייגעניש), און רעכטן אַרויסצופאָרן פון טאַדיעזשינסק. דאָס האָט אָבער דאָבקען נישט גע־ שטערט (לויט איר געוווינהייט אין וואַרשע) צו זײַן געזעלשאַפטלעך אַקטיוו אין קלוב פון די „פּערעביעזשטשיקעס“. זי האָט זיך פלײַסיק געלערנט און גיך באַהערשט די רוסישע שפּראַך, ווײַל זי האָט גוט געקענט פּויליש. זי האָט פיל געלייענט, געווען אַן אַקטיוויסטקע און געווען זיכער, אַז אײַנגיכן וועט זי ווערן אַ גלײַכבאַרעכטיקטער ביר־ גער פון ראַטנפאַרבאַנד און וועט אָנהייבן אַ נײַ לעבן פון אַ פרײַען בירגער, צו וועלכן זי האָט געשטרעבט...

לײַדער איז דאָבקעס לעבן אַוועק גאָר אויף אַנדערע רעלסן, נישט ווי זי האָט אויסגערעכנט און געהאָפט. די נקוד האָט פאַר איר געהאַט צוגעגרייט אַן אַנדער „לעבן“...

דאָס איז געשען אין 1935־טן יאָר: אין די צײַטונגען און דורך די ראַדיאָ־הילכערס האָט מען איבערגעגעבן די ידיעה, אַז דער סעקרעטאַר פון לענינגראַדער „אָבקאָם“ (געגנט־קאָמיטעט) פון דער קאָמוניסטישער פאַרטיי, קיראָוו, איז געוואָרן דערמאָרדעט דורך די „שונאים פון פאָלק“. אין אַלע פאַבריקן, זאַוואָדן, קאָלכאָזן, איבערן גאַנצן לאַנד, זענען פאַרגעקומען פאַרזאַמלונגען, וווּ די אַרבעטער און פּויערים האָבן אויסגעדריקט זייער צאָרן און געפאָדערט טויט־שטראָף פאַר די „שונאים פון פאָלק“ — אַזוי האָבן געשריבן די צײַטונגען. (עס זענען אַרומגעגאַנגען קלאַנגען, אַז סטאַלין גופא האָט געשיקט זײַנע מענטשן צו דערהרגענען קיראָוון, ווײַל ער האָט מורא געהאַט, אַז קיראָוו קען נאָך, צוליב זײַן פּאָפּולערקייט, פאַרנעמען זײַן אָרט)...

איבערן גאַנצן לאַנד איז אַדורך אַ כוואַליע פון טעראָר, אַרעסטן, און צעשיסונגען. די תּפֿיסות זענען געוואָרן איבערגעפּילט מיט „שונאים פון פאָלק“. די „טראָיקע“ (דרײַלינג) פון דער נקוד, וואָס האָט זיך גלײַך געשאַפן, האָט געמשפּט אונטעראַוויגיק און אַן אַ געריכט פאַר־ אורטיילט צו פאַרשיידענע שטראָפן — ביז 5 יאָר אַרבעטס־לאַגער. אויך טאַדיעזשינסק, וווּ דאָבקע האָט געוווינט, האָט דער טעראָר נישט

אויסגעמיטן. פֿיל „פּערעבעזטשיקעס" זײַנען אַרעסטירט און פֿאַראורטיילט געוואָרן. צווישן די פֿאַרמשפּטע איז אויך געווען ראַבקע. ס'האָט איר „אָפּגעגליקט": אויב אַנדערע האָבן געקריגן צו 3 אָדער 5 יאָר לאַגער, האָט זי געקריגן נאָר 2 יאָר. אַזוי ווי מ'האָט ניט געקענט וויסן און פֿאַרשטיין פֿאַרוואָס יענע — די אַנדערע — האָבן געקריגן 3 אָדער 5 יאָר לאַגער, אַזוי האָט מען אויך ניט געקענט וויסן פֿאַרוואָס ראַבקע האָט געקריגן נאָר 2 יאָר. אַזוי האָט באַשטימט די „טראָיקע".

**בכלל, וואָס פֿאַר אַ שייכות האָבן זיי, די „פּערעבעזטשיקעס", גע**האַט צו קיראָווס טויט, צו קיראָווס דערמאָרדונג? די ראַטן־מאַכט, די נקווד האָבן געדאַרפֿט קרבנות; די האָבן זיך געניטיקט אין אומזיסטע אַרבעטס־קראַפֿט פֿאַר די גרויסע בויאונגען אין לאַנד; די האָבן געדאַרפֿט שקלאַפֿן, האָבן זיי דעריבער אויסגעזוכט אומשולדיקע מענטשן, די באַשולדיקט אין משונהדיקע חטאים. בײַ ראַבקען האָבן זיי צוגענומען די פֿרײַהייט, איר פֿאַרמשפּט און פֿאַרשיקט. זי האָט אַדורכגעמאַכט זייער שווערע צוויי יאָר קאַטאָרגע־אַרבעט אין קאַלטן סיבירער קלימאַט. ראַבקע האָט געליטן הונגער, דערנידעריקונגען מצד דער לאַגער־אָנפֿירערשאַפֿט, פֿון דער אונטערוועלט און פֿון זייערע געהילפֿן. איר פּריוואַטע יונגקייט און מיידלערישער שטאָלץ זײַנען געוואָרן געטראָטן מיט די פֿיס און אַפֿילו דורך איר געוואָרן פֿאַרקויפֿט פֿאַר אַ שטיקל ברויט, כּדי צו שטילן דעם נאַגנדיקן הונגער...

די יונגע און שיינע ראַבקע „קאַלאַש", ווי מיר האָבן זי געקענט פֿון די ייִדישע קאָמוניסטישע קרייזן אין וואַרשע, האָט געמוזט פֿאַרבייגן איר שטאָלץ און זיך צופּאַסן צום לעבן און קעמפֿן פֿאַרן לעבן מיט אַלע מיטלען, כאָטש ס'האָט איר ניט ווייניק וויי געטאָן...

נאָך צוויי יאָר זײַן אין לאַגער איז געקומען דער גליקלעכער טאָג **— אין יאָר 1937 — און עס האָט זיך איר געדאַכט, אַז ס'קומט אַ סוף** צו אירע ליידן. דער אורטייל האָט זיך געענדיקט און זי איז געוואָרן באַפֿרייט פֿון לאַגער. איר פֿרייד איז געווען אומגעוויינער: סוף־כּל־סוף אַלץ איבערגעקומען, איבערגעלעבט די ניט־פֿאַרדינטע שטראָף. איצטער וועט זי ווידער ווערן פֿרײַ, קומען צוריק קיין נאַדיעזשדינסק און פֿאָרזעצן איר לעבן. אפֿשר וועט זי גאָר אין גיכן באַקומען סאָוועטישע בירגערשאַפֿט און קענען פֿאָרן וווּ זי וויל און אָנהייבן דאָס לעבן פֿונדאָסנײַ? — דאָס זײַנען געווען ראַבקעס געדאַנקען נאָך דער באַפֿרייאונג פֿון לאַגער.

די אומשטענדן, די געשאַפֿענע לאַגע אין לאַנד, האָבן אָבער עפּעס אַנדערש פֿאַרויסגעזאָגט, עפּעס אַנדערש צוגעגרייט פֿאַר ראַבקען...

ס'איז געווען דאָס גרויזאַמע יאָר, דאָס טעראָר־יאָר 1937 — די צײַט פֿון די אַזוי־גערופֿענע „גרויסע רייניקונגען", ווען מיליאָנען אומ־

שולדיקע מענטשן זענען געוואָרן אַרעסטירט, פֿאַראורטיילט און אויך דערמאָרדעט . . .

אין די אינסטרוקציעס פֿון דער נקוד וועלכע שיכטן פֿון דער באַפֿעלקערונג דאַרפֿן אַרעסטירט ווערן, זענען צווישן אַנדערע, אויך געווען געוועזענע אַרעסטאַנטן, געוועזענע לאַגערניקעס. דער אַזוי גע־רופֿענער „סאָציאַל־געפֿערלעכער עלע־מענט" (סאָציאַלני אָפּאַסני עלעמענט). אין יענער צייט, אין 1937־טן יאָר, איז פֿאַרענדיקט געוואָרן די ריזיקע בויאונג פֿון „בעלאָמאָר־קאַנאַל" (דער קאַנאַל אין אייז־אָקעאַן), וואָס איז געוואָרן געבויט דורך אַרעסטאַנטן. די סאָוועטישע צייטונגען זענען דאַן געווען פֿול מיט באַשרײַבונגען וועגן דער גרויסער באַדײַ־טונג פֿון דעם קאַנאַל. אויך האָט מען פֿיל געשריבן און געבראַכט פֿאָ־טאָגראַפֿיעס פֿון די בויער פֿון קאַנאַל, וואָס האָבן אין די שווערע קאַלטע צפֿון־באַדינגונגען אַדורכגעפֿירט די בויאונג (נישט ווייניק האָבן דאָרט באַצאָלט מיט זייערע לעבנס). פֿיל פֿון די זענען געוואָרן באַלוינט מיט אָרדנס, אַפֿילו מיטן לענין־אָרדן. מ'האָט געשריבן, אַז אונטערוועלט־ניקעס זענען דאָרטן, אין לאַגער, איבערדערצויגן געוואָרן און גע־וואָרן פּראָדוקטיווע, נוצלעכע מענטשן, בויער פֿון דער סאָוועטישער ווירטשאַפֿט.

די צייטונגען האָבן אָבער נישט געשריבן, אַז ווען אָט די סטאַכאַ־נאָווצעס, די פֿאַרדינסטפֿולע אָרדן־טרעגערס און אַנדערע מסירת־נפֿשדיקע בויערס פֿון „בעלאָמאָר־קאַנאַל" האָבן נאָר באַוויזן צו פֿאַר־לאָזן דעם לאַגער און קומען צו דער באַן־סטאַנציע צו פֿאָרן אַהיים, האָבן שוין אויף זיי געוואַרט די נקוד־אַגענטן און זיי גלייך אַרעסטירט לויט דער קאַטעגאָריע אַלס „סאָציאַל־געפֿערלעכע עלעמענטן", אַלס געוועזענע לאַגערניקעס, וואָס דאַרפֿן ווערן איזאָלירט פֿון דער געזעל־שאַפֿט. כ'האָב זיי פֿיל געזען אין לאַגער און מיט זיי גערעדט. אָט אַזאַ גורל האָט אויך געוואַרט אויף דער נאָר־וואָס באַפֿרייטער דאַבקען. עס האָט נישט לאַנג געדויערט און אין דער פֿינצטערניש פֿון דער נאַכט (אַלע אַרעסטן פֿלעגן פֿאָרקומען נאָר בײַנאַכט), האָט זי דערהערט אַ קלאַפּ אין טיר:

— ווער איז דאָס? — האָט דאַבקע געפֿרעגט.

— עפֿנט, די מאַכט־אָרגאַנען! — איז געווען אַ שטילער, אָבער דראָענדיקער ענטפֿער.

דאַבקע האָט געעפֿנט די טיר. ס'זענען אַרײַנגעקומען דרײַ אַגענטן פֿון דער נקוד און איר געזאָגט, אַז זיי האָבן אַן „אָרדער" (אַ פֿאַר־אָרדענונג) אַדורכצופֿירן אַ רעוויזיע און זי אַרעסטירן. ס'האָט זיך אָנ־געהויבן דאָס זוכעניש. ווי געווינטלעך ווערט אַלץ אַרויסגעוואָרפֿן פֿון

די שופלאַדן, דאָס בעטגעוואַנט ווערט צעוואָרפן, אַדורכגעטאַפּט, אי־בערגעקערט; אַלץ ווערט צעשלידערט, צעוואָרפן ... דער צימער האָט אויסגעזען ווי נאָך אַ פּאָגראָם.

דאָבקע איז געשטאַנען ווי אַ פאַרשטיינערטע, ווי פאַרשטאָפּט. זי האָט אַנגעוווירן דאָס לשון ... מיט אויסגעשטאַרטע, פאַרגלעזטע אויגן האָט זי געקוקט אויפן אַרום, אויף אַלעם וואָס איז איר צימער איז פאַרגעקומען: אויף די צעוואָרפענע זאַכן, וואָס האָבן זיך געוואַלגערט אויף דער פּאָדלאָגע, אויף די קאַלטע, אויסדרוקלאָזע פּנימער פון די נ.ק.וו.ד.־אַגענטן.

פאַר אירע אויגן זענען אַדורכגעשווימען די אָקאַרשט־דורכגע־לעבטע, אַדורכגעוויטאַקטע צוויי יאָר קאָנצענטראַציע־לאַגער. זי האָט דאַן געקעמפט מיט ציין און נעגל צו דערלעבן איר באַפרייאונג. אַנדערע, אירע חברטעס, האָבן דאָרטן איבערגעלאָזט זייערע יונגע לעבנס — נישט אויסגעהאַלטן. און איצטער שטייט איר פאַר אַ נייער אַרעסט, אַ נייער אורטייל, ווידער אויף קאָנצענטראַציע־אַרבעט אין לאַגער?!...

אַט די געדאַנקען האָבן פּשוט געלעכערט איר מוח. די שרעק פאַרן נאָענטן, שרעקלעכן מאָרגן, האָבן איר געדריקט, געוואָרגן, אַרויס־געפירט פון געדולד און ... דאָבקע האָט זיך איינגעבראָכן, מער נישט געקאָנט אויסהאַלטן ...

ווען די נקוד־אַגענטן זענען צו איר צוגעגאַנגען נאָכן „אָבויסק" און געזאָגט: — „סאָבירײַטיעס זדוויעשטשאַמי, ווי אַרעסטאָוואַני" (נעמט צונויף די זאַכן, איר זענט אַרעסטירט), האָט זי מער נישט אויסגעהאַלטן. זי האָט זיך געגעבן אַ ריס פון איר אָרט און מיט אַ שרעקלעכן געשריי, ווי אַ געבריל פון אַ חיה, אויסגערופן:

— נישט ביי מיך לעבן, אַרויס פון דאַנען!

זי האָט אָנגעהויבן אַראָפּרייסן פון זיך דאָס אָנטועכץ, צערייסן דאָס קלייד, דאָס העמד. געבליבן מוטער־נאַקעט און געשריגן:

— נאָר מיין טויטן קערפּער קענט איר נעמען! קיין לעבעדיקע וועט איר מיך נישט אַרעסטירן!

די אַגענטן זענען געבליבן שטיק געפּלעפטע. אויף אַזעלכע זאַכן האָבן זיי זיך נאָך נישט אָנגעטראָפן אין זייער פּראַקטיק. ביי יעדן אַרעסט שטעלט זיך קיינער נישט אַנטקעגן דער מאַכט און הכנעהדיק גייט מען מיט זיי, ווייסנדיק די שווערע קאָנסעקווענצן פון שטעלן אַ ווידערשטאַנד. ווי אַזוי האַנדלט מען איצטער ביי דאָבקעס ווידער־שטאַנד, הערצד אַזאַ — אַ נאַקעטן ווידערשטאַנד?...

די זענען געבליבן אין אַ פאַרלעגנהייט, פּשוט נישט געוווּסט ווי אַזוי צו האַנדלען אין אַזאַ אויסטערלישער לאַגע. די נקוד־אַגענטן

האָבן דאָבקען פאַרשלאָסן אין צימער און געפּאַרן צו זייער נאַטשאַלניק אויף אַ באַראַטונג, צו פרעגן אַן עצה.

דאָבקע איז געבליבן איינע אַליין אין צימער מיט איר נאַקעטקייט און זיך אַרויפגעוואָרפן מיט אַ יאָמערלעך געוויין אויפן צערודערטן פון דער רעוויזיע, געלעגער.

נאָך אַ קורצע ווײַלע זענען די נקוד־אַגענטן צוריקגעקומען מיט דער אַנטוויקלונג פון זייער נאַטשאַלניק: זיי האָבן, באַהערשנדיק איר ווידערשטאַנד, געבונדן אירע הענט און פיס, אײַנגעוויקלט איר נאַקעטן קערפּער אין אַ מיליטערישן שינעל, וואָס זיי האָבן מיט זיך מיטגעבראַכט און זי אַוועקגעפירט צו דער געביידע פון דער נקוד.

...מער האָב איך פון דאָבקען נישט געהערט, זי נישט געזען.

ווער ווייסט וויפיל יאָרן קאַטאָרגע־לאַגער זי האָט געקריגן לויט דער נייער באַשולדיקונג אַלס „סאָציאַל־געפערלעכער עלעמענט" און אויך פאַרן ווידערשטאַנד בײַם אַרעסטירן? צי האָט זי אויסגעהאַלטן דעם נייעם אורטייל? האָט זי נישט איבערגעלאָזט איר יונג לעבן ערגעץ אין דער סיבירער טײַגע?

ווער ווייסט? ווער קען דאָס וויסן?...



## גאָלד מיט בלוט געמישט...

פון סאַראָווער לאַגער פאַר „פערעביעזטשיקעס" בין איך געוואָרן ווערבירט, אין 1933, קיין נאַדיעזשינסק אויף אוראַל. פאַרשטענדלעך, אַז כ'בין דאָרטן געווען אויף די רעכטן פון אַ „ספּעץ־פּערעסיעלעניעץ". כ'האָב געאַרבעט בײַ מײַן פאַך — בײַ שניידערײַ און געהאָפט אין גיכן צו באַקומען סאָוויעטישע בירגערשאַפט און ווערן אַ גלײַכבאַרעכטיק־טער בירגער פון לאַנד. דער גורל אָבער, בעסער געזאָגט, די נקוד, האָט פאַר מיר צוגעגרייט גאָר אַן אַנדערע „צוקונפט".

אין יענער צײַט, אין 1935־טן יאָר, בין איך געוואָרן אַרעסטירט ווי אַ „שונא פון פאָלק", ווי אַ שעדיקער, אַ סאַבאָטאַזשניק און אַנדערע משונהדיקע באַשולדיקונגען און כ'האָב באַקומען פינף יאָר אַרבעטס־לאַגער.

ווען אָט די שוידערלעכע בלוט־דורשטיקע געשיכטע — וואָס איך וויל איצטער דערציילן — איז פאָרגעקומען, האָב איך שוין געהאַלטן בײַם סוף פון מײַן נישט־פאַרדינטער שטראָף. כ'בין שוין מיט עטאַפּן געוואָרן געפירט אין פאַרשידענע לאַגערן פון גרויסן רוסלאַנד, ווו עס

האָבן זיך געפֿונען פֿיל־מיליאָניקע אַרעסטאַנטן־מאַסן, וווּ ס'איז כּמעט שווער געווען צו געפֿינען אַ שטיקל אָרט, אַ ראַיאָן, ס'זאָלן דאָרטן נישט זײַן קיין לאַגערן.

אַ דאַנק מײַן שנײַדער־פֿאַך איז מיר, צײַטנווײַז, געגאַנגען נישט שלעכט. אַ לענגערע צײַט בין איך געווען אין די ווײַט־מיזרחדיקע לאַגערן, אין כאַבאַראָווסק, ביראָבידזשאַן, ביז דער עטאַפּ האָט מיך פֿאַרשלעפּט אַזש קיין קאָלימאַ. אַהין בין איך גראָד אָנגעקומען אין אַ גוטע צײַט, אַ זעלטענע צײַט. קאָלימאַ געפֿינט זיך אויפֿן ווײַטן צפֿון, אָבער דאָס אָרט איז געבענטשט מיט פֿיל נאַטירלעכע רײַכטימער, ספּעציעל מיט גאָלד.

ווען אונדזער עטאַפּ איז אָנגעקומען אין לאַגער, איז דאָן געווען דער נאַטשאַלניק אַ געוויסער שאַפּידוס, אַ לאַטיש, איינער פֿון לענינס געוועזענע נאָענטע פֿרײַנד, אַן אַלטער באָלשעוויק. נעמענדיק אין אַכט די וויכטיקייט פֿון גאָלד פֿאַרן לאַנד, האָט ער געגעבן די לאַגערניקעס זעלטן גוטע באַדינגונגען: דער רעזשים אין לאַגער איז נישט געווען קיין שטרענגער, אַ „לאַגאַדנער" אין פֿאַרגלײַך מיט די אַנדערע לאַגערן, וווּ ס'איז מיר אויסגעקומען צו זײַן. אַנטלויפֿן פֿון דאָרטן איז סײַ ווי סײַ געווען כּמעט אוממעגלעך, צוליב דער ווײַטקייט צו אַ ישוב און דער געאָגראַפֿישער לאַגע. איז טאַקע דער „קאָנוואָי", די באַוואַכונג, אויך נישט געווען אַזוי שטרענג, ווי אין די אַנדערע ערטער. די באַשפּײַזונג, דאָס עסן, איז געווען אויסגעצייכנט פֿאַר די לאַגער־באַדינגונגען. ברויט האָבן מיר געהאַט וויפֿל נאָר מ'האָט געוואָלט, ס'איז פֿרײַ געלעגן אויף די טישן אין דער „סטאָלאָווע". אויך זענען געשטאַנען אין „סטאָלאָווע" (גאָרקיך) גאַנצע פֿעסער מיט געזאַלצענע פֿיש און מ'האָט געקענט עסן וויפֿל נאָר מ'האָט געוואָלט. איז טאַקע די אויספֿירונג פֿון די פּלענער, פֿון אַרויסבאַקומען דאָס גאָלד, געווען אַ הויכע.

ווײַזט אויס, אַז דאָס האָט געקאָסט דער מלוכה צו פֿיל, ס'האָט אויסגעמאַכט צו טײַער . . . אין אַ געוויסן טאָג האָבן מיר, די זעק־קאַ, זיך דערוווּסט, אַז אונדזער גוטער נאַטשאַלניק ווערט אַרויסגערופֿן קיין מאָסקווע מיט אַן „אָטטשאָט" (זיך אָפּצורעכענען). ער האָט זיך מיט אַלע געזעגנט און אויך מיט אונדז, די לאַגערניקעס. ער איז געווען זייער פֿרײַנטלעך צו אונדז. מיר האָבן נישט געקענט וויסן, אַז מיר געזעגענען זיך מיט אים אויף שטענדיק, אַז דאָרטן וועט פֿאַרקומען אַ „בלוטיקער אָטטשאָט". ווי מיר האָבן זיך שפּעטער דערוווּסט, איז ער נאָר דערפֿאָרן ביז וולאַדיוואָסטאָק (אויפֿן ווײַטן מזרח) און מ'האָט שוין אויף אים געוואַרט. ער איז געוואָרן אַרעסטירט און דערשאָסן „פֿאַר געבן די זעק־קאַ צו גוטע באַדינגונגען, פֿאַר צעטרענצלען מלוכהש אייגנטום".

אין גיכן האָט זיך אין לאַגער געטוישט די אָנפירערשאַפט — דער נאַטשאַלניק און זיינע געהילפן. קודם־כל האָט זיך די באַשפייזונג ראַ־דיקאַל פאַרערגערט. דער טעראָר האָט זיך פאַרשטאַרקט: פאַר יעדע קלייניקייט האָבן זיי געוואָרפן אין איזאָלאַטאָר און אויך צעשלאָגן. די אונטערוועלטניקעס זענען געוואָרן די ערשטע געהילפן פון די נייע מאַכט־האָבערס, פון דער נייער אָנפירערשאַפט.

ס'איז אַדורך אַ שטיקל צייט. די נייע פאַרערגערטע לעבנס־באַדינגונגען, דער הונגער־פּאַיאָק און די שווערע אַרבעט האָבן אָפּגע־שוואַכט, אונטערגעגראָבן דעם געזונט־צושטאַנד פון די פאַרשלאָ־סענע. ס'האָט אפילו נישט געהאָלפן דער מערדערלעכער טעראָר און די נאָרמעס פון גאָלד־ארויסבאַקום זענען געגאַנגען באַרג אַראָפּ. אויב אין דער צייט פון נאַטשאַלניק שאַפּידוס זענען די נאָרמעס געוואָרן אויסגעפירט אויף 200 פּראָצענט און אַפילו מער, זענען איצטער, ביי דער נייער נאַטשאַלסטווע, די נאָרמעס געוואָרן אויסגעפירט אויף 50־60 פּראָצענט.

איך אַליין האָב געאַרבעט אַלס „זאַוויעדושטשי" (פאַוואַלטער) פון שניידער־שוסטער וואַרשטאַט, וואָס האָט פאַראַכטן די קליידער פאַר די לאַגערניקעס. כ'בין געווען אַ „פּוילישער שניידער", ווי זיי האָבן מיך גערופן, האָב איך „באַנייט", געמאַכט גימנאַסטיאָרקעס (בלוזעס), אָדער הויזן פאַר דער העכערער נאַטשאַלסטווע.

ס'דערמאָנט זיך מיר, ווען ס'איז געקומען אין וואַרשטאַט דער נייער לאַגער־נאַטשאַלניק און כ'האָב אים גענומען אַ מאָס אויף אַ נייע גימנאַסטיאָרקע, האָט ער מיר געגעבן אַ זאָג:

— זע, זאָלסט מאַכן א גוטע און שיינע גימנאַסטיאָרקע. כ'האָב ליב גוטע ארבעט. אויב ס'וועט זיין שלעכט געמאַכט, בין איך דיך נישט מקנא... — אַ בייזער בליק האָט באַגלייט זיינע ווערטער. ער איז געווען „א הונט מיט אויערן", ווי מ'האָט אים גערופן אין לאַגער.

מיין העכערער אָנפירער איז געווען דער נאַטשאַלניק „סנאַב־זשעניאַ" (אָנפירער פון דער באַזאָרגונג), אַ געוויסער קאַגאַנאָווסקי, אויך אַ זע־קאַ, אַן אַדעסער ייד. אויף דער פריי איז ער געווען דער נאַטשאַלניק פון דער מיליציע (פּאָליציי). אַ יונגער, שיינער חברה־מאַן, אַ לעב־יונג. פאַר אַ „ראַסטראַטע" (די פינאַנסן זענען נישט געווען אין אָרדענונג) האָט ער ארייינגעכאַפּט 5 יאָר לאַגער. זיין פאַר־ברעכן איז נישט געווען קיין פּאָליטישער, נאָר אַ קרימינעלער, איז ער דערפאַר געווען אַ יחסן. די לאַגער־אָנפירערשאַפט, סיי די פריער־דיקע, סיי די נייע, האָבן פון אים געהאַלטן אַ וועלט און אים געטרויט, אפילו מיט אים געשיכורט. זיין ארבעט אויף דער פריי, אין דער פּאָליציי, האָט דאָך געהאַט אַן ענלעכקייט צו דער לאַגער־אַרבעט.

איך בין געווען מיט קאַגאַנאָוויסקין אין גוטע באַציאונגען. „יעווריי״ — האָט ער מיך גערופן איראָניש. כ׳האָב אויך פאַר אים געגייט פאַר־שידענע זאַכן, ווי הויזן, גימנאַסטיאָרקעס, פון וועלכע ער איז געווען צופרידן און מיט זיי שטאָלצירט. כ׳האָב אָפט מיט אים געשמועסט, דערציילט וועגן פוילן (פאַרשטענדלעך, נאָר דאָס, וואָס מ׳מעג דער־ציילן) און ער האָט מיר אָפן, נישט קרעמפירט, דערציילט פאַרשי־דענע עפּיזאָדן פון זיין פּאָליציאַישער פּראַקטיק מיט דער אָדעסער אונטערוועלט.

ווען אין לאַגער האָבן זיך אַזוי שטאַרק פאַרערגערט די לעבנס־באַדינגונגען און די נאָרמעס פון גאָלד־ארויסבאַקום זענען געוואָרן אַזוי שלעכט אויסגעפירט, האָט מען געקענט פאַרויסזען, מ׳האָט גע־קענט פילן אין דער לאַגער־לופט, אַז דאָס וועט גלאַטיק נישט אדורכ־גיין. ס׳מוז עפּעס פאַרקומען. עפּעס דראַסטישעס...

דער טעראָר אין לאַגער האָט זיך פאַרשטאַרקט: פאַר נישט אויס־פילן די נאָרמע האָט מען די זע־קאַ איבערגעלאָזט ארבעטן מער שעהן. די „נאַראַטשיקעס״ (פאַרשטייער פון אַרבעטס־אַמט), בריגאַ־דירן און אפילו די „סטרעלקעס״ האָבן אָפט געשלאָגן די בריגאַד־ניקעס פאַר נישט מאַכן די נאָרמעס. דער איזאָלאַטאָר איז געווען איבערגעפולט... דאָס זענען געווען „נאָרמאַלע״ מיטלען צו צווינ־גען די אַרעסטאַנטן זיי זאָלן אויספילן די נאָרמעס. דאָס האָט אָבער אַלץ ווייניק געהאָלפן. ס׳האָט זיך געפילט אין דער לופט אַז „עפּעס״ וועט פאַרקומען. דאָס האָט נישט געלאָזט אויף זיך לאַנג וואַרטן: אין איינעם אַ טאָג איז געקומען צו מיר מיין נאַטשאַלניק און גע־זאָגט, אַז אויף עטלעכע טעג מוזן מיר, די „פּרידורקעס״ (לייכטע אַרבעטער, די שוסטערס, שניידערס) פאַרלאָזן אונדזערע באַראַקן און זיך איבערציען ציטווייליק אין די אַלגעמיינע באַראַקן. (מיר האָבן געהאַט בעסערע וווינונגס־באַדינגונגען, דריי באַראַקן אָפּגעזונדערטע, נישט ווייט פון אונדזערע וואַרשטאַטן). מיר האָבן געמוזט אויספירן די פאַראָרדענונג. באַלד ווי מיר האָבן נאָר באַוויזן צו פאַרלאָזן אונ־דזערע באַראַקן, האָבן מיר געזען, ווי ס׳זענען אָנגעקומען „סטרעל־קעס״ מיט הינט און ארומגערינגלט די דריי באַראַקן, שטאַרק באַ־וואַכט. מ׳האָט אָנגעהויבן פירן פון ארום, פון אַנדערע לאַגער־פּונקטן אַרעסטאַנטן, לויט ספּעציעלע ליסטעס, אין די באַראַקן אריין. אויך פון אונדזער לאַגער־פּונקט האָט מען אהין געפירט זע־קאַ. ס׳איז געווען פאַר אונדז קלאָר, לויט דער שטרענגקייט און דער באַוואַפנטער וואַך מיט הינט, אַז די איזאָלירטע אַרעסטאַנטן, צונויפגעזאַמלטע אין אונדזערע באַראַקן וועלן „קיין האָניק נישט לעקן״, אַז ס׳וואַרט אויף זיי עפּעס זייער אַ האַרבע שטראָף.

אין געאייל איז מיך נאַטשאַלניק קאַגאַנאָווסקי, געקומען אַ פּאַר־סאַפּעטער צו לויפן צו מיר מיט אַ פאַראָרדענונג, אַז כ'מוז שוין גיין אין וואַלד אַריין און ברענגען פון דאָרטן צו פירן דריי אַרעס־טאַנטן. ר'האָט מיר געגעבן אַ צעטל מיט די פאַמיליע־נעמען. דאָרטן, אין וואַלד, האָט זיך געפונען אַ קליינער לאַגער־פּונקט, ווו די לאַגער־ניקעס האָבן פאַרגרייט האָלץ פאַרן לאַגער. זיי האָבן דאָרטן געלעבט, געוווינט באַזונדער, געקריגן פון לאַגער אַ „טרוקענעם פּאַיאָק", רויע פּראָדוקטן, אַליין זיך געקאָכט. ס'איז דאָרטן געווען 2 הייזקעס פון ברעווענעס, וואָס זיי האָבן אַליין אויפגעבויט. יעדן טאָג האָבן זיי דאָס פאַרגרייטע האָלץ מיט לאָסט־אויטאָס געבראַכט אין לאַגער אַריין. כ'בין אַוועק אהין נאָך די דריי אַרעסטאַנטן אין קאַגאַנאָווסקיס שליחות. כ'האָב אויפן וועג אָפּגעשטעלט אַ לאָסט־אויטאָ, וואָס האָט מיך צוגעפירט די 3־4 קלמ. דאָס צעטל מיט די דריי פאַמיליע־נעמען האָב איך געהאַלטן אין דער האַנט און זיי גלייך געפונען אַן שוועריקייטן. איינער האָט זיך געבעטן ביי מיר:

— כ'קען נישט גיין, ס'ווערט פינצטער און איך האָב די „קורינאַ סלעפּאָטאַ" (אַ קראַנקהייט: מ'הערט אויף צו זען, ווען אין דרויסן ווערט טונקל).

וואָס האָב איך געקענט העלפן? כ'האָב דאָך געמוזט אויספירן מיין שליחות. כ'האָב אים גע'עצהט, אַז די אַנדערע צוויי זאָלן אים צוהאַלטן ביים גיין אין וועג. מיר האָבן זיך געלאָזט זאַלבעפערט אין וועג אַריין. ס'פאַלט צו די נאַכט, נאָר פאַר אונדז שיינט דאָס ליכט פון לאַגער־פּונקט, פון דערווייטנס. מיר קענען נישט גיין גיך, ווייל דער וואָס האָט די „קורינאַ סלעפּאָטאַ" האַלט זיך ביי זיינע אַנדערע חברים און שפּרייזט, ווי אַ בלינדער. ער זעט טאַקע גאָרנישט. מיר האָבן זיך מידע, פאַרמאַטערטע, דערשלעפּט צו דער זאָנע פון אונ־דזער לאַגער. איך האָב זיי נאָך געפירט צו דער קיך, זיך דער־רעדט מיטן קוכער ער זאָל זיי געבן אָפּצועסן און שפּעטער זיי איבער־געבן קאַגאַנאָווסקין. כ'האָב זיך שפּעטער דערוווסט, אַז די זענען אויך געוואָרן אריינגעפירט אין אונדזערע באַוואַכטע באַראַקן.

צומאָרגנס, ווען מיר, שוסטערס און שניידערס זענען געקומען צו דער אַרבעט, האָט אונדזער נאַטשאַלניק שוין געוואַרט אויף אונדז און געזאָגט, אַז היינט וועלן מיר נישט אַרבעטן ביי אונדזערע פאַכן, ווי שטענדיק; מיר האָבן היינט גאָר אַן אַנדערע אַרבעט. ער האָט אונדז אוועקגעפירט צו די הויכע, שטיינערנע בערג, וואָס האָבן אַרומגערינגלט אונדזער לאַגער. דאָרטן האָבן שוין אויף אונדז גע־וואַרט „קירקעס" (רידלען), לאָפּאַטעס און אויך דינאַמיט (אויפרייס־מאַטעריאַל). מיר זענען געווען ביי 20 זע־קאַ און ער האָט אונדז

דערקלערט, אַז אונדזער אויפגאַבע איז אויסצוגראָבן אַ גרויסן גרוב צו־פוסנס די בערג אין שטיינערנעם באָדן. ער האָט אונדז אָנגעצייכנט די גרויס און ברייט פון גרוב און ער דאַרף זיין 4 מעטער די טיף. גלייך האָט ער צוגעגעבן:

— ביז אין אָוונט מוז דער גרוב זיין פאַרטיק! פאַרשטאַנען? גענוג געווען באַשעפטיקט ביי לייכטע אַרבעט!

מיר האָבן גוט פאַרשטאַנען, זייער גוט פאַרשטאַנען...

קאַגאַנאָווסקי האָט אונדז געוואָרנט, אַז דאָס וואָס מיר וועלן היינט טאָן, אַרבעטן, דאַרף זיין אַ סוד... מיר האָבן זיך אויך אָנגע־שטויסן, וואָס פאַראַ שייכות דער גרוב האָט מיט די שטרענג־באַוואַכטע אַרעסטאַנטן דאָרטן אין אונדזערע באַראַקן. מיר, די שוסטערס און שניידערס, האָבן דעם טאָג שווער געאַרבעט אַ גאַנצן טאָג: מיר האָבן מיט די קירקעס געמאַכט גריבלעך אין די שטיינער, דערנאָך האָבן ספּעציאַליסטן אריינגעלייגט דינאַמיט אין די גריבלעך און די שטיי־נער אויפגעריסן. שפּעטער האָבן מיר מיט די קירקעס געדאַרפן אויס־גלייכן די ווענט פון גרוב און אויסרייניקן מיט לאָפּאַטעס דעם גרויסן, ברייטן און טיפן גרוב. ביז אין אָוונט האָבן מיר אונדזער אויפ־גאַבע אויסגעפירט, דער גרוב איז פאַרטיק געוואָרן צו דער צייט.

צומאָרגנס איז אויסגעפאַלן אַ רו־טאָג. נאָכן פרישטיק האָט מען אַלע אַרעסטאַנטן געמאָלדן אַז זיי מוזן בלייבן אין די באַראַקן, קיי־נער טאָר נישט ארויסגיין. דורך די פענצטער, וואָס זענען ארויסגע־גאַנגען צו אונדזערע פריערדיקע באַראַקן האָט מען געקענט זען, ווי פון דאָרטן פירט מען אַרויס די אַרעסטאַנטן אונטער אַ שטאַרקע וואַך, אין קליינע פּאַרטיעס. מ׳פירט זיי אין דער ריכטונג צו די בערג, ווו מיר האָבן נעכטן געגראָבן דעם גרויסן גרוב. אַ טויטע שטילקייט האָט געהערשט אין באַראַק, ווי אַלע וואָלטן געפילט די שרעקלעכ־קייט, די גרויזאַמקייט פון דעם מאָמענט... פון צייט צו צייט האָבן זיך אונדז דערטראָגן שאָסן, זאַלפּן. מיר האָבן זיך אָנגעשטויסן, אַז דאָרטן, אין די בערג, קומט פאָר אַן עקזעקוציע...

אויפן אַנדערן טאָג איז מיין נאַטשאַלניק קאַגאַנאָווסקי אַרומגע־גאַנגען טרויעריק, דערשלאָגן, נישט ווי שטענדיק. כ׳האָב געפילט, אַז ס׳איז אים שווער אויפן האַרצן, אַז ער דאַרף זיך מיט עמעצן טיילן, אַז ער וויל עפּעס דערציילן, נאָר ער קען דאָס נישט טאָן אין דער אָנוועזנהייט פון די ארומיקע. מיין פאַרגעפיל האָט מיך נישט אָפּגענאַרט.

אין אָוונט, נאָכן אָוונט־מאָלצייט, האָט מיך מיין נאַטשאַלניק אַריינגערופן צו זיך אין זיין צימערל, ווו ער האָט געוווינט אַלס פּריווילעגירטער. ער האָט פאַר מיר אויסגעגאָסן זיין ביטער האַרץ.

ער האָט געווײנט, פּשוט מיט ביטערע טרערן, דערציילנדיק זײַנע איבערלעבונגען פון נעכטיקן טאָג; וועגן דער עקזעקוציע איבער די קרבנות, אין וועלכער ער האָט אויך אָנטייל גענומען. ער האָט מיר דערציילט מיט וואָס פאַראַ קאַלטבלוטיקער אכזריות די אַרעסטאַנטן זענען געוואָרן אומגעבראַכט.

די פּראָצעדור פון דער עקזעקוציע איז פאָרגעקומען אויף אַזאַ אופן:

יעדן קרבן האָט מען ארויפגעפירט אויפן שפּיץ באַרג, געהייסן זיך אויסטאָן, דערנאָך איז אַ רעוואָלווער געוואָרן צוגעשטעלט צו זײַן „זאַטילאָק" (הינטערשטן טייל פון קאָפּ) און ס'איז געוואָרן אויסגעשאָסן. דער קרבן איז אַראָפּגעפאַלן צופוסנס דעם באַרג, וווּ ס'איז געווען דער גרויסער גרוב. דאָרטן זענען די קערפּערס געוואָרן אריינגעלייגט אין גרוב, ווי הערינג אין אַ פאַס. ס'זאָל פאַרנעמען ווייניקער אָרט.

אַט דער האַרטער מענטש, קאַגאַנאָווסקי, אַליין אַ געוועזענער נאַטשאַלניק פון דער פּאָליציי, וואָס אַ מענטשלעך לעבן האָט ביי אים ניט געשפּילט קיין שום ראָלע, האָט נישט געקענט איינהאַלטן די טרערן און מיט אַ געדריקטער שטימע מיר דערציילט דעם גאַנג פון דער עקזעקוציע. ספּעציעל האָבן אים גערירט ביז די טיפענישן פון זײַן האַרץ דאָס געבעט פון איינעם, אַ קרבן:

— שרייבט כאָטש אָן מײַן מוטער, אַז כ'בין אומגעקומען.

אַדער א צווייטער האָט געהאַלטן אין איין מורמלען:

— קאַליאַ, מײַ זונעלע, מער וועל איך דיך נישט זען...

איינער פון די דערשאָסענע איז אַראָפּגעפאַלן אונטערן באַרג און האָט נאָך געלעבט און זיך צוגעטוליעט צום באַרג, ווי זוכנדיק שוץ. אַ קויל פון שפּיץ באַרג האָט זײַן לעבן פאַרענדיקט.

דער פריילעכער קאַגאַנאָווסקי, דער לעב־יונג, האָט טיף איבער־געלעבט, געווען צעבראָכן פון דער אכזרויותדיקער נעכטיקער עקזעקוציע...

צומאָרגנס אינדערפרי זענען אַלע לאַגערניקעס געוואָרן ארויס־געטריבן צום טויער. פאַרן אַרויסגיין צו דער אַרבעט איז גע־וואָרן פאַרגעלייענט א ספּעציעלע מעלדונג: „פאַר טאַבאַטאַזש, פאַר שלעכטער אַרבעט און שעדיקעריי ביים אַרויסבאַקומען גאָלד אין קאָלימאַ, זענען געוואָרן פאַרמשפט צום טויט 128 זע־קאַ. דער אורטייל איז געוואָרן אויסגעפירט. זאָל דאָס דינען ווי אַ וואָרענונג און אַן אָנלערנונג פאַר אַנדערע. זאָל לעבן חבר סטאַלין!

כ'האָב זיך דערמאָנט אין די דריי האָלץ־העקערס, וואָס איך האָב געבראַכט פון וואָלד צו פירן, לויט קאַגאַנאָווסקיס באַפעל. זיי זענען אויך דערשאָסן געוואָרן.

וואָס פאַר אַ שייכות האָבן איינגעלטלעך געהאַט די האַלצהעקערס צו די פּלענער פון גאָלד־אַרויסבאַקום ? . . .

די קאָמיסיע, וואָס האָט אויסגעקליבן די קאַנדידאַטן דערשאָסן צו ווערן האָט זיכער אויף יעדן דריטן אָדער פערטן פאַרמולאַר אויפגעשריבן „ראַסטרעליאַט״ (צעשיסן) און צווישן די פאַרמולאַרן זענען אויך אריינגעפאַלן די דריי האַלצהעקערס.

ס'איז מיר אדורך אַ שוידער דורכן לייב, אַז אויך מיין פאַר־מולאַר וואָלט אויף אַזאַ אופן געקענט אריינפאַלן אין זייערע הענט און זיי וואָלטן ארויפגעלייגט דעם אויפשריט „ראַסטרעליאַט״. וואָלט איך שוין איצטער נישט געקענט דערציילן אָט די געשיכטע. כ'וואָלט שוין געלעגן דאָרטן אין דער וויטער קאַלימאַ אינאַם גרויסן גרוב צוזאַמען מיט די קרבנות, אכזריותדיק דערמאָרדעט פון סאַדיסטן און הענקערס...

# פליטים פון 1939 דערציילן...

די ערשטע געשיכטע האָט דערציילט דוד זילבערשטיין, אַ וואַרשעווער, איצטער אין מעלבורן.

די אַנדערע דריי געשיכטעס — יעקב אַשלאַק ע״ה, אַ זעשעלעכאָווער (געשטאָרבן אין מעלבורן).

## אַ נישט באַצאָלטער חוב...

כ׳בין שוין קנאַפּע זיבן יאָר געווען אין סאָוויעט־רוסלאַנד. פּיל פון אונדזערע פּליטים האָבן נישט אויסגעהאַלטן דאָס „נייע לעבן״ פון הונגער, נויט און שווערע אַרבעט און אויסגעגאַנגען, אויסגע־הויכט זייערע נשמות...

אויב עמעצער וואָלט מיר דערציילט אַזעלכע איבערלעבונגען, וואָס איך אַליין האָב אַדורכגעמאַכט פאַר די קנאַפּע 7 יאָר, וואָלט עס מיר געווען שווער צו גלויבן... דאָס האָט אָבער אַלץ געטראָפן מיט מיר אַליין. איך בין דער לעבעדיקער עדות פון דעם אַלעם. דאָס זענען דאָך מיינע אייגענע לעבנס־פּאַסירונגען אין וועלכע איך קען נישט צווייפלען. דאָס זענען דאָך פאַקטן...

איינעם, אַזאַ כאַראַקטעריסטישן פאַקט, וויל איך איצטער דער־ציילן: כ׳האָב געאַרבעט אין אַ „סאָווכאָז״ (אַ דאָרפישע מלוכה־ווירט־שאַפט). כ׳בין גלייך מיט אַנדערע פּליטים געוואָרן אַ פויער. וואָס טוט מען נישט, כדי איבערצולעבן? כ׳האָב געזייעט, געאַקערט, געשניטן, אָבער די פּראָדוקטן פון דער גערעטעניש האָבן מיר נישט באַקומען — אַלץ האָט צוגענומען די מלוכה. מיר האָבן נאָר באַקומען בידנע גראַמען ברויט.

ביי אונדזערע פּליטים איז טאַקע געווען אַ ווערטל: „ראַבאָטאַ

נאָ קובאָמעטרי, אַ כלעבאַ נאַ מילימעטרי״ (ארבעטן אויף קובאַ־מעטערס, אָבער ברויט באַקומען מיר אויף מילימעטערס). ווען אַט די געשיכטע איז פאָרגעקומען איז דאָס גערעטעניש אין דעם האַרבסט שוין געווען אַראָפּגענומען. די תבואה איז שוין געוואָרן אָוועקגעפירט אין „זאַגאָט־זערנאָ״ (אָפּטיילונג פאַר זומען־פאַרגרייטונג), אפילו דאָס גראָז איז שוין געווען אָפּגעשניטן און פאַרגרייט היי פאַר די בהמות. די מלחמה האָט זיך שוין געהאַט געענדיקט. די שטימונג ביי אונדז פּליטים איז געווען אַ הייטערע — אָט־אָט פאָרן מיר שוין אהיים צוריק קיין פּוילן. אין די „הויכע פענצטער״, צווישן די סאָוויעטישע און פּוילישע רעגירונגען, זענען שוין פאָרגעקומען געשפּרעכן וועגן דער רעפּאַטריאַציע פון די פּוילישע בירגער.

אין אַזאַ שיינעם פרימאָרגן קומט צו גיין אונדזער בריגאַדיר און דערקלערט, אַז ער דאַרף 5 מענטשן צו דער אַרבעט ביי 4 קילאָמעטער פון דאַנען. דאָרטן דאַרף מען אָפּשניידן דאָס גראָז און פאַרגרייטן היי פאַר די בהמות. מ׳האָט געשיקט מיך און נאָך 4 מיינע חברים־פּליטים.

דער בוכהאַלטער פון „סאָווכאָז״ האָט גלייך אויסגעשריבן פאַר אונדז „קאָמאַנדיראָווקעס״ (ציגעניש פאַר יענע, וואָס אַרבעטן פאַרן „סאָווכאָז״, אויסער דער זאָנע פון „סאָווכאָז״). ער האָט פאַר אונדז אויסגעשריבן אויף 10 טעג פּראָדוקטן: גרויפּן, מעל, סוכאַרעס, אַ שטיקל פּוטער, געזאַלצן פליייש. אונדזער אָנפירער איז געווען דער „רויטער״ מישקאַ — אַ יונגער חברהמאַן מיט אַ פייערדיק־רויטער טשופּרינע, וואָס ער האָט מיט אַ שטאַרקן וואָרף מיטן קאָפּ די האָר פאַרוואָרפן ארויף, ווייל זיי זענען אים געפאַלן אין די אויגן אריין. זיין פּנים איז געווען באַזעצט מיט פיל זומער־שפּרינקעלעך, ער האָט אויך פאַרמאָגט אַ פּאָר ממזרישע פינקלדיקע אייגעלעך.

— געגאַנגען! — האָט ער געגעבן אַ קאָמאַנדע — און מיר האָבן זיך געלאָזט אין וועג אריין. דער טאָג איז פּונקט געווען אַ וואַר־רעמער, אַ זוניקער און מיר האָבן גוט געשוויצט ביז מיר זענען דער־גאַנגען מיטן זעקל פּראָדוקטן אויף 10 טעג צום אָנגעצייכנטן פּונקט. מיר זענען געקומען אין אָוונט און דעם טאָג האָבן מיר שוין נישט געאַרבעט. אונדזער „האָטעל״ איז געווען אין אַ שטיבל פון דעם אַלטן גרייז־גרויען „לעסניטשי״ (וואַלד־וועכטער) וועלכער האָט דאָ גע־וווינט איינער אַליין. מיר האָבן זיך אויסגעצויגן ווי די „כראַביעס״ אויף דער פּאָדלאָגע און באַלד איינגעשלאָפן. פאַרטאָג, ווען ס׳האָט נאָר אָנגעהויבן שאַריען אויף טאָג, האָבן מיר שוין געהערט מישקעס שטאַרקער, שרייענדיקער שטים:

— אויפשטייך! דאָ איז אייך נישט קיין פּוילישער פּענסיאָנאַט.

גיך האָבן מיר זיך אויפגעהויבן, עפּעס איבערגעכאַפּט און ארויס צו דער אַרבעט. יעדערער פון אונדז האָט באַקומען אַ „קאָסע" און מיר זענען אַוועק מיט מישקען צום אַרבעטס־אָרט, צו דער לאָנקע. דאָס גראָז, וואָס מיר האָבן געדאַרפט שנײַדן, האָט זיך געפונען אויף אַ הויכקייט, אויפן ברעג פון טײַך. דער טײַך האָט געהאַט הויכע ברעגעס, ווי ארויפצוגיין אויף אַ באַרג און דאָס גראָז פון אָט די הויכע ברעגעס איז געווען אונדזער אויפגאַבע אָפּצוקאָסען.

קיין גרויסע ספּעציאַליסטן פון גראָז־שנײַדן זענען מיר נישט געווען. צו שטיין און שנײַדן דאָס גראָז אויף אַ משופּעדיקן באַרג איז געווען זייער שווער, מ'האָט זיך געדאַרפט היטן נישט צו געבן זיך אַ גליטש, דאַן קען דער פוס אַרונטערפאַלן אונטער דער קאָסע און כאַפּן אַ גוטן שניט, ווערן פאַרווונדעט. ווי אויף צו להכעיס האָט אָנגעהויבן צו רעגענען, ס'איז געוואָרן זייער גליטשיק צו שטיין און שנײַדן, אויך טאָר מען קיין נאַס גראָז נישט שנײַדן. זענען מיר דערפאַר אַוועק מיט מישקעס דערלויבעניש צוריק אין „לעסניטשעס" הײַזל, אין אונדזער דירה. מיר האָבן געמוזט איבערלאָזן די אַרבעט. אויך מישקע איז אַוועק אין שכנהשן דאָרף אַ הוליע טאָן.

דער „לעסניטשי" אין זײַן שטענדיקער אײנזאַמקייט, האָט זיך אינ־טערעסירט מיט אונדז און אויסגעפרעגט, ווער מיר זענען, פונוואַנען מיר קומען אהער? ער האָט גלײַך געזען, אַז מיר זענען נישט קיין „היגע", קיין רוסישע מענטשן. מיר האָבן אים דערציילט, אַז מיר זענען פּליטים פון פּוילן, די מלחמה האָט אונדז פאַרוואָגלט אהער. מיר האָבן זיך מיט אים געטיילט, וואָס פאַראַ שווערע, ביטערע יאָרן מיר האָבן דאָ אַדורכגעמאַכט. ס'איז אַ געפאַר וועגן אַזעלכע זאַכן דאָ צו רעדן (נאָר דער אַלטער רופט ארויס צוטרוי). ער זעט אויס אַ גוטער, האַרציקער מענטש און מיר האָבן נישט מורא געהאַט, אַז ער וועט אונדז מסרן, ווי ס'פירט זיך דאָרטן. בכלל פאַר ארויסווײַזן נישט־צופרידנקייט מיטן הונגעריקן, בידנעם לעבן, קען מען נאָך באַקומען 10 יאָר לאַגער פאַר קאָנטער־רעוואָלוציע. דאָס האָבן מיר אויך געוווּסט.

מיר האָבן זיך טאַקע אין דעם אַלטן נישט אָנטוישט. ער איז מיט אונדז אויך געווען אָפנהאַרציק און אונדז מיטגעפילט. ער האָט אונדז אויך דערציילט פון זײַן אייגן שווערן לעבן און איבערלעבונגען, אַז אַ שוידער איז אדורך דורכן לייב:

— אין דער צייט פון דער קאָלעקטיוויזאַציע האָט מען אונדז געבראַכט אַהער אין פאַרשיקונג — האָט דער אַלטער אָנגעהויבן — קיין סיביר פון אוקראַינע מיט דער באַשולדיקונג, אַז מיר זענען „קולאַקעס" (רײַכע פּויערים). דאַן איז געווען די לאָזונג: „ליקווידירן

די קולאַקעס אַלס קלאַס". נו, האָט מען אונדז ליקווידירט מיט פאַרשיקונג, מיט לאַגער, הונגער און קעלט. וואָס פאַראַ „קולאַקעס" זענען מיר דען געווען? פיל פון אונדזערע האָבן געהאַט צוויי פערד, אָדער אַ קו מיט אַ קעלבל. האָט מען אונדז דערפאַר אָנגערופן „קולאַקעס" און פאַרשיקט... מיר זענען געבראַכט געוואָרן אַהער אויף אַ לידיקן פלאַץ, ארומגערינגלט מיט אַ באַוואָפנטע וואַך און אונדז באַפוילן:

— דאָ איז אייער וווין־אָרט, שטעלט פּאַלאַטקעס און אַרבעט אין וואַלד!

פּראָדוקטן, שפּיז פאַר אונדזער אַרבעט האָבן מיר באַקומען נישט צום לעבן און נישט צום שטאַרבן... גיין אין שכנישן דאָרף לאָזט נישט דער „קאָנוואַי". האָב איך צוגעטראַכט — דערציילט דער אַלטער „לעסניטשי" — אין אָוונט בין איך אַרויס פון דער פּאַלאַטקע און געטראָגן 2 עמערס אויף אַ קעראָמיסל (שטאַנג צו טראָגן עמערס מיט וואַסער), דער „קאָנוואַי" שרייט צו מיר:

— „קודאַ"? (וווהין?)

ענטפער איך, אַז איך גיי נאָך וואַסער. אין די עמערס זענען געלעגן פאַרשידענע זאַכן צום פאַרקויפן. כ'בין אַראָפּגעגאַנגען צום טייך און פון דאָרטן בין איך אַוועק אין שכנישן דאָרף אַריין, אַן ערך 4 קילאָמעטער. דאָרטן האָב איך אויסגעטוישט א העמד, אַ פּאָר הויזן אויף אַ שטיקל ברויט, אָדער אויף קאַרטאָפל. אַזוי האָב איך געפונען אַן עצה אַדורכצולעבן, זיך אדורכמוטשען. פיל, זייער פיל זענען אַוועקגעשטאָרבן, אויסגעגאַנגען פון הונגער, קעלט, עפּידעמיעס. — „גאָלובטשיק" (מיין טייערער), די ערד דאָ ארום טראָגט אין זיך פיל פאַרפייניקטע, טויטע קערפּערס, „טאַקאַיאַ אוזשע, ווידימאָ, סודבאַ רוסקאָוואָ טשעלאָוויעקאַ" (אַזוי איז שוין, וויזוט אויס דער גורל פון רוסישן מענטש) — ענדיקט ער זיין געשיכטע.

מיר האָבן אים אין אַלעם געגלויבט און מיטגעפילט. מיר אליין האָבן נישט ווייניק שווערע צייטן אַדורכגעלעבט פאַר די קנאַפּע 7 יאָר און נישט ווייניק משפחה און פריינד אָנגעווירן...

אויף צומאָרגנס איז דער וועטער געוואָרן אַביסל בעסער. אינעם ערשטן האַלבן טאָג האָבן מיר געמוזט וואַרטן, אַז דאָס גראָז זאָל זיך אַביסל צוטריקענען נאָכן רעגן. אינעם צווייטן האַלבן טאָג האָבן מיר מיט גרויס מאַטערניש מיט דער קאָסע, געשניטן דאָס גראָז. דערנאָך דאַרף דאָס גראָז נאָך אַ ביסל צייט ליגן, כדי זיך אויסצוטריקענען. שפּעטער ערשט קען מען דאָס צונויפשאַרן און לייגן אין סטויג, שטאַבעלירן — הייסט דאָס.

דער וועטער האָט אונדז אַלץ קאַליע געמאַכט: ווי אויף צו להכעיס, איז באַלד אַראָפּ אַ רעגן און דאָס גראָז איז געוואָרן שוואַרץ און די

בהמות טאָרן אַזאַ גראָז נישט עסן. זיי קענען זיך נאָך פאַרסמען. דער רעזולטאַט — נאָך די 10 טעג פון אונדזער „סענאַקאָס", איז פאַרשטענד־לעך, געווען אַ קלאָגעדיקער: מיר האָבן געהאָרעוועט אין דער נאַס־קייט און רעגן, געשניטן דאָס גראָז, אָבער קיין פאַרגרייטע היי איז כמעט נישט געווען.

אונדזער אָנפירער, דער „רויטער" מישקע, האָט נישט געזשאַ־לעוועט קיין „פּאַמאַטעריעס" סיי פאַר אונדז און אויך פאַר גאָט, וואָס האָט אונדז צוגעשיקט אַזעלכע שלעכטע וועטערן, דערצו אין דער צייט פון „סענאַקאָס".

מידע, הונגעריקע, זענען מיר צוריקגעקומען אין „סאָווכאָז" און נאָך באַקומען פון „פּרעדסעדאַטעל" (אָנפירער) די אמתע פּאַרציע זידלערייען:

— „לאָדערי"! בעזדיעלניקי"! (פוילאַקעס, לידיקגייערס) און באַשמאַלצן מיט פעטע „מאַטן" פאַר אונדזערע מאַמעס און אויך פאַר גאָט. דאָס אַלץ איז נישט געווען פאַר אונדז קיין נייעס, צו דעם זענען מיר שוין געווען געוווינט, ווי צו דער טאָג־טעגלעכקייט...

אַ נייעס איז פאַר אונדז געווען, ווען ס'איז געקומען דער טאָג פון אויסצאָלן דאָס געהאַלט פאַרן חודש, און מיינע חברים וואָס זענען נישט געווען אויפן „סענאַקאָס" האָבן באַקומען, ווי געוויינט־לעך, זייערע בידנע פאַר רובל און איך מיט מיינע פיר חברים, „די היי־שניטערס" האָבן גאָרנישט באַקומען.

מיר זענען גלייך אוועק צום „פּרעדסעדאַטעל" פון „סאָווכאָז" מיט אַ פּרעטענסיע: ער האָט אונדז געשיקט צום בוכהאַלטער.

דער בוכהאַלטער דערקלערט אונדז גאַנץ רואיק, קוקנדיק אין די ביכער זיינע:

— אַזויפיל און אַזויפל האָט באַטראָפן דער „סוכאָי פּאַיאָק" אויף 10 טעג, וואָס איר האָט באַקומען גייענדיק צום „סענאַקאָס". גאָרנישט האָט איר פאַרגרייט היי, אַזוי אַרום זענט איר געבליבן שול־דיק 123 רובל מיט 35 קאָפּיקעס יעדערער: פאַרשטאַנען? — זאָגט ער און קוקט אויף אונדז קאַלטבלוטיק און מיט אַ שעלמיש שמייכעלע גיט ער נאָך צו:

— ביז איר וועט נישט באַצאָלן דעם חוב, וועט איר פון דאַנען נישט אַרויספאָרן אין אייער „פּאָנסקער פּאָלשע".

אַ שיינעם חשבון האָט ער געמאַכט: מיר האָבן זיך אָנגעהאָרע־וועט אין נאַסקייט, אין רעגן, זיך געוואַלגערט 10 מעת־לעת אויף דער פּאָדלאָגע ביים „לעסניטשי", געוואָרן פאַרשמוציקט, פאַרלייזיקט און דערצו זענען מיר נאָך געבליבן שולדיק אַ חוב. אַ גוטער יושר. פון

וואַנען זאָל איך נעמען צו באַצאָלן דעם חוב, אַז כ׳האָב נישט קיין גראָשן ביי דער נשמה? די רעפּאַטריאַציע פון די פּוילישע בירגער האָט זיך שוין אָנגעהויבן.

מיינע חברים־פּליטים קלויבן זיך שוין אין וועג אריין. ביי אַלע איז די שמחה גרויס: — אַהיים! אהיים! — הערט זיך שוין אומעטום. ס׳איז פאַר מיר און אויך פאַר די אַנדערע מיינע חברים, אוממעגלעך צום באַצאָלן דעם אומגערעכטן חוב, כ׳האָב פּשוט נישט דאָס געלט. מיינע זאַכן פון פּוילן האָב איך שוין לאַנג פאַרקויפט פאַר אַ שטיקל ברויט. כ׳פאַרמאָג נאָר דאָס, וואָס איך האָב אויף זיך, מיינע שמאַטעס.

מיר האָבן נישט געהאַט קיין אַנדערע ברירה, ווי ביינאַכט זיך ארויסגנבענען פון „סאָווכאָז" און דערנאָך האָבן מיר זיך פאַראייניקט מיטן עשאַלאָן פון די רעפּאַטריאַנטן.

אַ גאַנצן וועג בין איך געפאָרן מיט האַרץ־קלאַפּעניש, געהאַט מורא, אַז אָט־אָט פּאַקט מען מיך און מען פירט מיך צוריק אין „סאָווכאָז" אָפּצאָלן דעם חוב. צום גליק בין איך נאָר אָפּגעקומען מיט שרעק און כ׳בין בשלום אריבער די גרענעץ מיטן רעפּאַטריאַנטן־עשאַלאָן קיין פּוילן.



בכלל האָב איך פיינט צו זיין שולדיק אַ חוב. ווען כ׳בין עמעצן שולדיק געלט, פיל איך אַן עול, ס׳מאַטערט מיך דאָס געוויסן ביז כ׳באַצאָל נישט.

פאַר דעם חוב אָבער, וואָס כ׳בין שולדיק געבליבן דעם „סאָווכאָז", מאַטערט מיך אינגאַנצן נישט מיין געוויסן...

ווייל אַזאַ זאַך קען נאָר „דאָרטן" פאַרקומען: זיך אַנהאַרעווען, אָנמאַטערן אין אַזעלכע שווערע באַדינגונגען און דערצו נאָך בלייבן שולדיק... דאָס איז זייער „גערעכטיק־ייט", זייער קאַזאַצקער יושר...

# „ראַדיאָסטאַנציאַ דאָ... באַגאַ"

אין אונדזער גרופּע יידישע פּליטים פון פוילן, וואָס האָבן זיך געפונען אין „פּאָסיאָלעק" (ישוב) „קראַסנאַיאַ זוויעזדאַ" (רויטער שטערן), האָט זיך אויסגעטיילט אַ יונגער בחור משה שלאָמאָוויטש. אַ דאַר אויסגעצויגן יינגל אפשר פון 16־17 יאָר מיט גרויסע שוואַרצע אויגן, וואָס ס'האָט זיך געדאַכט, אַז זיי פאַרנעמען אַ העלפט פון זיין קליין פּנימל. ער איז געווען דער ייִנגסטער פון אונדזער גרופּע און אויך דער איידלסטער. ער האָט זיך באַמיט אַלעמען צו העלפן מיט וואָס ער האָט נאָר געקענט. מיט וואָס האָט ער דען געקענט העלפן? מיט אַ שטיקל ברויט, מיט עפּעס עסן? האָט ער דאָך אליין נישט געהאַט צו דער זעט. אָבער אַ גוט וואָרט, אַ טרייסט האָט ער שטענדיק געהאַט גרייט פאַר די פּעסימיסטן, פאַר די פאַרצווייפלטע צווישן אונדז, וואָס האָבן געהאַלטן אין איין איבערחזרן:

— מיר זענען שוין איינמאָל אריינגעפאַלן, אַנטלאָפן פון פייער און אריינגעפאלן אין וואַסער.

ס'איז אונדז טאַקע נישט געווען וואָס מקנא צו זיין:

ס'איז געווען אַ קאַלטער אוראַלער ווינטער מיט גרויסע פרעסט און ווינטן. מיר האָבן נישט געהאַט דאָס געהעריקע אָנטועכץ פאַר אַזעלכע וועטערן. די מערסטע פון אונדז האָבן געאַרבעט אין וואַלד. מיר זענען געוואָרן אַדורכגעפרוירן אַ גאַנצן טאָג ביי דער שווערער אַרבעט אויף דער פראָסט און אין אָוונט אפילו נישט געהאַט אָפּצו־עסן צו דער זעט. פון אונדזערע זאַכן, וועלכע מיר האָבן נאָך געהאַט פון פוילן האָבן מיר כמעט אַלץ פאַרקויפט פאַר אַ שטיקל ברויט. האָט מען טאַקע געקענט פאַרלירן דעם מוט און ווערן פּעסימיסטיש געשטימט.

שלאָמאָוויטש האָט אונדז געטרייסט:

— זאָרגט נישט, מ'טאָר נישט פאַרלירן דעם בטחון. מ'דאַרף זיך באַמיען דאָס אַלץ איבערצולעבן. ס'וועט נאָך זיין גוט!

יעדן פאַרטאָג, ווען אַלע זענען נאָך געשלאָפן איז משה שוין געשטאַנען נעבן טיש און געדאַוונט, אָנגעטאָן אין זיינע תפילין אויפן קאָפּ און אויף דער האַנט. ס'האָט אים איינגאַנצן נישט געאַרט, ס'איז אים נישט אָנגעגאַנגען, וואָס קיינער פון אונדז דאַוונט נישט מיט אים מיט. אין אונדזער גרופּע איז נישט געווען קיין דאַוונערס. כאָטש מיר האָבן נישט געדאַוונט, האָבן מיר זיך צוגעוווינט צו זיין פרימאָרגנ־

דיקן דאָרטן אין ס'האָט ביי אונדז אויסגעזען, אַז אַנדערש קען גאָר־
נישט זיין. פאַרקערט, זיין עקשנות און טיפער גלויבן אין גאָט
האָט ביי אונדז ארויסגערופן אַנערקענונג.

ער האָט זיך ווי פאַרענטפערט פאר אונדז:

— כ'האָב געגעבן מיין וואָרט דער מאַמען אויף מיין בר־מצוה
יעדן טאָג צו לייגן תפילין. כ'קען מיין וואָרט נישט ברעכן.

משה'ס דאָרטן אינדערפרי האָט פאר אונדז אויך געדינט ווי
אַ זייגער. אונדזערע זייגערס פון דער היים זענען שוין לאַנג פאַר־
קויפט געוואָרן פאַר ברויט. אַז מיר האָבן געעפנט די אויגן פאַרטאָג
און געזען משהן שטיין ביים טיש דאָרטן, האָבן מיר געוווּסט, אַז
ס'איז צייט אויפצושטיין.

מיר האָבן געוווינט אין אַ קליין שטיבל זעקס פליטים פון פוילן.
די היגע איינוווינער, די רוסישע, זענען זעלטן צו אונדז געקומען.
מיר האָבן אַליין געוווּסט די צייט צו גיין צו דער אַרבעט.

אין דעם פרימאָרגן, ווען אָט די געשיכטע איז פאַרגעקומען,
האָט דער בריגאַדיר פון דער וואַלד־פאַרגרייטונג, איוואַן סעמיאָנאָ־
וויטש, גראָד נויטיק געדאַרפן אונדזער מיטוווינער פריימאַנען. גאַנץ
פרי איז ער געקומען אין אונדזער שטיבל, גראָד ווען משה האָט
געדאַוונט. איוואַן סעמיאָנאָוויטש האָט געעפנט אונדזער טיר און איז
געבליבן שטיין דערשראָקן, נישט אויסצורעדן קיין וואָרט. אַ מאָדנע,
אויסערגעוויינלעך בילד האָט זיך פאר אים אַנטפּלעקט: נעבן טיש איז
געשטאַנען אַ יונגערמאַן און אויפן קאָפּ און אויף זיין האַנט זענען געווען
אַנגעטאָן עפּעס אַזעלכע קוביקעס, קליינע קעסטעלעך, ער שאָקלט זיך
און מורמלט עפּס געהיימנישפול.

איוואַן סעמיאָנאָוויטש האָט קוים אַרויסגעשטאַמלט מיט שרעק:

— וואָס איז דאָס אַזוינס?

איינער אַ לץ פון אונדזעריקע, האָט נישט לאַנג טראַכטנדיק,
געמאַכט אַ וויץ:

— „עטאָ ראַדיאָסטאַנציאַ, דאַ, ראַדיאָסטאַנציאַ דאַ באָגאַ" (דאָס
איז אַ ראַדיאָסטאַנציע צו גאָט). איוואַן סעמיאָנאָוויטש האָט נאָר באַ־
וויזן צו הערן דאָס וואָרט „ראַדיאָסטאַנציאַ" און ער איז אין איין
אָטעם, ווי אַ פייל פון בויגן, ארויסגעלאָפן פון אונדזער צוזאַמענוווינונג,
ווי מ'לויפט פון אַ שריפה.

ער האָט געטראַכט:

— איך וועל זיי אָנלערנען די „זאָפּאַדניקעס" (אַזאַ נאָמען האָבן
מיר געהאָט, די פּוילישע), די אויסלענדער. זיי זענען אַלע שפּיאָנען.
זיי זענען פאַרבינדן מיט די קאַפּיטאַליסטן. זיי האָבן אַ ראַדיאָסטאַנ־

ציע... באַלד מוז איך מעלדן, ווו ס'איז נויטיק. מ'מוז אָנגעמען שטרענ־גע מיטלען קעגן זיי. אין 1937־טן יאָר האָב איך אויך געשריבן אין דער נ.ק.וו.ד אַ ביטע אויף אַ קאָנטער־רעוואָלוציאָנער, איז טאַקע יענער געוואָרן אַרעסטירט און פאַרמשפּט. ער, איוואַן סעמיאָנאָוויטש וועט זיי אָנלערנען, די „זאַפּאַדניקעס״, אַז ס'זאָל אָוועקנעמען ביי זיי דעם חשק איבערצוגעבן מיליטערישע סודות דעם שונא. אמת, ער ווייס נישט גענוי ווי עס הייסט יענער, וואָס האָט געטראָגן אויפן קאָפּ דעם קוביק. די ראַדיאָסטאַנציע... דוכט זיך, אַז מאַיסעי?... נישקשה, מ'וועט רופן פריימאַנען וועט ער שוין זאָגן אַלע נעמען. די נ.ק.וו.ד. וועט שוין צעבינדן זיין צונג. אויך פריימאַן איז זיכער אין דעם פאַרמישט. ס'איז אַ „גרופּאָוואַיע״ קאָנטער־רעוואָלוציע, „גרופּאָוואַיע״ שפּיאָנאַזש. ווי גוט דאָס איז, וואָס אים האָט זיך איינגעגעבן אויפצו־דעקן די ראַדיאָ־סטאַנציע.

איוואַן סעמיאָנאָוויטש האָט זיך פאַרגעשטעלט ווי דער נאַטשאַל־ניק פון דער ראַיאָנער נ.ק.וו.ד. וועט אים לויבן פאַר דער „בדיטעלנאָסט״ (וואַכזאַמקייט), ס'קען זיין, אַז ער וועט נאָך קריגן אַן אויסצייכענונג און אפשר אויך אַן אָרדן!?!

אין איין אָטעם איז ער געלאָפן נישט צו פאַרשפּעטיקן, מ'זאָל וואָס גיכער כאַפּן די שפּיאָנען מיט דער ראַדיאָסטאַנציע.

ביי דער טיר פון ראַיאָנעם נ.ק.וו.ד. האָט ער זיך אָפּגעשטעלט, איבערגעכאַפּט דעם אָטעם. ר'האָט אָפּגעווישט דעם שווייס פון שטערן, צעקעמט מיט די פינגער די צעשויבערטע טשופּרינע און זיך צוגע־גרייט אריינצוגיין צום נאַטשאַלניק. ער האָט געהאַט אַ קליינע אַנ־טוישונג, דער נאַטשאַלניק איז צופעליק נישט געווען אַנוועזנדיק, ער איז אַוועקגעפאָרן אַמטלעך אין געגנט־צענטער.

סעמיאָנאָוויטש איז אריין אין קאַבינעט פון געהילפס־נאַטשאַלניק און דערציילט וועגן זיין אַנטדעקונג, וועגן דער געהיימער ראַדיאָ־סטאַנציע. דער געהילפס־נאַטשאַלניק איז אַזש אונטערגעשפּרונגען פון זיין אָרט פון איבערראַשונג. ער האָט געגעבן אַ קוועטש אויפן גלעקל און אין אויגנבליק האָבן זיך באַוויזן צוויי באַוואָפנטע סאָלדאַטן. ס'איז געגעבן געוואָרן אַ באַפעל:

— באַלד ברענגט אַהער פריימאַנען! ער זאָל אָנווייזן ווער ס'איז דער מאַיסעי, וואָס האָט די ראַדיאָסטאַנציע.

ס'האָט נישט לאַנג געדויערט און פריימאַן איז געוואָרן אַרעס־טירט און דערנאָך אויך משה שלאָמאָוויטש. די תפילין, ווי אַ זאַכ־לעכער באַווייז פון דער באַשולדיקונג זענען געוואָרן קאָנפיסקירט.

דער געהילפס־נאַטשאַלניק האָט געהאַט פיל אַרבעט: פּראַגע־בויגנס ביי דער אויספאָרשונג זענען געוואָרן אויסגעפּילט וועגן שפּיאָנאַזש, פאַרבינדונג מיטן קאַפּיטאַליסטישן פּוילן. ער האָט נאָר געפּאָדערט, אַז שלאַמאָוויטש און אויך פריימאַן זאָלן זיך מודה זיין וואָס פאַר אַ ידיעות זיי האָבן איבערגעגעבן דעם שונא? וואָס פאַראַ אינסטרוקציעס זיי האָבן באַקומען פון „דאָרטן"? ווער ס'האָט זיי געהאָלפן אין דער שפּיאָנאַזש־אַרבעט?

סיי פריימאַן, סיי שלאַמאָוויטש האָבן זיך אין גאָרנישט מודה געווען, נישט געקוקט אויף די דראַאונגען פון אויספאָרשער, דעם געהילפס־נאַטשאַלניק. זיי האָבן נאָר דערקלערט אויף זייער צעבראָכענעם רוסיש:

— מיר וויסן פון גאָרנישט, מיר זענען נישט קיין שפּיאָנען.

דער אויספאָרשער האָט אויפגעריסן די תפילין, ארויסגענומען פון דאָרטן די שטיקלעך פּאַרמעט, זיי געדרייט אין אַלע זייטן און זיך געוווּנדערט.

— „אַנטענאַ יעסט" (אַן אַנטענע איז דאָ), ער האָט דערביי אָנגעוויזן אויף די רציעות: „גדיע־זשע מאַכאַניזם אַד ראַדיאָסטאַנציי?" (ווו איז דער מעכאַניזם פון דער ראַדיאָסטאַנציע?) און ער האָט באַשלאָסן צו וואַרטן אויפן נאַטשאַלניק, יעפימענקאָ, וואָס דאַרף קומען פון געגנט־צענטער.

אין צווי טעג ארום איז דער נאַטשאַלניק צוריקגעקומען. אין ראַיאָנעם נ.ק.וו.ד. איז געוואָרן אַ גרויסע באַוועגונג: טירן האָבן געקלאַפּט, זיך אויפגעמאַכט און פאַרמאַכט. דער נאַטשאַלניק האָט געגעבן פאַראָרדענונגען און אָנגענומען באַריכטן. דער געהילפס־נאַטשאַלניק איז אַריין אין יעפימענקאָס קאַבינעט אַ צופרידענער, אַן אויפגעלייגטער. צוליב דער אַנטדעקטער ריאַדיאָסטאַנציע וועט אים זיכער דער נאַטשאַלניק לויבן און אפשר אויך באַלוינען? ער האָט באַריכטעט, אַז אין נאַטשאַלניקס אָפּוועזנהייט איז אַנטדעקט געוואָרן א געהיימע ראַדיאָ־סטאַנציע און ווי אַ זאַכלעכן באַוויז האָט ער אַוועקגעלייגט אויפן טיש די צעריסענע תפילין...

יעפינמענקאָ האָט מיט פאַרוווּנדערונג געקוקט א ווייל אויף זיין געהילף און דערנאָך אויף די תפילין און... אויסגעשאָטן מיט אַ הילכיק געלעכטער:

— „דוראַקי" (נאַראָנים), דאָס איז דאָך צום דאַווענען — האָט ער זיך געשטיקט אין געלעכטער און געפּאַטשט מיט די הענט. דאָס איז אַ ראַדיאָסטאַנציע?

יעפימענקאָ האָט אין זיין געבורט־שטעטל אין אוקראַינע, ווו ער

האָט געווינט צווישן יידן, נישט איינמאָל געזען יידן דאַווענען, לייגן תפילין.

— טרייבט אַרויס פון אַרעסט די יידעלעך! — איז געווען זיין באַפעל.

דער געהילפס־נאַטשאַלניק איז ארויס פון קאַבינעט אַ פאַרשעמ־טער מיט אַן אַראָפּגעלאָזענעם קאָפּ און אויסגעלאָזט זיין כעס צו איוואַן סעמיאָנאָוויטשן, דעם „אַנטדעקער" פון דער שלימזלדיקער ראַדיאָ־סטאַנציע.

לאַנג האָט מען נאָך געלאַכט און זיך געוויצלט אין אונדזער „פּאָשיאָלעק" פון דער טראַגי־קאָמישער געשיכטע מיטן נאָמען „ראַדיאָסטאַנציאַ דאַ באָגאַ"...

# די אָקסן אין גאָרקיך

ס'איז שוין באַלד אַדורך אַ יאָר, ווי איך בין אַלס פּליט פון פּוילן, אין סאָוויעט־רוסלאַנד. כ'האָב שוין פאַר דער צייט באַוויזן צו אַרבעטן אויף אַזוי פיל אַרבעטן וואָס איר ווילט נאָר. ס'איז לייכטער אויסצורעכענען די אַרבעטן, וואָס כ'האָב נישט געטאָן, ווי די אַרבעטן וואָס כ'האָב יאָ געטאָן.

כ'האָב געגראָבן ערד, געזעגט ביימער, געלאָדן משאות אויף וואַגאָנעס. ס'איז זייער שווער אַלץ אויסצורעכענען. מיט איין וואָרט כ'האָב אַלץ געטאָן, וואָס כ'בין געווען בכוח צו טאָן און אפילו וואָס כ'בין נישט געווען בכוח צו טאָן.

מ'האָט דען מיך געפרעגט? „זאַסטאַווילי"! מ'האָט דאָס פון מיר געפאָדערט, מיך געהייסן, כ'האָב געמוזט! מיינע פינגער מיט וועלכע כ'האָב אין פּוילן פאַרדינט מיין שטיקל ברויט, ביי שניידעריי, זענען געוואָרן פאַרהאַרטעוועט, אָנגעדראָלן ווי די קלעצלעך פון ווינט און קעלט און ס'איז מיר שוין געוואָרן שווער צו האַלטן די נאָדל אין האַנט, ווען ס'איז נייטיק געווען צו לייגן אַ לאַטע אויף מיינע הויזן.

ווען די געשיכטע מיט די אָקסן איז פאָרגעקומען, האָב איך געאַרבעט אויף אַ „בלאַטנאַיאַ ראַבאָטיאָנקע" (אַ לייכטע אַרבעט) — כ'בין געוואָרן אַן אָקסן־טרייבער. כדי צו באַקומען אָט די אַרבעט האָב איך געמוזט דעם בריגאַדיר פון דער וואַלד־פאַרגרייטונג „אונ־טערשמירן" — כ'האָב אים געמאַכט אַ פּאָר הויזן. וואָס טוט מען

דען נישט צוליב פּרנסה? בין איך געוואָרן אַן אָקסן־אַנטרייבער. מיינע צווי אָקסן און איך, זייער אַנטרייבער, האָבן געאַרבעט אין וואַלד. מיר האָבן געפירט אָפּגעזעגטע ביימער פון וואַלד אין שטעטל אריין, אַן ערך 5 קילאָמעטער צום טאַרטאַק. פון די ביימער האָט מען געזעגט ברעטער.

מיין אַרבעט איז נישט געווען קיין שווערע, פאַר דעם ווער ס׳קען דאָס. די ערשטע צייט, האָב איך זיך גוט אָנגעמאַטערט, ביז כ׳האָב זיך דאָס אויסגעלערנט, ביז כ׳האָב באַקומען די „רוסישע סמיקאַלקע״ (די רוסישע געניטקייט). דאָס איז אַ גאַנצע לערע, ווי אַזוי מ׳קען אַ שווערן, גראָבן בוים, וואָס ליגט אויף דער ערד אָנלאָדן אויף אַ וועגעלע, וואָס איז בערך אַ מעטער די הייך: טאַקע מיט דער הילף פון מיינע אָקסן שלעפּ איך דעם בוים אַרויף אויף אַ ספּעציעל געמאַכטער הויכקייט, דערנאָך גיב איך דעם שווערן בוים מיט אַ דרענגל אָדער אַ לאָם אַ שטוב אַראָפּ אויף מיין וועגעלע און ער איז שוין אָנגעלאָדן. מ׳דאַרף אים נאָר פאַרפעסטיקן, צובינדן. דאָס מוז מען זען, כדי דאָס צו פאַרשטיין. ס׳האָט גענומען נישט ווייניק צייט ביז כ׳האָב זיך דאָס אויסגעלערנט. איצטער בין איך שוין אַ גאַנצער ספּעציאַליסט אין מיין נייעם פאַך — אַ פאַרטיקער אָקסן־אַנטרייבער. אויס שניידער, ווי כ׳בין געווען אין פּוילן. כאָטש אַלס שניידער האָט מיך די נאָדל בעסער געפּאַלגט, ווי איצטער די אָקסן מיינע. זיי זענען זייער איינגעשפּאַרט, ווי אָקסן. זיי גייען זיך זייער וועג מיט זייער פּאַוואָליען גאַנג און עס העלפן גאָרנישט מיינע קאָמאַנדעס און געשרייען:

— צאָב־צעבע! — אויף דער אָקסישער שפּראַך הייסט עס: גיכער! גיכער! — אַז מ׳זאָגט אָקסן איז דאָך שוין פאַרשטענדלעך וואָס מ׳מיינט.

אין דעם טאָג, ווען ס׳איז פאָרגעקומען די געשעעניש, וואָס איז מיר אַזוי געבליבן אין זכרון מיט די אָקסן אין גאָרקיך, האָב איך, ווי אַלע פריערדיקע טעג געפירט ביימער פון וואַלד אין שטעטל אריין צום טאַרטאַק. ס׳איז גראָד דאַן געווען אַ שיינער האַרבסטיקער טאָג. דער פינף־קילאָמעטערדיקער שליאַך האָט זיך געצויגן גלייך פאַר מיינע אויגן, ווי אַ שוואַרצע שמוציקע סטענגע. די פעלדער ביי דער זייט פון וועג זענען שוין געווען נאַקעט, אויסגעטשאַן נאָכן אַראָפּגענומענעם גערעטעניש. ס׳האָט זיך פאַר מיר געשפּרייט אַן אומענדלעכע, ליידיקע אָפּגעשוירענע פלאַך פון ביידע זייטן וועג ביזן האָריזאָנט. דאָס רופט ארויס אַ גרויסע בענקשאַפט נאָך דעם נישט־לאַנג צוריק אַדורכגעלעבטן, נאָך מיין געבוירן־שטאָט זעשעלכאָוו. ס׳איז נאָך קיין יאָר אפילו, זינט כ׳בין פון דאָרטן אַוועק. כ׳האָב איבערגעלאָזט

מיין משפחה, חברים און פריינד און ס׳דוכט זיך מיר, אַז עס איז שוין אַדורך אַזויפיל צייט, ממש אַן אייביקייט... ס׳פּאַלט שוין צו דער אָוונט. כ׳מאַך שוין די לעצטע „יאַזדע״, כ׳פאָר שוין דאָס לעצטע מאָל פאַרן היינטיקן טאָג. ס׳נאָגט מיך שוין אונטערן לעפעלע, ס׳ווילט זיך שוין שטאַרק עסן. מיינע צווײ אָקסן, זענען, מסתמא, אויך הונגעריק, פונקט ווי איך, מיד. כ׳פאַרשטיי זיי זייער גוט, כ׳פיל זיי מיט, אַז זיי זענען ווי איך שטענדיק הונגעריק. זיי זוכן מיט זייערע גרויסע אָקסישע אויגן ביים ראַנד פון וועג, אויף די אויסגעליידיקטע פעלדער, אפשר וועלן זיי פאָרט געפונען עפּעס אַ קיי צו טאָן? זיי זענען דאָך אָקסן, זיי ווייסן נישט, נאָר איך וויס יאָ, אַז מ׳באַגנבעט זיי, אַז אַ טייל פון זייער היי־נאָרמע האָט צוגענומען פאַר זיין אייגענער קו דער פּי־ציכטלער סעטאַפּאַנאָוו.

מענטשן, אַז ס׳פעלט זיי צו עסן, קאָנען זיי זיך באַקלאָגן איינער פאַרן אַנדערן, נאָר דאָס טאָר מען דאָ אויך נישט טאָן, ווייל דאָס הייסט דאָך קאָנטער־רעוואָלוציע און פאַר דעם ווערט מען שטרענג באַשטראָפט, אָבער אָקסן קענען דאָך זיך נישט באַקלאָגן... אַ שטומע צונג...

כ׳האָב זיך שוין פאַר דער צייט אויסגעלערנט צו ווייסן, וואָס מ׳מעג רעדן, מיט וועמען מ׳מעג רעדן, נאָר בעסער איז אינגאַנצן צו שוויַגן... זיץ איך אויף מיין אָנגעלאָדענעם וועגעלע און פון צייט צו צייט טרייב איך אונטער מיינע אָקסן:

— צאָב־צעבע! צאָב־צעבע!

איך וויס, אַז זיי הערן מיך וויניק, לייגן נישט קיין אַכט אויף מיין אונטערטרייבן. זיי ווייסן זייער טעמפּאָ, די גיכקייט פון זייער טראָט. פון צייט צו צייט דרייט איינער פון די אָקסן אויס זיין גרויסן קאָפּ אויף צוריק, כאַפּט אַ בליק אויף מיר מיט זיינע רויט־לעך־פאַרלאָפענע אָקסישע אויגן, ווי ער וואָלט געזאָגט:

— וואָס שרייסטו, פרייער? כ׳גיי דאָך.

און אַז ס׳געפעלט זיי גאָר, די אָקסן, גיבן זיי זיך אַ שטעל אַוועק אין מיטן וועג און רירן זיך נישט פון אָרט. איך שריי:

— צאָב־צעבע! צאָב־צעבע! כ׳טרייב זיי, סטראַשע זיי מיט אַ שטעקעלע און זיי שטייען זיך ווי קיינמאָל גאָרנישט און טראַכטן זייער טראַכטעניש: צי לוינט זיך זיי צו שלעפּן דעם בוים ווייטער, צי נישט? ס׳העלפט גאָרנישט מיין שרייען און טרייבן. און פונקט אַזוי אומגעריכט, ווי זיי האָבן זיך אָפּגעשטעלט, אַזוי אומגעריכט רירן זיי זיך פון אָרט און גייען זיך ווייטער פאַמעלעך טראָט ביי טראָט.

מיר דערנענטערן זיך שוין צום שטעטל. כ׳זע שוין נאָענט די

„סטאַלאָווע" (גאָרקיך), ווו ס'גייען אריין און ארויס מיינע מיטאַר־בעטער, די וואַלד־אַרבעטער. ס'ווילט זיך מיר שטאַרק עסן. מיינע אָקסן ווילן דאָך, זיכער, אויך שטאַרק עסן און דאָך גייען זיי קיין קאַפּעטשקע נישט גיכער, נאָר ווי שטענדיק טראָט ביי טראָט. כ'וויל שוין וואָס גיכער ענדיקן מיין אַרבעטס־טאָג. כ'פיל שוין, אין גע־דאַנק די הנאה, ווי כ'וועל זיך נאָך דער אַרבעט אַרומוואַשן, אָפּעסן אין דער „סטאַלאָווע", זיך אָפּרוען פון שווערן טאָג אַרבעט.

וועגן וואָס אַ שטייגער טראַכטן מיינע אָקסן? אויך, מסתמא, וועגן אָפּעסן, זיך אָפּרוען, וואָס? זייער נשמה איז אַ ראַזשינקע?

מיר געפינען זיך שוין נעבן דער „סטאַלאָווע". איינגעאָנצן אָן שום קאָמאַנדע, נישט פרעגנדיק ביי מיר האָבן זיי זיך אָפּגעשטעלט. כ'בין שוין געוווינט דערצו. זיי זענען דאָך איינגעשפּאַרטע אָקסן, ביקעס.

כ'קריך אַראָפּ פון מיין גראָבן קלאָץ־בוים און שריי אויף זיי:

— צאָב־צעבע! צאָב־צעבע!

אַ נעכטיקער טאָג, זיי רירן זיך נישט פון אָרט.

פון דער אָפענער גאָרקיך גייען אַרבעטער ארויס און אריין. ס'טראָגט זיך פון דאָרטן אַ שטאַרקער, געשמאַקער ריח פון „קאַ־פושניאַק" (קרויט־זופּ), עפּעס אַ געמיש פון קרויט, ציבל און אַנדערע גוטע זאַכן. מיינע אָקסן ציען מיט די נאָזלעכער, שאָקלען מיט זייערע גרויסע קעפּ און די רויט־פאַרלאָפענע אויגן גלאָנצן ביי זיי, ווי ביי שיכורים, ווען זיי דערפילן בראָנפן. זיי שטייען אָבער, ווי צוגע־שמידטע, זיי רירן זיך נישט פון אָרט.

כ'בין אומבאַהאָלפן און שריי אויף זיי מיט מיין גאַנצער שטרענגקייט:

— צאָב־צעבע! צאָב־צעבע! — עס העלפט נישט. זיי רירן זיך נישט.

נאָר פלוצלינג, איינגעאָנצן אומגעריכט, ווי זייער שטייגער איז, האָבן זיי זיך געגעבן אַ ריר פון אָרט. ניין, נישט פאַמעלעך, ווי ס'איז זייער אָקסישע געוווינהייט. נאָר זיך געגעבן אַ ריס פון אָרט גלייך צו דער טיר פון דער „סטאַלאָווע". מיט זייער גאַנצער אָקסישער קראַפט האָבן זיי צעלייגט די טיר מיט דער פאָדערשטער הילצערנער וואַנט און געשפּאַנט ווייטער אויפן געשמאַקן קרויט־ריח פון „קאַ־פושניאַק". זיי האָבן צעלייגט אין זייער גאַנג דאָס קיך־וועגטל און געבליבן שטיין נעבן קרויט. רואיק, געלאַסן, באַזאַכט, ווי ס'וואָלט געווען איינגעאָנצן אַ נאָרמאַלע טאָג־טעגלעכע זאַך. האָבן ביידע אָקסן מיינע גענומען עסן די הייפּטלעך קרויט אין קיך. אין דער „סטאַ־לאָווע" איז געוואָרן אַ בהלה, אַ לויפעריי: דער אָנפירער פון דער גאָרקיך האָט באַלד אָנגענומען מיטלען, ער איז געלאָפן בעטן די אַר־

בעטער צו העלפֿן ארויספירן די נישט געבעטענע געסט, די אָקסן, פון קיך. און זיי, די אָקסן, שטייען זיך רואיק און עסן, פּאַרטיליקן איין הייפטל קרויט נאָכן אַנדערן, ווי דאָס וואָלט געווען ספּעציעל פאַר זיי צוגעגרייט, ווי דאָס וואָלט נאָר אויף זיי געוואַרט.

פּיל מי און כוח האָט געקאָסט אַ גרויסע צאָל אַרבעטער ארויס־צופירן די נישט־געבעטענע געסט, די אָקסן, פון דער קיך. מ׳האָט זיי געמוזט אויסשפּאַנען פון דער יאַרמאַ (אַ ספּעציעלער אָקסן־געשפּאַן), דעם שווערן בוים האָט מען געמוזט מיט אַ שטריק, מיט אַ גרויסע צאָל מענטשן ארויסשלעפּן פון דער קיך, דערנאָך אים ארויפלאָדע־נען אויפן וועגעלע, און צוריק איינשפּאַנען די אָקסן.

רואיק, ווי ס׳וואָלט גאָרנישט געשען, ווי זיי וואָלטן גאָרנישט צעבראָכן קיין שום „סטאָלאָווע"־ווענט און זיך נישט אריינגעריסן אין דער קיך, האָבן מיינע אָקסן ווידער געשלעפּט דעם בוים צום טאַרטאַק.

— גליקלעכע אָקסן, וואָלטן מענטש אַזעלכעס געטאָן, וואָלט זיי גאָרנישט געווען וואָס מקנא צו זיין. זיי וואָלטן שוין געוואָרן איינגע־זעצט אין תפיסה אויף לאַנגע יאָרן...

צומאָרגנס האָבן סטאָלאַרעס געהאַט אַרבעט צו פאַרריכטן די „סטאָלאָווע"־ווענט. דער „זאַוויעדושטשי" האָט געשריבן מעטערדיקע אַקטן וויפל קרויט די אָקסן האָבן אויפגעגעסן, קאַליע געמאַכט, פאַר־גרעסערנדיק דעם פאַקטישן שאָדן אויף עטלעכע מאָל, כדי דאָס איבעריקע צו „פאַרציקערן", דערפון „אָפּצולעקן אַ ביינדל".

אין די קומענדיקע טעג האָט זיך באַוויזן אויפן שוואַרצן מאַרק קרויט. מ׳האָט עס געקענט קריגן באַהאַלטענערהייט פאַר הויכע פרייזן...

## ווי נעמט מען אַ לעפל?

דער פּליטים־שטראָם אין 1939 האָט מיך פאַרטראָגן, דורך דער גרענעץ, אַלץ ווייטער און ווייטער פון דער דייטשישער פּעסט אַזש קיין סאָוויעט־רוסלאַנד. כ׳בין געקומען אין גאָר אַן אַנדער לאַנד, ווי פּוילן, מיט גאָר אַנדערע מנהגים און פירעכצן, מיט לחלוטין נייע פּראָבלעמען און זאָרגן. די ערשטע און גרעסטע זאָרג איז געווען — קריגן אַ שטיקל ברויט. און דאָס האָט מיך געיאָגט צו פאָרן פון אָרט צו אָרט. אין סאָוויעט־רוסלאַנד איז נאָך דאַן קיין מלחמה נישט גע־ווען, אָבער די וואָקזאַלן זענען געווען פאַרפולט מיט פּליטים. מאַסן מענטשן האָבן געוואַרט אויף צוגן. אומעטום — אַ שטופּעניש, אַ גע־

דראַנג, אַ טומל און געפּילדער. די דילן אין די גרויסע וואָקזאַל־האַלעס זענען געווען געדיכט באַלייגט מיט מענטשן; יונג, אַלט און קינדער, מיט זייערע אויסגעפּאַקטע וואַליזעס מיט קאַצן, קישנס, און מען טרינקט פון עמערדיקע טשייניקעס „קיפּיאַטאָק" (געקאָכטע וואַסער), ווי זיי וואָלטן זיך געקליבן ווער ווייסט ווי לאַנג דאָ צו פּראָווען זייער וואָקזאַל־לעבן. פאַרן אָנקומען פון צוג פאַרפּאַקט מען זיך גיך אין וועג אַריין; איך און מיין פרוי — מיט זיי.

יונג זענען מיר געווען — אָקאָרשט נאָך דער חתונה — און אַזוי האָבן מיר געפּראָוועט אונדזער האָניק־חודש. מיר האָבן אויך מיטגעמאַכט דאָס רוישיקע וואָקזאַל־לעבן, געוואַרט אויף די שטענדיק־פאַרשפּעטיקטע צוגן. מיר זענען געפאָרן פון אָרט צו אָרט צו געפינען אַ בעסערן פּלאַץ, ווו מ'קען בעסער פאַרדינען און קריגן אָפּצועסן.

שוין אַ גאַנצן טאָג זענען מיר היינט געווען אויף דעם וואָקזאַל; שוין עטלעכע מאָל באַוויזן צו טרינקען „קיפּיאַטאָק", אַ שטיקל ברויט האָבן מיר נאָך געהאַט — נעכטן האָב איך פאַרקויפט אַ סוועטער פאַר אַ קילאָ ברויט. די שטרעבונג אונדזערע איז געווען... אַ ביסל געקעכטס. שוין עטלעכע טעג קיין לעפל זופּ נישט געגעסן. ווי דער אָרום — די וואָקזאַל־לופט — וואָלט פאַרשטאַנען מיין ווילן, מיינע געדאַנקען, איז אַדורך אַ געמורמל פון אויער צו אויער, אַ גערויש אין דער אַזוי אויך רוישיקער וואָקזאַל־האַלע:

— „סופּו דאַיוט, בעז קאַרטאָטשעק, פּאָ קאָמערטשעסקאַי צעניע" (מ'פאַרקויפט זופּ אָן קאַרטן אויף פרייע פּרייזן).

כ'האָב גיך געכאַפּט מיין בייטעלע מיט די פּאָר גראָשן און אַוועק מיטן מענטשן־שטראָם אַהין אין גליקלעכן אָרט, ווו „סופּו דאַיוט", אין גאַרקיך. כ'האָב נאָך באַוויזן מיין פרוי צוצוואַרפן אין גאַייל:

— באַלד קום איך צוריק.

כ'האָב מיטגענומען דעם „קאָטיעלאָק" (קעסעלע), אויך פאַר איר צו ברענגען אַ ביסל געקעכטס...

אַלע לויפן, איך מיט זיי; אַלע שטופּן זיך — איך אויך.

פאַר דער טיר פון דער גאַרקיך איז א בהלה, אַ געדראַנג און די מענטשן־מאַסע האָט מיך פּשוט אַריינגעטראָגן אין „סטאָלאָווע". דער עס־זאַל איז פול מיט מענטשן. די רייע ביים פענצטערל, ווו מען פאַרקויפט טאַלאָנען אויף די מיטאָגן „פּאָ קאָמערטשעסקאַי צעניע" איז אַ ריזיקע. די מענטשן־ריי קרייזט עטלעכע מאָל אַרום דעם גרויסן גאַרקיך־זאַל. איך זע, אַז עס וועט עס דאַרפן דויערן נישט ווייניקער פון 2 שעה ביז כ'וועל זיך דערשלאָגן צום פענצטערל צו קויפן

אַ טאַלאַן אויף מיטאָג. און אפשר וועט גאַרנישט קלעקן קיין זופּן פאַר אַזויפיל מענטשן?

אין אַ האַלבער שעה אַרום דאַרף אָנקומען אונדזער צוג לויטן רייזע־פּלאַן. אמת, די צוגן פאַרשפּעטיקן אָפט, אָבער אויף דעם קען מען נישט אויסרעכענען. וואָס וועט טאָן מיין פרוי אָן מיר, ווען דער צוג וועט קומען? און אַז מיר וועלן היינט פאַרשפּעטיקן דעם צוג און נישט פאָרן,־וועלן מיר זיך מוזן וואַלגערן אויפן וואָקזאַל נאָך אַ מעת־לעת. מיין פרוי וועט נישט פאַרשטיין וואָס מיט מיר איז געשען? פאַרוואָס איך קום נישט צוריק אַזוי לאַנג? זאָל זי לויפן מיך זוכן? קען זי דאָך נישט לאָזן די זאַכן, דאָס ביסל אָרעמקייט אָן אויפזיכט? איך קאָן נישט, כ׳טאָר נישט שטעלן זיך אין דער לאַנגער ריי נאָך זופּ... אָט די געדאַנקען האָבן געעקבערט מיין מוח. כ׳בין געקומען צום באַשלוס, אַז כ׳מוז רעזיגנירן פונעם גליק, פונעם הייסן געקעכטס, כאָטש דאָס ווילט זיך מיר אַזוי שטאַרק.

ביי דער אריינגאַנגס־טיר פון דער גאַרקיך איז, דערווייל, גע־וואָרן ליידיק, קיין שום געדראַנג. ווער ס׳האָט געוואָלט זופּ, איז שוין אינעווייניק און מער לאָזט מען נישט אריין. די גליקלעכע מיט די שיסעלעך און קעסעלעך זופּ, אָדער זיי זיצן ביי די טישן, אָדער זיי שעפּן מיט די לעפל שטייענדיקערהייט די געשמאַקע פליסיקייט. איך קוק אויף זיי מיט פאַרדרוס און קנאה, ווי זיי וואָלטן געווען די שולדיקע וואָס איך בלייב אַ הונגעריקער, וואָס איך מוז אַוועקגיין אָן זופּ...

מיט אַ שווער האַרץ און אַ לייכט, ליידיק קעסעלע אין דער האַנט, ווי עפּעס אַן איבעריקע זאַך, לאָז איך זיך צו דער טיר און וויל אַרויסגיין.

— „דאַוואַי לאָזשקו!״ (גיב דעם לעפל!) — גיט מיך אַ כאַפּ ביי דער האַנט דער דיזשורנער (אויפזעער) ביי דער טיר. כ׳האָב מיינעם אַ האַלצענעם לעפל. ער פאָדערט אָבער אַ גאַרקיך־לעפל, אַן אַלומינענעם...

כ׳בין אַריין אין גאַרקיך מיטן מענטשן־שטראָם, וואָס האָט מיך ממש אַריינגעטראָגן און כ׳האָב גאַרנישט געזען, נישט באַמערקט, אַז ביי דער טיר שטייט אַ דיזשורנער מיט אַ קליין פּאַפּיר־קעסטעלע און גיט יעדן אַריינגייענדיקן אַן אַלומינענעם לעפל און דער אַרויסגייענ־דיקער מוז צוריקגעבן דעם לעפל דעם דיזשורנעם. דער מענטשן־גע־דראַנג האָט מיך אַריינגעטראָגן און כ׳האָב נישט באַקומען קיין לעפל. כ׳באַמי זיך, מיט מיין צעבראָכענעם רוסיש, אים דערקלערן, אַז כ׳האָב נישט באַקומען קיין לעפל. אַז כ׳האָב נישט געוווּסט, אַז דאָ איז אַזאַ

„פּאַריאַדעק" (אָרדענונג). ער הערט מיך נישט און וויל מיך נישט פאַרשטיין. ער וויסט נאָר איין זאַך:

— „דאַוואַי לאָזשקו!"

צוליב דעם שטייט ער דאָך ביי דער טיר צו היטן די לעפל, זיי זאָלן נישט פאַרפאַלן ווערן און אויך צו היטן די אָרדענונג. ער איז אויך דאָ אַ „וויקידיילאַ" (ווער ס'שטערט די אָרדענונג, וואַרפט ער אַרויס). ס'איז גאָר נישט דאָ וואָס מקנא צו זיין יענעם, ווער ס'פאַלט אין זיינע הענט אריין — א הויכער, ברייטפּלייציקער, פעס־טער חברהמאַן מיט אַקוראַט צוגעשוירענע געדיכטע וואָנצעס. זיינע אַביסל תם'וואַטע אויגן קוקן אויף מיר דורכדרינגלעך, אַרויסרו־פעריש און מיט דעם ענטפערט ער אויף אַלע מיינע דערקלערונגען:

— „זנאַיעם עטי שטוטשקי!" (מיר קענען די קונצן!) „דאַוואַי לאָזשקו!"

כ'בין אין קלעם, אין געפאַנגעניש; דאָרטן וואַרט אויף מיר מיין פרוי מיט אומגעדולד. באַלד, לויטן רייזע־פּלאַן, דאַרף אָנקומען דער צוג און איך קען נישט אַרויס פון דאַנען צוליב אַ לעפל . . .

כ'קוק זיך אַרום, ווי איך וואָלט געזוכט הילף. וואָס טוט מען? ווי אַזוי קריגט מען אַ לעפל? כ'וואָלט געקויפט פאַר מיין לעצטן געלט אַ לעפל, איז נישטאָ ווו צו קריגן. אפשר פאַרלייגן דעם דיזשורנעם געלט, לאַפּוועקע, ווי דאָ פירט זיך, ער זאָל מיך אַרויסלאָזן? כ'זע אָבער לויט אים, לויט זיין שטרענגקייט און זיינע וואָנצעס, אַז ער איז פון דעם סאָרט „סלוזשאַקעס" (געטרייע דינערס), פון די אוקראַי־נישע „סלוזשאַקעס", וואָס שטייען האַרט אויף זייערס און מיט קיין זאַך און מיט קיין געלט וועסטו זיי נישט אונטערקויפן. דערצו נאָך פאַרשטייט ער שלעכט מיין צעבראָכענעם רוסיש. ער, דער דיזשורנער, מוז דאָך נאָך דער אַרבעט צושטעלן די געהעריקע צאָל לעפל, כאָטש ס'זאָל דונערן און בליצן. אויב נישט, וועט ער מוזן באַצאָלן פאַר דער „ראַסטראַטע" (פאַר די פאַרפאַלענע לעפל) צענפאַכיק און ער קאָן נאָך פאַרלירן זיין גוטן פּאָסטן. די אַרבעט אַלס דיזשורנער איז דאָך אַ זעלטן גוטע, פיל מענטשן וואָלטן זיך געוווּנטשן אַזאַ אַרבעט: אין דער וואַרעם, נישט שווער, דערצו זאַט. זופּ קענסטו עסן וויפל נאָר דו ווילסט. מ'מוז היטן אַזאַ טייערן פּאָסטן! און דער־אָ, דער זשיד אָדער דער פּאָלאַק, וויל אים פאַררעדן די ציין און נישט אָפּגעבן דעם לעפל...

— „דאַוואַי לאָזשקו! אילי פּאַזאָווו מיליציאָנעראַ"! (גיב דעם לעפל, אײדער איך רוף אַ מיליציאָנט).

גיך גיי איך אָוועק פון דער טיר, פון דיזשורנעם. כ'וויל אים מער נישט דערקלערן, אויפקלערן; כ'וויל מיט אים מער נישט רעדן

צוליב מיין שלעכטן רוסיש־רעדן. ער קען טאַקע באַלד רופן אַ מיליציאָנער און מ׳קען מיך אַוועקפירן אין פּאָליציי־צירקל. נאָך דאָס פעלט מיר, אַריינצופאַלן אין „זייערע״ לאַפּעס. ס׳איז שלעכט, כ׳מוז געפינען עפּעס אַן אויסוועג. אַ פאַרלוירענער קוק איך זיך נאָך אַמאָל אַרום. איך קוק אויף די טישן, אויף די זיצנדיקע אַרום די טישן, אויף די גליקלעכע, וואָס האָבן לעפּל.

כ׳האָב שוין אינגאַנצן פאַרגעסן, אַז כ׳בין געקומען אַהער נאָך זופּ, און קוקנדיק אויף די עסנדיקע קומט מיר די סלינקע אין מויל אַריין. ס׳מאַטערט מיך איין געדאַנק: ווי אַזוי קען איך קריגן אַ לעפּל, כ׳זאָל זיך קענען אַרויסקריגן פון דעם קלעם, פון דער גאַרקיך־תּפיסה, אין וועלכער כ׳בין אַליין אַריין און נאָר אַ לעפּל, אַ פּשוטער אַלומיניום־לעפּל קען מיך באַפרייען...

מיין צעשטרייטער בליק פאַלט אויף אַ יונג פּאָרל ביים טיש. זיי זענען שטאַרק פאַרנומען אין אַ שמועס.

דער יינגל, בערך 17־18 יאָר אַלט, רעדט צום מיידל אַזוי ערנסט, מיט אַזוי פיל האַרץ און זיינע אויגן קוקן אויף איר פּאַרליבט.

דאָס מיידל האַלט פאַרשעמט אַראָפּגעלאָזט דעם קאָפּ, די באַקן לייכט פאַררויטלט און אויף אירע ליפּן שוועבט אַ לייכט גליקלעך שמייכעלע. נעבן זיי שטייט אַ ליידיק שיסעלע און אינעווייניק ליגט אַ לעפּל. דער באַשלוס איז געקומען ראַפּטאָם: כ׳מוז גנבענען אָט דעם לעפּל!

זיי, דאָס יונגע פּאָרל, זעען נישט דעם אַרום. זיי טראַכטן וועגן גאָר אַנדערע זאַכן, זיכער וועגן ליבע... זיי קוקן אינגאַנצן נישט אויפן לעפּל. און ער, דער לעפּל, וואָס ליגט זיך אַזוי אומשולדיק אינעם שיסעלע, קען מיך ראַטעווען. ס׳איז מיר אומגעהויער שווער דאָס אַדורכצופירן, כ׳האָב קיינמאָל אין מיין לעבן נישט געגנבעט; כ׳קען נישט די מלאכה; כ׳האָב אָבער נישט קיין אַנדערע ברירה, קיין אויסוועג.

כ׳מוז, כ׳מוז באַקומען אַ לעפּל!

און דעם לעפּל נעבן דעם יונגן פּאָרל איז דאָך אַזוי לייכט צו באַקומען. ער בעט זיך ממש ביי מיר:

— נעם מיך, וועסטו זיין פריי, וועסט קענען אַרויסגיין פון דאַנען, קיינער היט מיך נישט!

איך גיי צו נעענטער צום טיש, וווּ עס זיצט דאָס יונגע פּאָרל. כ׳דריי זיך עטלעכע מאָל נעבן זיי; זיי באַמערקן מיך נישט און זענען ווייטער פאַרנומען מיט זייער געשפּרעך. איך דריי זיך אויס צו אַן אַנדער טיש, מיט די הענט הינטער דער פּלייצע. זיי, די הענט מיינע, שאַרן זיך פּאַמעלעך אַלץ נעענטער און נעענטער צום שיסעלע, — אַלץ

נענטער צום לעפל. די מעטאַלענע קאַלטקייט פון לעפל האָט שוין אַ ברי געגעבן מיינע הייסע, דענערווירטע פינגער — אין מיין האַנט איז שוין דאָ דער לעפל!

איך כאַפּ נאָך, הינטערווילעכטס, אַ בליק אויף דעם פּאַרל...

— זיי האָבן גאָרנישט באַמערקט.

מיט כלומרשט זיכערע טריט גיי איך צו דער טיר. כ׳דערלאַנג דעם דיזשורנעם דעם לעפל. ער דערקענט מיך גלייך, אַז איך בין דאָס יענער, וואָס האָט געוואָלט אַרויסגיין אָן אַ לעפל, און ער זאָגט צו מיר מיט טריאומף:

— „כאַטיעל אוקראַסט לאָזשקו! ניע פּראַשלאָ? (האָסט געוואָלט גנבענען אַ לעפל, ס׳האָט זיך דיר נישט איינגעגעבן?) ער האָט גאָר־נישט פאַרשטאַנען; און נישט געוווסט, אַז איך האָב טאַקע יאָ געגנבעט אַ לעפל.

...אַ דערשוויצטער, מיט געוויסנביסן פאַר דער אַדורכגעפיר־טער גנבה פון אַזאַ אומשולדיקע זאַך ווי אַ לעפל, בין איך געלאָפן אין איין אָטעם צום וואָקזאַל, צו מיין וואַרטנדיקע פרוי.

אין דער האַנט האָט זיך ביי מיר געבאָמבלט דאָס ליידיקע זופּ־קעסעלע...

